# אינהאַלט:

## ערשטער טייל

## מײַן געבורט־שטאָט.



## צווייטער טייל

## קינדהייט און יוגנט.

# הקדמה.

מיין לעבנס=וועג, וואָס ציט זיך כמעט זיבעציק יאָר, האָב איך דורכגעמאַכט אין יענער עפּאָכע פון דער יידישער געשיכטע, וועלכע מ׳קאָן אָנרופן שטורם= און דראַנג=עפּאָכע אין לעבן פון רוסישן יידנטום. אויפכאַפּנדיק זיך ווי אַ לעגענ=דאַרער העלד פון זיין לאַנגן, טיפן שלאָף, האָט זיך דאָס יידנטום א נעם געטאָן צו דער אַרבעט מיט פארצענפאכטע כוחות, כדי אָנצויאָגן דאָס, וואָס ס׳האָט פאַרשפּעטיקט פאַר דער צייט פון זיין הונדערטיאָריקער לעטאַרגיע. און אָנגעהויבן האָט זיך אַ קאַמף אַ שווערער, אַ פאַרביטערטער, אָנפאַנגס אַן אינערלעכער — פאַר ליכט, פאַרן אמת און פאַר (וויסנשאַפט) בילדונג, און שפּע=טער אויך אַן אויסערלעכער — פאַר מענטשלעכע און נאַציאָנאַלע רעכט. דערדאָזיקער קאַמף איז נאָך לאַנג נישט געענדיקט, די ענד=ציִלן זיינען נאָך לאַנג נישט דערגרייכט, אָבער דאָס פאָלק האָט געאַרבעט, געקעמפט און דערמיט באַוויזן, אַז עס לעבט און האָט דעם פעסטן ווילן ווייטער צו לעבן. זיינע ליידן האָבן זיך נישט פאַרקלענערט און אפשר זיך גאָר פאַרגרעסערט און טאַקע דערפאַר, וואָס עס האָט אויפגעהערט צו זיין אַ מומיע און, אַלס לעבעדיקער אָרגאַניזם, האָט עס אָנגעהויבן צו רעאַגירן אויף די באַליידיקונגען און אויפן דרוק. דער חשבון, וועלכן ער האָט דערלאַנגט דער אַרומיקער סביבה, איז נאָך נישט רעגולירט, אָבער דידאָזיקע סביבה ווייס שוין, אַז מ׳דאַרף זיך מיט אים רעכענען.

דערדאָזיקער קאַמף האָט זיך געפירט לויט די ווערטער פון נביא „לא בכח ולא בחיל, כי אם ברוח“. „נישט מיטן כוח און נישט מיט דער מאַכט, נאָר מיטן גייסט“. דער יידישער רענע־סאַנס איז געווען די פרוכט פון בוך, אַ הייפל מענטשן, נישט קיין גאונישע, אָבער שאַרפע מוחות, צעזייט און צעשפּרייט איבער גאַנץ רוסלאַנד, איז געלונגען דורך וואָרט און שריפט אַרויסצורופן אַן איבערקערעניש אין דער וועלטאָנשויאונג און אין לעבן פון רוסישן יידנטום. אונזערע איצטיקע דעקא־דענטן און מאָדערניסטן, וועלכע קוקן מיט אַזאַ פאַראַכטונג אויף די ליטעראַרישע ווערק פון דער „השכלה“־עפּאָכע; אונזערע ציוניסטן, טעריטאָריאַליסטן און אַלע אונזערע איבעריקע „איסטן“ — און זייער נאָמען איז דאָך אַ לעגיאָן — וועלכע בייטן זיך איינער נאָכן אַנדערן, ווי אין אַ קאַליידעסקאָפּ, און האָבן פיינט איינער דעם צווייטן תכלית שנאה, זענען אַלע מסכים אין איי פּונקט: אין זייער גרינגשעצנדיקער באַציונג צו די ערשטע פּיאָנערן פון אונזער בילדונג. קיינער פון זיי ווייס נישט אָדער וויל נישט וויסן, מיט וואָס פאַר אַ שטאַרקער ליבע צו בילדונג, צום אמת און צו שיינקייט, מיט וואָס פאַר אַ פעסטן גלויבן אין דער הייליקייט און אין זיכערן ערפאָלג פון זייער זאַך האָבן געמוזט זיין דורכגעדרונגען די־דאָזיקע שוואַכע דאָן־קיכאָטן אין קאַמף קעגן דער פיינטלעכער מאַסע, קעגן די פאַרהייליקטע טראַ־דיציעס, אין קאַמף פאַר זייער אידעאַל, פאַר זייער שיינער דולצינעאַ „די השכלה“.

אמת, דאָס געווער, מיט וועלכן יענע איידלמוטיקע ריטער זיינען אַרויסגעטרעטן אין קאַמף, איז געווען זייער נישט פאַרפאָלקאָמט אין פאַרגלייך מיט די איצטיקע ביקסן, אָבער דאָס מאַכט טאַקע נאָך מער ערע זייער העלדישקייט און זייער פעאיקייט צו טרעפן אין ציל. פון דער אַנדערער זייט באַווייזט זייער ערפאָלג, אַז דעם יידנס פאַרשטאַנד קאָן באַנעמען, זיין נאַטור ווייס פון איבערגעגוונגען און דאָרט, וואו כדי צו ווירקן אויף אַנדערע, זענען

פזיטיק שימאָזן און קרופס געווער, איז פאַרן יידן גענוג דאָן־קיכאָטס פאַראָכטעטער ביקס. ווי די מעשה זאָל נישט זיין, אָבער די ערשטע „משכילים" האָט זיך פאָרט איינגעגעבן דורכ־צוברעכן די כינעזישע וואַנט, וועלכע האָט אַרומגערינגלט דאָס יידישע געטאָ, דערנענטערן זייערע ברידער צו דער אייראָפּייאי־שער קולטור, עפענען פאַר זיי נייע האָריזאָנטן, שאַפן ניי־יידישע ליטעראַטור און אַ יידישע געזעלשאַפטלעכע מיינונג־מיט וועלכע ס'האָבן זיך אַזוי ברייט באַנוצט און באַנוצן זיך נאָך עד היום זייערע איצטיקע אַנטאָגאָניסטן.

די בעסטע יאָרן פון מיין לעבן פאַלן צוזאַמען מיט דעם „השכלה"־פּעריאָד (1840–1880). גאַנץ פרי האָב איך זיך גע־שטעלט אין די רייען פון אירע קעמפּער און, וויפיל איך האָב נאָר געקאָנט, זיך באַטייליקט אין זייער אַרבעט.

איידער איך וועל אָנהויבן די זכרונות פון מיין פּערזענלעכן לעבן, האַלט איך נישט פאַר איבעריק אָנצוהויבן מיט אַ שילדע־רונג פון מיין געבורטס־שטאָט און פון דער סביבה, אין וועל־כער איך האָב פאַרבראַכט מיינע יונגע יאָרן, כדי צו געבן אַ באַגריף אונזערע אייניקלעך מכח דעם, וויאַזוי ס'האָבן געלעבט זייערע אבות אין דער צייט פון פאַר די רעפאָרמען און צוגלייך אויך וועגן דעם, אין וואָס פאַר אַ סביבה און ביי וועלכע באַדינ־גונגען ס'איז אויסגעקומען צו אַרבעטן און צו ווירקן די ערשטע פּיאָנערן פון דער יידישער בילדונג.

---

# ערשטער טייל.

## מיין געבורטס־שטאָט.

### I.

### דער היסטאָרישער עבר פֿון דער שטאָט און איר געאָגראַפישע לאַגע. די באַפעלקערונגס־גרופן און זייער באַשעפטיקונג.

איך ווייס נישט, צי האָט אמיצער פון מיינע לעזער ווען ס'איז געזען מיין ליבע געבורטס־שטאָט קאפוליע, צי האָט ער געהערט פון איר עקזיסטענץ. אָבער יענע, וועלכע האָבן זי געזען, וועלן קוים גלויבן, אַז דאָסדאָזיקע קליינע, אָרעמע, נישטיקע שטעטל האָט הינטער זיך אַ גרויסע פאַרגאַנגענהייט, אַז זי איז נאָך אין 17־טן יאָרהונדערט געוואָרן די הויפטשטאָט פון די ליטווישע פירשטן לעלעוויק, פון דער משפחה אַלגערד. און דאָס איז אָן שום ספק אַ היסטאָרישער פאַקט.

נאָך ביז היינטיקן טאָג הויבט אויף שטאָלץ זיין קאָפּ, גאַנץ נאָענט פון שטעטל, אַ הויכער קיילעכיקער באַרג, אַרומגערינגלט אונטן מיט אַ גראָבן און אַ וואַל, וואָס רופט זיך „דער שלאָס", אויף וועלכן ס'זעען זיך די חורבות פון אַ מיטלאַלטערישן ריטער־פּאַלאַץ — די שטומע עדות פון געפאַלענער גרויסקייט. נישט דאָ איז דער אָרט צו שילדערן די היסטאָרישע געשעענישן, וועלכע

האָבן געפירט צום אינטערגאַנג פון קאפוליע. ס'איז גענוג צו קאָנסטאַטירן יענעם טרויעריקן פאַקט, אַז פון זיין העכסטער מדרגה, פון אַ וואוינאָרט פאַר גייסטלעכע, פון אַ פירשטלעכער רעזידענץ איז עס געפאַלן עד שאול תחתיה — און האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ קליין שטעטל, וואו די העכסטע מאַכט איז געווען דער אַסעסאָר. דער שכנישער שלאָס=באַרג, וואָס אין די גוטע אַלטע צייטן האָט דאָס לעבן געקאָכט אויף אים, די תאוות האָבן געפלאַקערט, איז איצט געוואָרן אַ שפּיל=פּלאַץ פאַר די חדר=יינגלעך אין די שבתדיקע טעג. sic transit gloria mundi דאָס איז דער סוף פון ערדישן גליק, הבל הבלים.

אין אַזאַ מצב האָב איך געפונען קאפוליע אין יאָר 1840, בעת איך האָב געהאַט דאָס גליק צו דערזען דאָרט די ליכטיקע וועלט. איך ווייס נישט, צי איז זי אין אירע גליקלעכע צייטן געווען געבויט פון מאַרמאָר, אָבער איך האָב זי געפונען אַ הילצערנע, געדעקט מיט שטרוי אָדער מיט אַלטע שינדלען, באַצויגן מיט גרינעם מאָך. ווי אַ זקן, וואָס האַלט זיך שוין קוים אויף די פיס, האָט קאַפוליע תחילת געמאַכט אויף מיר אַ טרויעריקן איינדרוק, אָבער מיט דער צייט האָב איך זיך צו איר צוגעוויינט, און נישט בלויז צוגעוויינט, נאָר ממש ליב געקראָגן, אַ דאַנק מיין אָנגעבאָרענעם עסטעטישן חוש, פאַר איר הויכן באַרג, פאַר די שיינע לאַנדשאַפטן, פאַר די זאַפטיקע פעלדער, פאַרביקע לאָנקעס און באַוועלדערטע בערגלעך.

ווענגן די קאַפּוליער יידן, קאָן מען זאָגן, אַז הגם זיי זיינען געווען צו ערנסטע מענטשן, אַז זיי זאָלן זיך קוויקן מיט דער שיינקייט פון דער נאַטור, דאָך אָבער האָבן זיי שטאַרק ליב געהאַט זייער שטעטל, גלויבנדיק, אַז די שיינע פרייע ברייטע פעלדער פאַרמאָגן אין זיך אַ שטאַרקע היילונגס=קראַפט. זיי פלעגן דערציילן, אַז קאַפּוליע האָט קיינמאָל נישט געוואוסט פון קיין עפּידעמישער קראַנקהייט. און אפילו אין יאָר 1836, בעת אַרום האָט געווילדעוועט די מגפה (כאָלערע), איז קאַפּוליע פון איר נצול געוואָרן. די קאַפּוליער זיינען בכלל געווען גרויסע אָפּטימיסטן, זיי האָבן געהאַלטן, אַז זיי זיינען גאַראַנטירט נישט

בלויז פון אַלע עפּידעמישע מחלות, נאָר אויך פון שרפות דורך דעם כח פון אַ ברכה פון עפּעס אַ הייליקן יידן. אמת, אין יאָר 1845, נאָך זייענדיק אַ קינד, בין איך געווען אַן עדות פון אַ שרפה, וואָס האָט חרוב געמאַכט אַ האַלב שטעטל און שוין אין מיין אפּוועזנהייט האָט אַ צווייטע שרפה געמאַכט פון גאַנץ קאַפּוליע אַ באַרג אַש. אָבער נעמענדיק אין אַכט, אַז קאַפּוליע מיט אירע איינג-געבויטע, אויסגעטריקנטע און צעפּוילטע הילצערנע הייזער, לגמרי אָן אַ ברונעם, איז פּשוט געווען ווי באַשאַפן פאַר שרפות, טאַקע דערדאָזיקער אומשטאַנד, וואָס אין אַ משך פון צוואַנציק יאָר צייט האָט עס דאָס פייער נישט פאַרצערט, כמעט אַ מין נס אָדער פּשוט דער כוח פון דעם צדיקס ברכה.

מיט וואָס די קאַפּוליער האָבן אָבער באמת געקאָנט שטאָלצירן — איז זייער קראַפט זיך ענערגיש צו פאַרטיידיקן קעגן די אַזוי-גערופענע מאָראַלישע עפּידעמיעס, וועלכע האָבן זיך אַהין אַריינגעכאַפּט, ווי דער חסידיזם און די „השכלה" און האָבן געדראָט צו פאַרסמען אויף דורות לאַנג זייער פאַרגליווערט, פאַרשטיינערט שלחן-ערוך-לעבן. פון קאַמף מיטן חסידיזם זיינען זיי אַרויס ווי די אמתע זיגער. און געזיגט האָבן זיי, חלילה, נישט מיט שפּיז און שווערד — פון אַזעלכע מיני געווער, אפילו פון איינפאַכע געשלעגערייען זיינען די קאַפּוליער געווען גאַנץ ווייט. קעגן די חסידים האָבן זיי זיך באַנוצט מיטן פרידלעכסטן אומשולדיקן מיטל: מיט דער פּויק. ווי נאָר די אָנהייגער פון דער חסידישער אַפּיקורסות פלעגן זיך צונויפקלויבן אין זייער „שטיבל" צום דאַוונען, לויטן נייעם נוסח, אָדער צו דערציילן די נסים פון זייער צדיק, פלעגן זיך די קאַפּוליער מיט גרויס אימפּעט אַ לאָז טאָן צו זיי מיט פּויקן און האַקן, אַז ס'האָט שוין קיין רייד נישט געקאָנט זיין וועגן דאַוונען, אָבער וועגן עפּעס אַ שמועסל מכוהן צדיק. די קאַפּוליער האָבן געפירט דעם קאַמף אַזוי לאַנג, ביז דאָס „שטיבל" האָט זיך פאַרמאַכט אויף אייביק. קאַפּוליע איז טאַקע דערמיט באַרימט געוואָרן, וואָס זי איז געווען איינע פון די דריי שטעט אין צפון-מערב-קאַנט,

וואו דער קריגערישער חסידיזם האָט זיך בשום אופן נישט געקאָנט באַפעסטיקן (די נעמען פון די איבעריקע צוויי שטעט געדיינק איך שוין נישט). נישט מיט קיין קלענערע ענערגיע האָבן געקעמפט די קאַפּוליער אויך קעגן דער „השכלה״. אין אַ משך פון גאַנצע צען יאָר האָבן זיי איר ממש עוקר מן השורש געווען, און אויב זיי זיינען שפּעטער איינגעגאַנגען אויף מאַנכע פּשרות, איז עס נאָר געשען אַ דאַנק דעם געוואַלדיקן דרוק פון די שטאַרקע אויסערלעכע און אינערלעכע פאַקטאָרן, וועלכע זיינען געקומען צו הילף דער השכלה־באַוועגונג.

אין יענער צייט וועלכע איך שילדער דאָ, האָט קאַפּוליע פאַרמאָגט אַן ערך 3000 נפשות. דידאָזיקע באַפעלקערונג איז באַשטאַנען פון דריי גרופּן, פאַרשיידן לויט זייער נאַציאָנאַליטעט און גלויבן: יידן, ווייסרוסן, טאָטערן. דידאָזיקע דריי גרופּן, פאַרייניקט דורך דער געמיינזאַמער טעריטאָריע און דורך דער איינציקער מאַכט, וועלכע האָט פאַר אַלע דריי גלייך געזאָרגט, זיינען לגמרי געווען פרעמד איינאַנדער דורך זייערע לשונות, ומנהיגם, אמונות און היסטאָרישע טראַדיציעס. ווי מיטן אויסערלעכן אויסזען, אַזוי אויך מיט זייער גייסט זיינען זיי געווען די רעפּרעזענטאַנטן פון דריי פאַרשידענע וועלטן, אָבער נישט געקוקט דערויף, האָבן זיי געלעבט צווישן זיך אין שלום און אין שלוה. פאַרייניקט האָבן זיי די אומפאַרמיידלעכע שכנישע און עקאָנאָמישע אינטערעסן.

דאָס געפיל פון קנאה האָט פאַר זיי לגמרי נישט עקזיסטירט, ווייל זיי האָבן נישט געהאַט וואָס איינער דעם אַנדערן מקנא צו זיין: אַלע האָבן מיט דער גרעסטער אָנשטריינגונג קוים אויסגעאַרבעט חיונה בצמצום, און דער עיקר איז ביי זיי קיין קנאה נישט געווען, ווייל מ'האָט איינער מיטן צווייטן נישט קאָנקורירט. יעדע איינציקע פון דידאָזיקע דריי גרופּן, האָט אַזוי ווי לויט אַן אָפּמאַך, אויסגעוויילט פאַר זיך אַ ספּעציעלע טעטיקייט און אויף אַזאַ אופן האָבן זיי גיכער איינאַנדער דערגענצט, ווי קאָנקורירט.

די יידן, וועלכע זענען געווען דער רב מנין און רב בנין פון דער באַפעלקערונג, האָבן זיך פאַרנומען מיט קרעמערײ, מיטן מסחר פון תבואה, וואָל, פלאַקס און אַנדערע ענלעכע פּראָדוקטן. דידאָזיקע סחורות פלעגן זיי אין הערבסט אויפקויפן אויפן מאַרק בײ די פויערים, און ווינטער אויפן שליטן אָפּפירן זיי קיין סטויבץ, — אַ האַפן אויפן ניעמאַן, וואו זיי פלעגן פאַרקויפן די־דאָזיקע פּראָדוקטן צו די רייכע סוחרים, וועלכע האָבן זיי שפּע־טער אין גרויסע טראַנספּאָרטן איבערגעשיקט קיין קעניגס־בערג אָדער מעמעל.

די קרעמער, ווי די תבואה־סוחרים האָבן אָפּערירט מיט קליינע געלט־סומען, ווייל קיין גרויסע קאַפּיטאַלן זיינען אין קאַפּוליע בכלל נישט געווען בנמצא. דערפאַר אָבער זענען דידאָזיקע הענדלער פאַרהעלטניסמעסיק געווען צופיל און זיי האָבן איי־נער מיטן צווייטן שרעקלעך קאָנקורירט צו זייער אייגענעם שאָדן, ווי ביים קויפן אַזוי אויך ביים פאַרקויפן. די איבעריקע יידן האָבן זיך באַשעפטיקט מיטן פאַרקויף פון משקאות, מיט שיינקערײ, מיט לערערײ און מלאכה. אַ סך זענען געווען פּור־מאַנעס. די צאָל בעלי־מלאכות איז אויך געווען צו גרויס, און דעריבער פלעגן אַ סך פון זיי, נישט געפינענדיק אין שטאָט קיין שום אַרבעט, זיך אַוועקלאָזן איבער די דערפער אַרבעטן פאַר די פויערים און די פּריצים. קיין פּראָצענטניקעס זיינען אין קאַפּוליע נישט געווען; פאַרקערט, די קאַפּוליער יידן גופא פלעגן אָפט, אויף צו פירן זייערע מסחרים, באָרגן געלט אויף משכנות — דער ווייבס צירונג — ביי די פּריצים און קסיאָנדזן און צאָלן גאַנץ פיינע פּראָצענטן.

טאָטערן — מאַכמעדאַנער זיינען אין שטאָט בעווען נישט פיל, אינגאַנצן אַ פופצן משפחות. באַשעפטיקט האָבן זיי זיך מיט גערטנערײ, און זייער גרינוואַרג האָבן געהאַט אַ שם אין דער גאַנצער סביבה. האָרעפאַשנע, ניכטערע, ריינע, זיינען די טאָטערן געווען זייער חשוב אין שטעטל.

ציי האָט זיך דאָ אַרויסגעוויזן די ווירקונג פון געמיינזאַמען אָזיאַטישן בלוט אָדער די גרויסע ענלעכקייט פון די רעליגיעזע

באַגריפֿן און טראַדיציעס, נאָר די מאַכמעדאַנער האָבן זיך גע־האַלטן מיט די יידן נענטער ווי מיט די אָרטיגע קריסטן.

די ווייס־רוסישע בירגער האָבן זיך פֿאַרנומען מיט ערד־אַרבעט און וועבעריי. די שטאָט און די אַרומיקע געגנטן האָבן דעמאָלט געהערט דעם גראַף וויטענשטיין, דעם פּירשט ראַדזיווילס יורש, און אַלע הייזער זיינען געשטאַנען אויפֿן פּריצס באָדן לויטן שטייער־רעכט. נישט געקענט עקזיסטירן פֿון דער ערד־אַרבעט, האָבן זיך די בירגער ווינטערצייט פֿאַרנומען מיט וועבן לייוונט און דינע ווייסע שלייערס, וועלכע די יידישע פֿרויען האָבן דעמאָלט געטראָגן ווי אַ מין קאָפּ־פּוץ. געאַרבעט האָבן זיי אויף די באַשטעלונגען פֿון די אָרטיקע יידישע סוחרים, וועלכע פֿלעגן זיי געבן דעם נויטיקן רוישטאָף, האָבן געצאָלט וויכענטלעך פֿאַר דער אויסגעפירטער אַרבעט און די פֿאַרטיקע סחורה פֿלעגט מען פֿאַרקויפֿן אויפֿן זעלווער יריד. קאַפּוליער לייוונט און איבערהויפּט די קאַפּוליער שלייערס האָבן געהאַט אַ גרויסן שם אויפֿן ליטווישן מאַרק. באַזונדער האָבן זיך דידאָזיקע באַפֿעלקערונגס־גרופּעס באַזונדער פֿון איינאַנדער: די קריסטן און די באַכמעדאַנער אין די זייטיקע גאַסן אויף די באַרג־טעראַסן און אונטערן באַרג, די יידן אָבער האָבן פֿאַרנומען דעם בעסטן טייל שטאָט, אויפֿן שפּיץ־באַרג, וואו ס'האָט זיך געפֿונען דער מאַרק־פּלאַץ מיט זיינע נעבן־גאַסן און דער שול־הויף, אָדער דער פּלאַץ, אויף וועלכן ס'האָבן זיך קאָנצענטרירט אַלע ספּעציעל יידישע גייסטיקע און געזעלשאַפֿטלעכע אינסטיטוציעס. צוליב דעמדאָזיקן אָנגעזונדענעם פּלאַץ, וואָס די יידן האָבן פֿאַרנומען, צוליב זייער פֿאַרהעלטניסמעסיק־גרויסער צאָל און דערעיקרשט צוליב דער באַוועגלעכקייט פֿון סוחרים בכלל און פֿון יידן בפרט, פֿלעגט קאַפּוליע אויפֿן ערשטן בליק מאַכן אַן איינדרוק פֿון אַן אַנ...ת יידישער שטאָט.

---

II

## די גייסטיקע און געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס.

דער מאַרק און דער שולהויף, די דאָזיקע צוויי הויפּט־צענטרעס פון די קאַפּוליער, זיינען גלייכצייטיק געווען די צוויי קעגנזעצלעכע פּאָליוסן פון זייער טעטיקייט: דאָרט האָט דער קאַפּוליער דערפילט זיין שווערע, נאָר אומבאַדינקט נויטיקע פליכט, און דאָ האָט ער געהאַט אַ נחת־רוח. דאָרט האָט ער געהאַט „פּרנסה", חיונה פאַר זיין פאַמיליע, און דאָ די באַפרידיקונג פון זיינע גייסטיקע באַדערפעניש. און די דאָזיקע באַדערפענישן זיינען טאַקע געווען אַ סך, אפשר גאָר צופיל פאַר אַזאַ אָרעמער און קליינער עדה, לכל הדעות אַ סך מער ווי ביי די אָרטיקע קריסטן. בעת די קריסטלעכע קאַפּוליער איינוואוינער האָבן געהאַט איין איינציקע קירך, האָבן די יידן אויפן שולהויף געהאַט גאַנצע פיר: אַ שול, אַ בית־המדרש, אַ קלויז און א קלייזל פון אַ שניידער־חברה.

די שול—אַן אַלטער הויכער בנין, געבויט לויטן פאַרצייטיקן סטיל. די ווענט און דער סופיט באַמאָלט מיט פאַנטאַסטישע, סימבאָלישע פיגורן און אויפשריפטן פון תורה־פסוקים. דערביי האָט זיך געפונען דער בית־עולם, וואָס איז געווען אַלט ווי די שול. אין שול האָט מיט גרויס כונה מתפלל געווען דער ירא־שמימדיקער ר' בער חזן מיט זיין זיסן קול. ער איז געווען אַ שיינער אימפּאָזאַנטער ייד, הויך געוואַקסן מיט אַ גרויסער שוואַרצער באָרד און קוילן־שוואַרצע אויגן. ר' בער האָט זיך אויסגעצייכנט נישט בלויז מיט זיינע מוזיקאַלישע פעאיקייטן, – ער איז בכלל געווען אַ ייד אַ מושלם; און אַזוי ווי אין קאַפּוליע פלעגן די כלי־קודש און די קהל־אָנגעשטעלטע בכלל באַקומען גאַנץ קליינע שכירות, האָט יעדערער פון זיי געמוזט, כדי מפרנס צו זיין די פאַמיליע, אָנגעמען אַ צוויי, דריי שטעלעס. דעריבער האָט ר' בער אויסער

זיין הויפט-שטעלע אַלס חזן, זיך אויך פּאַרנומען מיט שחיטת-עופות און בהמות, וואָס דערצו האָט זיך געפּאָדערט נישט בלויז טעכנישע געשיקטקייט, נאָר אויך ידיעות אין דינים און הלכות.

דערצו איז נאָך ר׳ בער געווען אַ שיינער שרייבער, אַ זעלטענער קאַליגראַף און, קאָנענדיק די תּלמודישע יוריספּרודענץ מיט אַלע אירע קלענסטע פּרטים, האָט ער נאָך פּאַרנומען דעם פּאָסטן „פון אַ כּתבן“, ד. ה. פון אַ קהל-שרייבער, כּלומרשט אַ מין נאָטאַריוס, וואָס פּאַר גראָשנס פלעגט ער צונויפשטעלן, לויט אַלע כּללים פון דער קונסט, חתונה-אַקטן, קאָנטראַקטן, שטרי-חובות, צוואות א. אז. וו. אין וויכטיקע פאַלן פלעגט ער זיי אַפילו איינשרייבן אין פּנקס פון דער קהילה.

קעגנאיבער דער שול איז געשטאַנען דער בית-המדרש, וואו ס׳האָבן געדאַוונט ס׳רוב באַלעבאַטים, הויפּטזעכלעך פון מיטל-קלאַס. נעבן בית-המדרש האָבן זיך געפונען דאָס קהל-שטיבל, אָדער דער זאַל פּאַר געזעלשאַפטלעכע פּאַרזאַמלונגען, די תּלמוד-תּורה (אַן אומזיסטע שול פּאַר יתומים) און די „קוטוזקע“, ד. ה. אַ הייזל מיט אייזערנע טירן, מיט פענסטער-גראַטעס, וואו מ׳פלעגט האַלטן פּאַרשפּאַרט די רעקרוטן, ביז מ׳פלעגט זיי איבער-שיקן אין דער גובערניע און זיי דאָרט אָפּגעבן פּאַר זעלנער. נישט ווייט פון בית-המדרש, אויפן שולהויף, איז געשטאַנען דעם רבס שטוב, אָפן פּאַר יעדערן. מאַנסלייט און ווייבער פלעגן תּמיד קומען אַהין פרעגן שאלות, פרעגן עצות אָדער זיך באַ-קלאָגן איינער אויפן אַנדערן. קיין רעגירונגס-געריכט איז דע-מאָלט אין קאַפּוליע נישט געווען. אַלע מחלוקתן, וועלכע פלעגן אויסברעכן צווישן די קריסטלעכע בירגער, פלעגן קומען צו אַן אויסגלייך לויטן רעכט פון דער פּריסט, אָדער אויפן בעסטן אופן – אין שענק ביי אַ גלעזל שנאַפּס. ביי די יידן אָבער פלעגט מען אין געלט-ענינים, סכסוכים צווישן מאַן און ווייב און בכלל וועגן יעדער מחלוקת גיין צו בית-דין. אַ פולן צוטרוי צום דאָזיקן בית-דין האָבן אויך געהאַט די אָרטיקע קריסטן. ביי אַ סכסוך מיט אַ יידן פלעגן זיי זיך שטענדיק ווענדן צום

רב. מ'מוז מודה זיין אַז דערדאָזיקער בית-דין איז געווען אַ גיכער, אַ גערעכטער און זייער אַ ביליקער. ווער ס'האָט געהאַט עפּעס אַ טענה, פלעגט זיך ווענדן צום רב, וואָס האָט אויסגע-הערט דעם אָנקלאָגער, און האָט גלייך געשיקט דעם שמש נאָכן באַשולדיקטן, און יענער איז תּיכּף געקומען (נישט וועלן גיין — אַזוינס איז קיין מאָל נישט פאָרגעקומען). ביידע צדדים פלעגן אַוועקלייגן אויפן טיש די סומע פאַרן דין-תּורה, — אָן אַן אונ-טערשייד וויפיל, — נאָר ביידע צדדים האָבן געמוזט צאָלן די-זעלבע סומע, — און ס'פלעגט זיך אָנהויבן דער משפּט. אין אַ קורצער צייט אַרום פלעגט מען אַרויסטראָגן דעם פּסק-דין, וועלכן די בעלי-דברים האָבן זיך שטענדיק אָן שום טענות ומענות אונטערגעוואָרפן, אָן דער הילף פון געריכטס-אַסעסאָרן. ווער עס איז באַקאַנט מיט די שלעפּענישן און דעם שוחד-סיסטעם פונם אַלטן רוסישן געריכט, דער וועט פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ באַדייטונג ס'האָט געהאַט פאַר די יידן דערדאָזיקער בית-דין.

די קלויז איז געווען דער איינציקער געמויערטער בנין אין שטאָט. דאָס איז געווען אַ בית-תּפילה פאַר די קאַפּוליער פּאַט-ריציער, ד. ה. פאַר די מיוחסים, לומדים מיט אַ גרויסער ערודיציע און פאַר באַלעבאַטים, וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער יראת שמים און צדקה. דאָס זיינען אַלץ געווען מענטשן ערנסטע, מענטשן מיט שטרייכגע פּרינציפּן, וועלכע האָבן געקאָנט זייער אייגענעם ווערט און אַרויסגערופן צו זיך אַכטונג ביי די אַנדערע. אָנגעטאָן האָבן זיי זיך, — נישט ווי דער המון — אין שוואַרצע סאַטינענע אָדער לוסטרינענע קאַפּאָטעס מיט סאַמעטענע קראַגנס און אין שטריימלעך. די קאַפּאָטעס און שטריימלעך זיינען אָפט געווען זייער אַלטע, וועלכע זיינען איבער-געגאַנגען בירושה פון אבות אבותיהם. דאָס זיידנס און דאָס סאַמעט האָבן שוין פון אַלטקייט פאַרלאָרן זייער פאַרב, די האָר פון די שטריימלעך אויסגעקראָכן, — און דאָך האָבן דידאָזיקע מלבושים נישט פאַרלאָרן זייער אימפּאָזאַנטע קראַפט. פאַר די-דאָזיקע, ווי מ'פלעגט זיי רופן, „שיינע, זיידענע מענטשן" איז

די קלויז געווען נישט בלויז אַ בית־תפילה, נאָר אויך אַ מין לעזע־זאַל אָדער אַ שול פאַר דערוואַקסענע. איבערלאָזנדיק די וואָכעדיקע ענינים און טעגלעכע דאגות פאַר די ווייבער, פלעגט זיך דאָ יעדערער פון זיי, נאָך שחרית און מעריב, באַשעפטיקן מיט זיין געליבטן למוד, — מיט גמרא, משנה אָדער אַגדה. די קלויז האָט זיי אויך אין אַ געוויסן זין געדינט אַלס קלוב: אין די בין השמשותן, צווישן מנחה און מעריב, האָבן זיי ליב געהאַט זיך צונויפצוקלויבן הינטערן אויוון (דער אויוון איז געווען אַ גרויסער, צווישן אים און דער צפון־וואַנט איז געווען אַ באַקוועמער וואַרעמער ווינקל) און דאָרט פירן אַ פריינטלעכן שמועס מכח רעליגיעזע און וועלטלעכע ענינים, וועגן אויסערלעכער און אינערלעכער פּאָליטיק א. אז. וו.

III.

## די באַלעבאַטים פון קלויז.

די דורות־לאַנגע געמיינזאַמע ליידן, די טראַדיציעס, און די דערציונג, די שטרייגע קאָדעקסן פון די רעליגיעזע מנהגים האָבן געשאַפן אַ ניוועלירונג פון יידישן לעבן. און דעריבער פלעגן זיך מיר אַזוי שטאַרק וואַרפן אין די אויגן די פילפאַכיקע נייגונגען, אָנזיכטן און ריכטונגען, דער שאַרפער אונטערשייד צווישן די טיפישע פאָרשטייער פון דער קאַפּוליער קלויז.

ווי לעבעדיקע שטייען זיי פאַר מיינע אויגן. אָט שטייט ביים סאַמען ארון־קודש ר׳ חיימקע און מיט אים זיינע פיר ברידער — אַלץ מענטשן פאַרמעגלעכע, האָבן הייזער אויפן מאַרק־פּלאַץ און ייבען „מיוחסים“, ווייל זיי געפינען זיך אין נאָנטער קרובהשאַפט

מיט די איוועניצער „גבירים“. דעם ערשטן אָרט צווישן זיי פאַרנעמט ר׳ חיימקע. זיין אויסזען איז, אמת, נישט אימפּאָזאַנט, אַ ביסל איינגעהויקערט און בלינדלעך, אָבער דערפאַר אַ שטאַר־קער ירא־שמים און אַ גרויסער גאָטבעטער. זיין תּפילה איז געווען בלחש, אָבער דערביי פלעגט ער וויינען, שרייען, פאַרגיסן הייסע טרערן, און דעריבער האָט מען אים גערופן דער „גרוי־סער בעל־בכי“. אַ דאַנק זיינע דאָזיקע מעלות, איבערהויפּט זיין וויינען, וואָס האָט עדות געזאָגט אויף זיין ווייכהאַרציקייט, איז ער אויסגעוויילט געוואָרן אַלס „סבארשטשיק“, ד. ה. אַלס קהל־פאָרשטייער. ביי די וואַלן זענען געווען צווישן די קאַפּוליער אַזעלכע, וואָס נישט קוקנדיק אויף זייער גאַנצער אַכטונג צו ר׳ חיימקען, האָבן זיי אים דאָך געהאַלטן פאַר נישט פּאַסיק צום דאָזיקן אַמט דוקא צוליב זיין ענִיוות און ווייכן כאַראַקטער.

— מאַכט, האָבן זיי געטענהט, מוז לויט איר מהות גופא זיין שטאַרק נישט נאָכגיביק און אין געוויסע פאַלן זאָגאַר אַכזריותדיק. דער שרעק האָט זיך אָבער אויסגעוויזן אַלס פּחד־שוא.
קריגנדיק אין זיינע הענט די מאַכט, האָט ר׳ חיימקע באַלד געוויזן, אַז ער קאָן, בעת מ׳דאַרף, באַהערשן זיינע צאַרטע געפילן, און דאָרט, וואו ס׳האָט זיך געהאַנדלט מכּח דערפילן זיינע דינסט־פליכטן, איז ער געווען אַכזריותדיקער און האַרצ־לאָזער פון די פריערדיקע מאַכטלייט.
און אָט ביי דערזעלבער מזרח־וואַנט שטייט אַ הויכער גרייז־גרויער זקן מיט פיינע געזיכטס־ציגן. דאָס איז מיין פעטער ר׳ לייזערקע, דער זון פון מיין פאַרשטאָרבענעם זיידן, דעם קאַפּוליער רב רבי זיסקינד. ער האָט געירשנט פון מיין זיידן די סויבל־שטריימל, דעם פוקסן־פעלץ, די פרומקייט, אָבער נישט זיין גרויסע לומדות. אין לעבן איז ער לחלוטין געווען אַ שלים־מזל.
געוועזן איז ער אַ דין, אַ מלמד, צייטנווייז אַ שדכן, נאָר פון אַלע פּרנסות צוזאַמען האָט ער קיין ברויט נישט געהאַט. ער איז געווען בלייך און מאָגער, אָבער דעם קאָפּ האָט ער געטראָגן

הויך און זיינע אויגן האָבן געגלאַנצט מיט אַן איידעלען שטאָלץ, מיטן באַוואוסטזיין, אַז ער איז מקים מיטן גאַנצן האַרצן זיינע רעליגיעזע פליכטן. אויב אָבער ער האָט אָפּט געדאגהט, געקלאָגט, איז'ס נישט געווען מכח זיינע פערזענלעכע אומגליקן; דאָס האָבן אים געפּלאָגט און געפּייניקט די פּאָלקס-צרות, דער אומענדלעכער, גרענעצלאָזער יידנשמערץ. און אַמבולטסטן פלעגט זיך אויסדריקן דער יידנשמערץ אין זיין תפילה. ער פלעגט מתפלל זיין לאַנג, מיט התבודדות, שרייען, פּאַטשן מיט די הענט; ס'איז נישט געווען קיין תפילה, קיין בעטן — נאָר אַ ביטערער אָנקלאָג, אַ פּאָרוואורף, אַ פּראָטעסט. אין זיין תפילה האָבן זיך מיר שטענדיק געהערט דידאָזיקע טענות:

„וואָס פאַר אַ מעשים טוען זיך עס, באמת, אָפּ, ליבער גאָט, אויף דיין וועלט? דו האָסט זיך אַרומגעטראָגן מיט דיין תורה צו אַלע זיבעציק אמות, און קיינער פון זיי האָט נישט געוואָלט נעמען אויף זיך דידאָזיקע משא. מיר אָבער האָבן איר ממש אײַנגעכאַפּט און זיינען הייליק מקיים דיינע תרי"ג מצוות און טויזנטער נישט געשריבענע, — און וואָס פאַר אַ דאַנק האָבן מיר פאַר דעם אלעם? מיר זיינען ביי אַלעמען אין די מיילער, יעדערן גרויס אין די אויגן, מ'שעכט אונז ווי די שעפסן, מ'שלאָגט, מ'הרגעט, מ'זידלט, מ'שלידלט... און דו, גרויסער גאָט, זעסט אַלץ און שווייגסט? וואו זשע איז נאָך אַלעם דיין ישר? דיין גערעכטיקייט?"

אַזעלכע און ענלעכע טענות האָבן זיך מיר שטענדיק געהערט אין זיין תפילה, אפשר צוליב דעם, וואָס זייענדיק זיין תלמיד, פלעג איך שטענדיק הערן פון אים דידאָזיקע פייערדיקע פּראָטעסטן.

מיין אָרעמער פעטער, נעבעך! בשום אופן האָט ער נישט געקאָנט מסכים זיין מיטן גלות. אַנדערע האָבן געליטן און זיך צוגעפּאַסט, אין ער האָט נישט געקאָנט.

נאָך מערקווירדיקער, כאָטש לגמרי אויף אַן אַנדער אופן, איז געווען ר' לייבקע, וואָס האָט געהייסן דער קדוש. דאָס איז געווען אַ מענטש פון מיטעלען וואוקס מיט אַ געלער באָרד און מיט אַ פּנים געל פון

מערידן, מיט אַ הויכן שטערן, פאַרפּוצט אין רעכטן מיטן מיט אַזאַ מין געוויקס. זיין אָרט אין קלויז איז געווען ריכטיק אַנטקעגן ארון=קדש. זיין ספּעציאַליטעט איז געווען קבלה און זיין געליבטער ספר — דער זהר. דעם זהר האָט ער געהאַלטן אין לערנען, האָפּנדיק דורך זיין הילף צו באַגרייפן סוף כל סוף די סתרי תורה און יענע מעטאָדן, וואָס דורך זיי קאָן זיך דער מענטש דערהויבן ביז צו דער מדרגה פון אַ וועלט=הערשער, ד. ה. פון אַ בעל=מופת אָדער אַ נביא. קיין דאגות האָט ר׳ לייבקע נישט געהאַט. ער איז געווען אַ הויזווירט אויפן מאַרק=פּלאַץ און געהאַט אַ ווייב — אַן אמתע אשת=חיל, ממש אַן אוצר.

זי האָט אויסגעפונען עפּעס אַ מין „נעקטאַר״, וועלכן ס׳האָבן בודאי נישט געקאָנט די אָלימפּישע געטער אַליין. דאָס איז געווען עפּעס אַ מין קאַלאַמיזשע אָן אַ באַשטימטע פאַרב, אָן אַ באַ=שטימטן טעם — ביר, נישט ביר, קוואַס, נישט קוואַס, — און די קאַפּוליער האָבן איר אַ נאָמען געגעבן „אונטער ביר״. די קאַפּו=ליער האָבן פון דאָזיקן געטראַנק געלעקט די פינגער, דערעיקרשט דערפאַר, ווייל ער האָט געקאָסט שרעקלעך ביליק. אין די שבתים, געפייניקט פון דורשט נאָך די שאַרפע צובייסענישן און די פעטע מאַכלים, פלעגן גאַנצע מחנות יידן מיט ווייב און קינדער זיך אַ לאָז טאָן צו ר׳ לייבקען אין שטוב, און זיך מחיה זיין מיטן דערפרישנדיקן געטראַנק. ס׳פאַרשטייט זיך, אַז האַנדלען אום שבת איז אסור, אָבער די איבערגעשפּיצטע קאַפּוליער האָבן פאַר=שטאַנען ארומצוגיין דאָס געזעץ אויף געזעצלעכע יסודות. ר׳ לייבקעס ווייב האָט טאַקע נישט געהאַנדלט, נאָר האָט דערלויבט אַלע און יעדערן צו שעפּן פון פעסל און טרינקען אָן אַ מאָס, וויפיל דאָס האַרץ האָט געגלוסט. דעם מקח האָבן אַלע געוואוסט: אַ גראָשן פון פערזאָן — קיין געלט האָט זי נישט גענומען. זי האָט אירע שטעטלליט געקאָנט און געוואוסט, אַז מ׳מעג זיי געטרויען. און באמת זיינען קיינמאָל קיין באַנקראָטן און קיין פאַרלייקענישן נישט געווען. ביי אַזעלכע גינסטיקע אומשטענדן האָט, פאַרשטייט זיך, ר׳ לייבקע געקאָנט לגמרי זיך אָפּגעבן

מיט זיינע געליבטע קאפּאליסטישע איבונגען. די קאפּוליער האָבן נישק צוגעגעבן קיין שום באַדייטונג זיינע געהיימניספּולע מעשים און האָבן פון אים חוזק געמאַכט, אָבער דער באַרימטער קאַפּו־ליער וויצלונג, נח כאַסלעס, האָט אים געגעבן דעם צונאָמען קדוש, וואָס איז ווי אַ בייזע איראָניע, פאַרבליבן אויף שטענדיק. ר' לייבקע האָט זיך אָבער ווייניק גערעכנט מיט דידאָזיקע לצים, וואַרטנדיק אויפן צופאַל, ווען זיי וועלן זיך סוף כל סוף איבערצייגן אין זיין וואונדבאַרער קראַפט. און דערדאָזיקער צופאַל איז באמת באַלד געקומען.

געווען איז'ס אין יאָר 1855. די צייט איז געווען אַ שווערע, אַ ביטערע. ס'איז געווען קריגס־צייט (די קרימער קאַמפּאַניע). שטייערן האָט מען געריסן פון טויט און פון לעבעדיק. די זעל־נער און רעקרוטן, דורכגייענדיק די שטאָט, האָבן אַרויסגעוואָרפן די איינוואוינער אויף די גאַסן און באַלעבאַטעוועט אין זייער הייזער אויפן זעלנערישן שטייגער. רעקרוטן האָט מען גענומען אָן אַ שיעור און אָן אַ ערך. באַלד האָבן זיך אַ לאָז געטאָן די שרעקלעכע „כאַפּערס" — און אויף די קאפּוליער איז אָנגעפאַלן אַ יאוש. דעמאָלט האָט זיך ר' לייבקע, נישט קאָנענדיק צוקוקן די צרות פון זיין פאָלק, אַ נעם געטאָן מיט זיין גאַנצער ענער־גיע מגלה צו זיין דעם „קץ", און אַ דאַנק זיינע תעניתים, תפילות און קערפּערלעכע ענוים איז ער באמת זוכה געווען אים מגלה צו זיין. ער האָט אים געפונען אין פערטן פסוק פונם הונדערט זעקס און צוואַנציקסטן קאַפּיטל תהלים אין די ווערטער „כאַפיקים בנגב".

דידאָזיקע ווערטער באַדייטן אייגנטלעך: „ווי די קוואַלן אין דרום". ר' לייבקע אָבער האָט אין זיי געפונען אַ פאַרבאָרגענעם זין: לויט זיין מיינונג זיינען די עלף אותיות פון דידאָזיקע צוויי ווערטער די אָנפאַנגס־בוכשטאַבן פון די פאָלגנדיקע ווערטער. כשימות אַלכסנדר פאַוולאָוויטש ומלך קנסטנטין ימים מועטים, בימי ניקאָלאַי גאולה באה. אויף יידיש הייסט עס: נאָכן טויט פון אַלכסנדר פאַוולאָוויטשן וועט קעניגן קאָנסטאַנטין ווייניק טעג, אין די טעג פון ניקאָלאַיען וועט קומען די גאולה". ס'איז שווער

זיך פארצושטעלן די שמחה, וואָס דידאָזיקע אַנטדעקונג האָט אַרויסגערופן. ר׳ לייבקעס „קץ״ האָט זיך אַ טראָג געטאָן איבער גאַנץ ליטע, און אומעטום האָט מען אין אים, ווי אויפן האַנט, דערזען דאָס אָנקומען פון משיח־צייטן, פון דער אמתער גאולה. ר׳ לייבקע איז געוואָרן שטאַרק מפורסם, אָבער נאָר אויף אַ קורצער צייט. אין דעמזעלבן יאָר איז אָנגעקומען די ידיעה וועגן דעם טויט פון קייזער ניקאָלאַי דעם ערשטן, וואָס ס׳איז געשען ווי באַוואוסט פאַר משיחס קומען און האָט געמאַכט עפר ואפר פון ר׳ לייבקעס קץ. די קאַפּוליער האָבן זיך נישט ווילנדיק צוגעוויינט צו דערדאָזיקער צרה, אָבער אויף ר׳ לייבקען האָט זי געמאַכט אַ שרעקלעכן איינדרוק. פאַרלירנדיק דעם גלויבן אין זיך און אַפילו אין זהר הקדוש גופא, איז ער אַריינגעפאַלן אין אַ מעלאַנכאָליע און פאַר דער צייט אַוועק פון דער וועלט.

און אָט דאָרט, פונדערווייטנס, שטייט ר׳ לייזער־יאַנקל. אַ הויכער, מיט משונהדיק לאַנגע הענט, איז ער געווען שטאַרק באַליידיקט פון דער נאַטור; זי האָט אים, נעמלעך, אָפּגעזאָגט אינם סאַמע נויטווענדיקסטן—אין אַ באָרד, און ער האָט עס געהאַלטן פאַר זיך פאַרן גרעסטן אומגליק. אומזיסט פלעגט ער רייסן און צופּן זיין גאָמבע, ער האָט קיין זאַך נישט געקאָנט אויסצופּן. דערפאַר איז ער אָבער געווען באַשאָנקען מיט אַ פּאָר לאַנגע, געדיכטע פאות, וועלכע ער פלעגט כסדר, לויט אַ מאוסער געוויינהייט, לייגן אין מויל און קייען איבערהויפּט בעת אַן אָנגעשטריינגטער גייסטיקער אַרבעט.

און זיין מח האָט שטענדיק געאַרבעט איבער פּראָבלעמען, וועלכע ער פלעגט אַליין באַשאַפן. ר׳ לייזער־יענקל האָט געהערט צו יענעם טיפּ תלמודיסטן, וועלכע זיינען באַוואוסט אונטערן נאָמען „חריפים״. מיט זיין שאַרפן קרומען שכל, מיט זיינע דיאַלעקטישע פעאיקייטן און ראַפינירטע פּלפּולדיקע קאָמבינאַציעס, ביי זיין גרויסער בקיאות אין לערנען, האָט ער געקאָנט „ברעכן בערג״, מאַכן פון שוואַרץ ווייס און פון ווייס שוואַרץ, מטהר זיין אַ שרץ מיט ק״ן טעמים. דאָס הייסט אָבער נישט, אַז ר׳ לייזער־יענקל האָט זיך ווען ס׳איז דערלויבט, זיך שטיצנדיק אויף זיינע

מסקנות צו עסן אַ שרץ; ניין, ער האָט אַליין געוואוסט, אַז זיינע פּאַראַדאָקסן האָבן נישט קיין שום רעאַלע באַדייטונג, און אייגנט־לעך האָט ער מיט זיינע משונהדיקע, גייסטיקע שפּרונגען נישט באַצוועקט קיין שום פּראַקטישע צילן. דאָס איז בלויז געווען קונסט צוליב קונסט. שטודירן דעם תּלמוד, כּדי דורכצופירן זיי־נע מסקנות אין לעבן, — דאָס איז, לויט זיין מיינונג, אַן ענין פאַר פּלאַטשיקע מוחות, פאַר „בעלי־מלאכות". אָבער כּדי פון די איינצעלנע שטיינדלעך, וואָס זיינען פאַנאַנדערגעוואָרפן איבערן גרענעצלאָזן תּלמוד־שטח, אויפצובויען אַ פּראַכטיקן לופט־שלאָס; פון די איינצלנע פּונקטן, וועלכע גליען אין זיינע טיפענישן, שאַפן אַ פּראַכטפולן גייסטיקן פייערווערק — דערצו דאַרף מען זיין אַ קינסטלער, אַ שעפער, ווי ער איז עס געווען, ר' לייזער־יאַנקל. אַזעלכע טיפן און רעפּרעזענטאַנטן פון פאַרשידענע ריכ־טונגען זיינען אין קאַפּוליער קלויז געווען אומגעהויער פיל, ווער קען זיי אָבער אַלע שילדערן.

---

IV

## די קלויז־יוגנט.

די קאפּוליער קלויז איז גלייכצייטיק געווען אויך אַ הויכשול, וואו די אָרטיקע בחורימלעך, באַקומנדיק אַ געניגלאַכע פאָר־בערייטונג אין די חדרים, האָבן אַליין דערגענצט זייערע ידיעות אין תּלמוד און דער רבנישער ליטעראַטור. צווישן זיי האָבן אין אָנהויב פון די פופציקער יאָרן געצויגן אויף זיך די אויפ־מערקזאַמקייט צוויי יונגע לייט, שלום און שלמה, דערמיט, וואָס זייענדיק פעאיקע תּלמודיסטן, האָבן זיי פונדעסטוועגן אָפּגעגעב זייער פיל צייט אויף לערנען תּנ"ך מיט „מצודות". ס'פאַרשטייט

זיך, אַז דער תנ"ך איז אַ הייליקער ספר, אפשר הייליקער פון תלמוד, אָבער ס'איז דאָך אַ לייכטער למוד, וואָס איז צוטריטלעך אויך פאַרן עם-הארץ; דעריבער האָט עס אויסגעזען מער ווי משונהדיק, אַז מ'מאַכט דעם תנ"ך פאַר אן אָביעקט פון אַן ערנסטן למוד און מ'גיט אָפּ דערויף די טייערע צייט. איינעם פון די-דאָזיקע „ביבליאָמאַנען" שלומען, אַ הויכן, שיין געוואָקסענעם בחור, מיט אַ ביסל פאַרריסענע נאָזלעכער, וואָס האָט צוגעגעבן זיין פנים אַן איראָנישן אויסדרוק, איז באַשערט געווען שפּעטער צו ווערן איינער פון די בעסטע רעפּרעזענטאַנטן פון דער ניי-העברייאישער און יידישער ליטעראַטור, באַוואוסט אונטערן פּסעוודאָנים „מענדעלע מוכר ספרים" (ש. י. אַבראַמאָוויץ)*).

*) מיט ש. י. אַבראַמאָוויטשן האָב איך זיך אַלס קינד נישט געהברט, ווייל ער איז געווען עלטער פון מיר מיט אַ זעקס, זיבן יאָר. זיין פאָטער ר' משה-חיים, וואָס לויט די מעשיות, וועלכע מ'פלעגט מכח אים דערציילן, איז ער געווען אַ גרויסער תלמודיסט און לויט זיין וועלטאַנשויאונג געשטאַנען העכער פון זיין סביבה, איז יונג געשטאָרבן, איבערלאָזנדיק אַ פרוי מיט זיבן קינדער אָן שום מיטלען צום לעבן. דער יונגער שלום האָט שוין דעריבער אין זיין פריסטער קינדהייט געמוזט פאַרלאָזן זיין געבורטס-שטאָט און זיך אַרומוואַלגערן אין פאַר-שידענע ישיבות פון תחום-המושב, ביז דער גורל האָט אים צעגויפגעפירט מיטן משורר א. ב. גאָטלאָבער. דורך זיין אָנרעגונג און מיט זיין הילף האָט ער זיך גענומען צו אַלגעמיינע למודים און באַלד האָט ער באַקומען אַ לערער-פּאָסטן אין אַ יידישער רעגירונגס-שול. אָבער דאָ איז אַרויסגעשוואומען די געוויינלעכע שטערונג, וואָס האָט אין יענער צייט געבראַכט אַזוי פיל צרות די ליטווישע יידן: אַבראַמאָוויטש האָט אָפיציעל נישט עקזיסטירט, ער איז געווען אַ „נעלם", ד. ה. ער איז נישט געווען איינגעשריבן אין בוך פון דער באַפעלקערונג. כל-זמן ער איז געווען אַ ישיבה-בוחר, האָט ער נישט געפילט זיין „נישט עקזיסטירן", אָבער דעם לערער-פּאָסטן האָט ער נישט געקאָנט קריגן אָן אַ מעטריקע. אַ צייט לאַנג האָט דער אומגליקלעכער געהאַלטן אין איין שרייבן צום קאַפּולייער קהל, בעטנדיק און דראָענדיק. איין אויסדרוק זיינער איז מיר געבליבן אין זכרון עד היום: „דער כי פקיד אנכי, וכוכב נוצץ בכובעי", ד. ה. „זייט וויסן, אַז איך בין אַ פּקוד מיט אַ בלישטשעדיקן קנעפּל אויפן היטל". איך ווייס נישט, צי האָבן געווירקט זיינע בקשות אָדער דער קהל האָט זיך באמת דערשראָקן פאַרן קנעפּל (וואָס ס'איז זייער מעגליך), אָבער סוף-כל-סוף האָט מען אים אָנערקענט פאַר אַ לעבעדיקע בריה, ד. ה. מ'האָט אים איינגעשריבן אין די מעטריקע-ביכער. צו יענער צייט (אומגעפער אין יאָר 1856) איז אונזער „משכילים"-קרייזל (אין קאַפּוליע האָט

אויסער די אָרטיקע בחורים, האָבן אין קאַפּוליער קלויז גע־לערנט אויך פרעמדע יונגע לייט: בחורים און פּרושים, וועלכע האָבן זיך אַהער געצויגן פון פאַרשידענע שטעט, כּדי זיך צו פאַרפאָלקאָמען אין זייערע למודים. די קאַפּוליער האָבן זייער פריינטלעך אויפגענומען דידאָזיקע יונגע לייט, וועלכע האָבן גע־לעכצט נאָך תּורה. ווי נאָר אַזאַ מין בחור פלעגט זיך באַווייזן אין קלויז, געוויינלעך במקלו ותרמילו, מיטן שטעקן אין האַנט און אַ זעקל אויף די פּלייצעס, האָבן אים אַלע אַרומגערינגלט, מקבל פּנים געווען און תּיכּף זיך גענומען פאַרזאָרגן אים מיט „טעג", ד. ה. צונויפשטעלן אַ צעטל פון זיבן בעלי־בתּים, וואָס יעדערער פון זיי זאָל זיך מתחיב זיין געבן אים עסן אַ באַ־שטימטן טאָג אין דער וואָך. דורך דערדאָזיקער עובדה איז שוין דעם בחורס לאַגע אין שטאָט, ווי לאַנג ער זאָל דאָרט נישט בלייבן, געווען לגמרי געזיכערט.

עס האָט ער, ביכער און ליכט – וויפל זיין האַרץ גלוסט, אַ דירה־מלוכה – די קלויז, קיין בעט און קיין קישן דאַרף ער נישט – ער שלאָפט אויף אַ באַנק אָדער אויף דער ערד, אונטערלייגנדיק צוקאָפּנס זיין קאַפּאָטע. אַ לעבן, אמת, נישט קיין גביריש, אָבער דערפאַר א רואיקס און אַ פרייעס, אָן דאגות־פּרנסה און אָן שטוביקע צרות, וואָס גיט די מעגלעכקייט לחלוטין זיך אָפּצוגעבן דעם למוד התּורה. אין קלויז האָבן תּמיד גע־קלונגען די קולות פון אַ צענדליק יונגע מענטשן, אָרטיקע און פרעמדע, וועלכע האָבן געלערנט אויפן קול אין זייערע גמרות,

---

שוין דעמאָלט אַזעלכער עקזיסטירט) ממש געווען איבערראַשט, דורכלעזנדיק אין „המגיד" אַ מאמר וועגן „חנוך", אונטערגעשריבן אַבראַמאָוויטש. פערזענלעך האָב איך זיך געטראָפן מיט אַבראַמאָוויטשן אין יאָר 1863 אין זשיטאָמיר, וואוהין ער איז געקומען זיך זען מיט ח. ז. סלאָנימסקי, כּדי צוזאַמען פון דאָסניי אַרויס־צוגעבן די „הצפירה", וועלכע האָט זיך אָפּגעשטעלט צוליב דעם, ווייל סלאָנימסקי האָט באַקומען אַ פּאָסטן אַלס אינספּעקטאָר פון זשיטאָמירער ראַבינער־שול און האָט געמוזט פאַרלאָזן וואַרשע. אין יאָר 1868 האָב איך אָנגעהויבן מיט אַבראַ־מאָוויטשן אַ קאָרעספּאָנדענץ מכּח מיין קריטיק איבער זיין ראָמאַן „האבות והבנים", וועלכע איז דעמאָלט געווען געדרוקט אין „המליץ".

איבערשרייענדיק איינער דעם צווייטן און קאָנקורירנדיק מיט זייער התמדה און בקיאות. געווײנלעך האָבן דידאָזיקע בחורים געלעבט צווישן זיך בשלום ושלוה און געהאָלפן איינער דעם אַנדערן.

פלעגט זיך אָבער אָפּט טרעפן, אַז צווישן צוויי יונגע לייט פלעגט פלוצלונג אויסברעכן אַ וכוח מכח דעם פשט פון וועלכן ס'איז ענין אין תלמוד אָדער אין זיינע מפרשים. דער וכוח, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבן שטיל, רואיק, פלעגט באַלד אָננעמען אַ פייערדיקן כאַראַקטער און איבערגיין אין אַ קאַמף. יעדערער פון די דיספוטאַנטן האָט אָפּערירט מיט זיין בקיאות, מיט זיין חריפות און זיינע איינפאַלן און האָט גערופן צו הילף די גאַנצע קראַפט פון דער דיאַלעקטיק, לאָגיק און אַפילו פון סאָפיזם. צו די מתוכחים פלעגן צושטיין זייטיקע, אַ טייל איז געווען מיט איין צד, דער צווייטער טייל מיטן אַנדערן; דער צווייקאַמף פלעגט אויף דעם אופן איבערגיין אין אַ פאַרביטערטער שלאַכט צווישן צוויי פיינטלעכע לאַגערן. דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן אַ שרעקלעכער טומל, די שאַנסן אויפן נצחון פלעגן יעדע רגע איבערגיין פון איין צד צום צווייטן, ביז איינער פון די דיספוטאַנטן פלעגט כאַפּן די ריכטיקע מ"לה. דער זיגער אין אַזאַ טורניר פלעגט, אמת, קיין לאָרבער-קראַנץ נישט באַקומען, אָבער כבוד האָט ער געהאַט טאַקע נישט ווייניקער פון די זיגער בעת די אָלימפּישע שפּילן. אויב דער זיגער איז נאָך געווען אַ בחור, האָט ער שוין נאָך אַזאַ נצחון געקאָנט זיין זיכער, אַז היינט, מאָרגן וועט ער שוין ווערן דער איידעם פון אַ קאַפּוליער מיוחס.

איבריגנס, זיינען כמעט אַלע פרעמדע בחורים פריער אָדער שפּעטער אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די קאַפּוליער באַלעבאַטים. די קאַפּוליער האָבן שטאַרק געהאַלטן פון יונג חתונה האָבן. אַז די ערשטע ווייב פלעגט שטאַרבן, האָט מען תיכּף חתונה געהאַט צום צווייטן, צום דריטן מאָל א. אז. וו. ס'פאַרשטייט זיך, אַז קיין קינדער האָט זיי נישט געפעלט און די גרעסערע העלפט זיינען טאַקע דוקא געווען דער מין נקבה (איך זאָג נישט דער „מין

היפה" דאָס שיינע געשלעכט, ווייל אין קאַפּוליע האָט מען אין דער הינזיכט שטאַרק געהאַלטן מיט שאָפּענהויערן, וועלכער אָנערקענט נישט בכלל קיין ווייבערשע שיינקייט; מ'קאָן נישט זאָגן, אַז שיינקייט, ווי ביי פרויען, אַזוי ביי מענער, האָט אין קאַפּוליע קיין שום ראָליע נישט געשפּילט, אָבער קיין רעאַלן-ווערט האָט זי נישט געהאַט).

די קאַפּוליער האָבן געהאַט איין דאגה: וואָס פריער חתונה מאַכן זייערע קינדער; די גרעסטע שבועה ביי זיי איז געווען: זאָל איך אַזוי דערלעבן פירן מיינע קינדער צו דער חופּה. מיט אַ יינגל איז אַ קנאַפּע דאגה, אַ כלה פאַר אים קאָן מען שטענדיק געפינען, און אַז ער האָט נאָך אַ „גוטן קאָפּ" ד. ה. גייסטיקע פעאיקייטן (פון כשרונות האָט מען שטאַרק געהאַלטן, מער ווי פון ידיעות*), וועט זיין נאָמען קלינגען אין דער גאַנצער געגנט, די גרעסטע גבירים וועלן אים אויפכאַפּן פאַר זייערע טעכטער, מ'וועט אָפּשיטן מיט גאָלד נישט בלויז אים, נאָך אויך זיינע עלטערן. גאָרנישט דאָס איז מיט אַ מיידל: פאַר איר מוז מען האָבן נדן, און נישט יעדערער אין קאַפּוליע קאָן געבן זיינע טעכטער נדן. אין אַזעלכע פאַלן האָבן תמיד די אָרעמע בחורים אַרויסגעהאָלפן פון אַלע צרות. דער אָרימבחור איז נישט בלויז קיין מפונק נישט בנוגע דער שיינקייט פון דער כלה, נאָר אים אַרט אַפילו נישט, אויב זי איז אַ שטיקל עיקר. מ'פלעגט אויס-ברענגען הינקעדיקע, מיט האָרבעס א. אַז. וו. קיין נדן האָט מען אויך נישט געדאַרפט. ס'איז גענוג געווען, אַז דער כלהס פאָ-טער האָט אַרויסגעבן אַ התחיבות, אַז אַ געוויסע צאָל יאָרן וועט ער האַלטן דאָס פאָר פאָלק ביי זיך אויף „קעסט" מיט די קינדערלעך, וואָס גאָט וועט זיי בענטשן.

אויף דעם אופן האָבן די פרעמדע קלויזניקעס געהאַט פאַר קאַ-פּוליע, פון איין זייט, אַ וויכטיקע מאַטרימאָניאַלע באַדייטונג, פון

*) ביי די לומדים האָט מען אינטערגעשטראָכן פאָלגענדיקע איינגנשאַפטן און פעאיקייטן: זכרון, הבנה (פאַרשטיין), השגה (באַגרייפן), עמקות (טיפקייט), חריפות (אַ שאַרפער מח), (בקאות, וואָס דאָס האָט מען דערגרייכט דורך קענע-זיצן, דורך פלייסיקייט) (שקידה, התמדה).

דער אַנדער זייט—האָבן זיי געדינט אַלס שטענדיקער רעזערוו צו דערגענצן די רייען פון געלערנטע באַלעבאַטים.

אַ דאַנק דער איבערפּראָדוקציע פון תּלמודיסטן אין קאַפּוליע, האָבן די יונגע לומדים, אַראָפּגייענדיק פון „קעסט“, זייער אָפּט געמוזט צוליב פּרנסה זיך אַוועקלאָזן אין ווייטע געגנטן (קיין פּאָדאָליע, וואָלין אין די ניי-רוסישע געגנטן) און ווערן דאָרט רבנים, מלמדים אָדער אַנדערע כּלי-קודש. אין די דערמאָנטע ווייטע מקומות איז די ידיעת-התלמוד נישט געווען אַזוי פאַר-שפּרייט און אויף אַזאַ אופן איז קאַפּוליע געווען דער פאַקל-טרעגער פון ידיעות-התלמוד ווייט איבער אירע גרענעצן.

---

V

## די געזעלשאַפטלעכע און פּריוואַטע ביבליאָטעקן.

כּדי צו באַפרידיקן די באַדערפענישן פון אַזויפיל שאַרפע מחות און אַזעלכע פאַרשידנאַרטיקע געשמאַקן איז אין קאַפּוליער קלויז געווען אַ גענוג רייכע ביבליאָטעק. אויסערן תּלמוד, פּוסקים און רבנישע שאלות-תשובות האָבן זיך דאָרט אויך געפונען קבלה-ספרים, פילאָזאָפישע ביכער („מורה נבוכים“ רמב״ם) פילאָזאָפיש-רעליגיעזע („כּוזרי“ „עקרים“), מוסר-ספרים („חובת-הלבבות“ „מסלת-ישרים“), היסטאָרישע („סדר-כּדורות“ „יוסיפון“ „שלשלת-הקבלה“) און אַנדערע. נישט געווען זיינען אין דערדאָזיקער ביבליאָטעק בלויז די ווערק פון דער ניי-העברייאישער, דער אַזויגערופענער „בערלינער“ ליטעראַטור, וועלכע איז אַנטשטאַנען אין דער ערשטער העלפט פון 18-טן יאָרהונדערט אין בערלין, האָט זיך אַריבערגעטראָגן קיין גאַליציע און האָט שוין אין יע-נער צייט געפונען אַ סך אָנהענגער אויך אין רוסלאַנד. דידאָזיקע

נייע, וועלטלעכע און רעליגיעז־קריטישע ליטעראַטור האָט מען געהאַלטן פאַר שעדלעך, טרפה־פסול; באַלד אָבער האָבן זיך אין קאַפּוליע באַווייזן אויך דידאַקטישע ווערק, אמת בגנבה, אַלס קאָנ־טראַבאַנד.

אויסער דער קלויז־ביבליאָטעק, זיינען נאָך אין קאַפּוליע געווען אַ סך פּריוואַטע ביבליאָטעקן פון קלענערן מאַסשטאַב. יעדער פאַרמעגלעכער און אָנגעזעענער באַלעבאָס האָט געהאַט ביי זיך אינדערהיים ביכער, וועלכע זענען אים געווען צוטריטלעך און לויט זיין געשמאַק.

אַ ביכער־שאַנק מיט אַ גאַנצן ש"ס אין אַ רויטן לעדערנעם איינ־בונד איז געווען די שענסטע צירונג פאַרן יידישן באַלעבאָס, ווי פּערל און בריליאַנטענע אויריננגלעך פאַר זיין ווייב. די ביכער, ווי די צירונג האָבן צוגעגעבן זיין הויז עפּעס אַ מין גרויסקייט, אַן אַריסטאָקראַטישן קאָלאָריט. איבעריגנס, האָט מען דעם טויטן קאַפּיטאַל, בשעת הדחק, געקאָנט גאַנץ לייכט רעאַלי־זירן: פאַרמשכנען, פאַרקויפן, ווייל ספרים, באַזונדערס קאַפּיטאַלע, האָבן, ווי בריליאַנטן, געהאַט אַ רעאַלן ווערט און ס'איז לייכט געווען צו געפינען אויף זיי קונים. אין ערגסטן פאַל האָט מען זיי געקאָנט געבן דער טאָכטער נדן.

אויך די ווייבער האָבן געהאַט זייערע קליינע ביבליאָטעקן, וועל־כע זיינען געווען צוגעפּאַסט צו זייער אַנטוויקלונג און גייסטיקע באַדערפענישן און זיינען אויסשליסלעך באַשטאַנען פון ביכער, געשריבן אויף יידיש, ווייל די ווייבער האָבן קיין העברייאיש נישט פאַרשטאַנען. ס'רוב זענען עס געווען ספרים פון אַ רעליג־יעזן אינהאַלט, ווי סדורים, „צאינה וראינה", תורה מיט לעגענ־דעס – און הגדה־געשיכטן, דער „מנורת המאור" – מוסר־געשיכטן פון הגדה און מדרש, דערציילונגען פון דער יידישער געשיכטע, ווי, למשל, „גדולת־יוסף" – די ראָמאַנטיש־לעגענדאַרע געשיכטע פון שיינעם יוסף.

צייטנווייז פלעגן זיך אויך געפינען וועלטלעכע ביכער, אַלץ אי־בערזעצונגען אָדער קאָמפּילאַציעס פון אַנדערע שפּראַכן, ווי, למשל, „באַבא־מעשה" „טויזנט און איין נאַכט" א. אַז. וו. אין די פער־

ציקער יאָרן האָבן אויך אָנגעהויבן דערשיינען פון צייט צו צייט פאָלקסטימלעכע געשיכטן און די הומאָריסטישע דערציילונגען פון טאַלענטפולן שרייבער, דעם פאָטער פון דער נײַ-יידישער ליטעראַטור א. מ. דיק. דער שטריינגער „אינדעקס", וועלכער האָט עקזיסטירט פאַר דער העברייאישער ליטעראַטור, האָט נישט אָנגערירט דעם „זשאַרגאָן". יידיש האָבן די געלערטע תּלמודיסטן אַזוי גרינג געשעצט, אַז זיי האָבן זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן, עס זאָל האָבן אין זיך וועלכע ס'איז סכנה פאַר דער אָרטאָדאָקסיע. אַ דאַנק דעם האָט זיך „דיקס" ליטעראַטור אומגעשטערט און אין אַן אומבאַגרענעצטער צאָל עקזעמפלאַרן פאַרשפרייט צווישן דעם לעזער-פובליקום*).

*) א. מ. דיק איז געווען זייער אַ פרוכטבאַרער שרייבער. אין יאָר 1865 האָב איך ביי אים געזען אַ רשימה פון העכער 200 ביכער, וועלכע ער האָט ביז יענער צייט אַרויסגעגעבן אויף יידיש: דערציילונגען, לעבנס-באַשרייבונגען א. אַז. וו.

דעמאָלט פלעגט ער צושטעלן ראָמס דרוקעריי יעדן חודש אַ בראָשור פון 2—3 בויגן און באַקומען האָנאָראַר דריי רובל פון אַ שטיק. דידאָזיקע אויסגאַבן זיינען געווען זייער פשוטע, געדרוקט כלאחר-יד אויף דעם ביליגסטן פאַפיר. דערפאַר האָבן זיי געקאָסט צו 5 6 קאָפּיקעס, און זיינען געווען צוטריטלעך פאַר די ברייטע פאָלקס-מאַסן.

—„דער פאָפּולערסטער שרייבער ביי אונז,—האָט מיר אַמאָל געזאָגט ש. י. פין, — איז דיק. אַ ווילנער באַלעבאָסטע, אַרויסגייענדיק פרייטאָג מיטן קויש אויפן מאַרק, איינצוקויפן אויף שבת גרינס, לעקעך א. אַז. וו. וועט נישט קומען אַהיים, נישט ברענגענדיק פאַר עטלעכע קאָפּיקעס עפּעס „דיקס", אַלס דאָס בעסטע נאַשוואַרג לכבוד שבת.

באָטש דיק איז געווען אַ גרויסער ידען אין דער העברייאישער ליטעראַטור און שפּראַך, האָט ער זיך דאָך זעלטן באַנוצט מיט העברייאישע ווערטער. געדרוקט אויף העברייאיש זיינען בלויז געווען זיינע צוויי ווערק: „האורח" (דער גאַסט), אַ באַשרייבונג וועגן משה מאָנטעפיאָרעס באַזוך אין ווילנע און „מסכתא-עניות" (אַ טראַקטאַט מכח אָרעמקייט), אַ וואונדערבאַרע פּאַראָדיע אויף תּלמוד בבלי.

דידאָזיקע געלונגענע און שאַרפע קריטיק אויפן תּלמוד, וועלכע איז אין יאָר 1848 (אויב איך האָב נישט קיין טעות) געווען געדרוקט אין זשורנאַל „כרם חמד", אונטער דער רעדאַקציע פון שניאור זאַקס אין בערלין, האָט אַרויסגערופן אַ שרעקלעכן שטורם אין די דעמאָלטיקע אָרטאָדאָקסישע קרייזן, און דיק איז דערקלערט געוואָרן, אַלס דער גרעסטער אַפּיקורס. מ'דערציילט, אַז צמח זאַקס, דער פאָטער

דאָסדאָזיקע פובליקים איז לכתחילה באַשטאַנען פון עמי-הארצים און ווייבער. די ערנסטע מענער האָבן מיט אַ בטול-שמייכל גע- קוקט אויף די אומשולדיקע פאַרווילונגען פון זייערע פרויען און טעכטער, וועלכע פלעגן זיך צונויפקליבן אין די שבתדיקע טעג און לעזן דידאָזיקע „לעכערלעכע מעשיות". באַלד האָט אָבער די יוגנט פאַרשטאַנען, אַז דער מחבר פון דידאָזיקע דער- ציילונגען איז ווייט פון ליצנות, און זי האָט געצויגן פון זיי די געהעריקע קאָנזעקווענצן.

פון רעדאַקטאָר פון „כרם-חמד", אַ מענטש, וואָס האָט זאָגאַר געהערט צו דער פראָגרעסיווער פּאַרטיי, איז אָבער געשטאַנען פעסט אויפן באָדן פון תלמודיזם, האָט, איבערלעזנדיק דידאָזיקע פּאַראָדיע, געריסן קריעה און באַווייגט די חוצפּהדיקע באַליידיקונג, וועלכע מ'האָט געוואָרפן אויפן תלמוד.
אויף מיין פראַגע, וואָס איך האָב געשטעלט דיקן, פאַרוואָס גיט ער דעם יתרון דעם אָרעמען, אומגעלומפּערטן זשאַרגאָן און נישט דעם שיינעם, קלינגענדיקן העברייאיש, האָט ער געענטפערט: איינוואַרפן אַן אַלטן בנין קאָן מען נאָר מיט קלעפּ פון אַ שטאַרקער האַק, אָבער נישט מיט קיין שטעך פון אַ דינער, גאָלדענער שפּילקע.

די קאַפּוליער פּאַטריציער, ד. ה. די באַלעבאַטים, וועלכע האָבן זיך גע- האַלטן גרויס מיט זייער תורה, פאַרמעגן אָדער יחוס, האָבן געקוקט פון אויבן אַראָפּ אויף זייערע מיטבירגער — די בעלי-מלאכות, בעלי-עגלות, טאָג- אַרבעטער א. אז. וו., וועלכע האָבן נישט געקאָנט אַזויפיל לערנען און האָבן נישט געהאַט די מעגלעכקייט זיך אָפּצוגעבן מיט תפילה און מעשים טובים.
דיק האָט מיר אַמאָל געזאָגט מיט אַ שמייכל: אין ראַבינער-שול לערנט איר צוויי שפּראַכן, פון וועלכע איינע איז די שפּראַך פון לאַנד, פון וואַנען מ'האָט אונז אַרויסגעטריבן, און די צווייטע — דער לשון פון לאַנד, וואוהין מ'לאָזט אונז נישט אַריין.
— אומזיסט זייט איר מבזה דעם „זשאַרגאָן" — האָט ער מיר געזאָגט אַ צווייטן מאָל — דער „זשאַרגאָן" דאָס איז דער אַלטער, פּשוטער וואַנדערשטעקן פון אונזער אייביק געיאָגטן פאָלק. מיט אים אין האַנט זיינען אונזערע אבות איבערגעגאַנגען פון מערב קיין מזרח. ראַטעווענדיק זיך פון די רדיפות בעת די קרייץ-צוגן און שפּעטער נאָך דער שחיטה פון כמעלניצקין און גאָנטי, זיינען זיי מיט זעלבן וועג געגאַנגען פון מזרח קיין מערב, און אומעטום געפונען הילף ביי זייערע ייִדישע ברידער, וועלכע האָבן זיי פאַרשטאַנען און מיטגעפילט. צי דען מיינט איר, אַז דער דאָזיקער וואַנדערשטעקן איז אונז שוין מער נישט נויטיק? איך בין נאָך אין דעם נישט זיכער.

אַ קאַפּוליער מיוחוס וואָלט באין אופן נישט געוואָלט חתונה מאַכן זייך-טאָכטער מיט אַ בעל-מלאכה; אַזאַ שדוך וואָלט געלייגט אַ פלעק אויף זיין גאַנצער משפחה. פון מיין פאַרשטאָרבענער מוטער האָב איך אָפט געהערט: „געלויבט איז גאָט, אין אונזער גאַנצן דור איז נישטאָ נישט קיין משומד און נישט קיין בעל-מלאכה".
די פּאַטריציער האָבן פאַרכאַפּט אַלע בכבודיקע פּאָסטנס און ערטער אין שול, איבערלאָזנדיק דעם המון די הינטערשטע בענק דאָרט ביי דער טיר. דער המון האָט נישט גע-קאָנט אַריבערטראָגן, האָט זיך אָרגאַניזירט אין אַ חברה שניי-דער און אַוועק פון שול, — נישט אויפן הר-הקדש, ווי זייערע רוימישע ברידער, און אפילו נישט אין נאָנטן „שלאָס", נאָר אין אַ באַזונדערע דירה, וועלכע זיי האָבן פאַרוואַנדלט אין אַ בית-תפילה, וואו זיי האָבן זיך דערשפּירט, ווי אמתע באַלעבאַטים: זיי האָבן געקראָגן אייגענע ספרי-תורה, באַשטימט אייגענע גבאים און אפילו אַן אייגענעם „רבי", וועלכער פלעגט מיט זיי לערנען אַלע וואָך די סדרה און לעזן מוסר-ספרים. צום באַדויערן, זיינען אויך אין דער שול אויסגעבראָכן סכסוכים: „די פּריצישע שניידער", די רייכערע און בעלי דעות, האָבן, פאַרכאַפּנדיק די מאַכט, שטאַרק באַליידיקט זייערע אָרעמע חברים, אָפּגענומען ביי זיי אַלע בכבודיקע פּאָסטנס און אַראָפּגעשטופּט זיי אויף די נידעריקסטע ערטער. דאָס האָט אַרויסגערופן האַרבע סכסוכים, מחלוקות און צייטנווייז אפילו קלעפּ.
יאָ, אַבסאָלוטע גלייכקייט צווישן מענטשן איז אוממעגלעך!

---

## .IV

## דער שול־קלאַפּער. די באָד. פּינקע דער בעדער.

צו רופן די באַלעבאַטים אין שול אַריין האָט קאַפּוליע פאַרמאָגט אַ ספּעציעלן שמש (געהייסן האָט ער, דוכט מיר, יודל) מיטן צונאָמען „שולקלאַפּער", ווייל זיין אַרבעט איז באַשטאַנען אין דעם, אַז פאַר שחרית און מעריב פלעגט ער דורכגיין די גאַנצע שטאָט מיט אַ האַמער אין האַנט און אָנקלאַפּן אין יעדער יידי־שע שטוב צוויי מאָל, אַלס צייכן, אַז ס'איז שוין צייט צו גיין דאַווענען. אין פאַל אָבער, אַז אין שטאָט איז אימיצער געשטאָרבן, האָט מען מכּה דעם מודיע געווען דורך דעמזעלביקן שולקלאַפּער, נאָר אָנשטאָט צוויי קלעפּ פלעגט ער געבן דריי. שבת, בעת מ'טאָר נישט טראָגן קיין האַמער און נישט קלאַפּן, פלעגט דער שולקלאַפּער, אַרומגייענדיק די שטאָט, אויסרופן מיט אַ הויכן קול: „יידן, אין שול אַריין!" פרייטאָג, פונקט 12 אַ זייגער בייטאָג, פלעגט ער מיטן זעלביקן געזאַנג רופן: „יידן, אין באָד אַריין!" זיין פּאָסטן בכלל איז נישט געווען קיין לייכטער, אָבער באַזונדערס שווער איז ער געווען אין די שליחות־טעג, בעת דאָס דאַווענען פלעגט זיך אָנהויבן צוויי אַ זייגער ביינאַכט — ווען די קאַפּוליער באַלעבאַטים האָבן געהאַלטן אין בעסטן שלאָף. דע־מאָלט פלעגט זיך שוין יודל נישט באַנוגענען מיט דער באַ־שטימטער צאָל קלעפּ, נאָר ער פלעגט טראַסקען, רייסן די לאָדן און שרייען אַזוי לאַנג, ביז ער פלעגט זיך איבערצייגן, אַז דער באַלעבאָס איז אויפגעשטאַנען פון בעט.

אייגנטלעך איז דער פּאָסטן פון אַ שולקלאַפּער אין קאַפּוליע געווען לחלוטין אַן איבעריקע זאַך: קיין איינציקער קאַפּוליער האָט אַזוי אויך קיינמאָל נישט דורכגעלאָזן אָדער פאַרשפּעטיקט דאָס דאַווענען. געהאַלטן האָט זיך דערדאָזיקער פּאָסטן בלויז אַ דאַנק דער טראַדיציע, און אַ מנהג ברעכט אַ דין. מיט קיין גרויסע קאָסטן איז דערדאָזיקער מנהג פאַר דער קהילה נישט

געווען פאַרבונדן. יודל איז געווען אַ שיסטער און האָט געלעבט מיגיע כפיו. קיין געהאַלט פאַרן פאָסטן האָט ער נישט באַקומען. אפילו דער האַמער איז געווען זיינער אָן אייגענער, דערזועלבער, מיט וועלכן ער פלעגט אַריינהאַקן טשוועקעס אין די קנאפל. דער גאַנצער נוצן, וואָס ער האָט געהאַט פון דעמדאָזיקן פאָסטן, איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס מ'האָט אים געגעבן דאָס רעכט זיך צו באַטייליקן אין געוויסע שמחות, ווי למשל, אויף חתונות, תּנאימס א. אז. וו. און צייטנווייז פלעגט אים אויך צופאַלן דאָרט אַ פּאָר גראָשן. אָבער נישט צוליב מאַטעריעלן נוצן, חלילה, האָט יודל גענומען אויף זיך דידאָזיקע פליכט. דער עיקר איז דאָ געווען דער כבוד פון געהערן צו די כּלי-קדש, און יעדער קאַפּוליער שוסטער וואָלט גערן גענומען אויף זיך דידאָזיקע אַרבעט. אויב דער גורל איז געפאַלן דוקא אויף יודלען, איז נאָר אַ דאַנק זיין הויכער פיגור, זיינע שטאַרקע הענט און פיס און זיין זיסן קול, וואָס פאַר אַ שולקלאפער זיינען זיי זייער וויכטיק.

דערדאָזיקער אומשטאַנד, וואָס איינע און דיזעלבע פערזאָן פלעגט רופן די קאַפּוליער אי אין שול אי אין באָד, באַווייזט שוין דייטלעך, אַז די באָד אין קאַפּוליע איז געווען נישט בלויז אַ באָד, נאָר עפּעס העכערס. באמת האָט שוין דאָס אַליין, וואָס אין באָד איז אויך געווען די מקוה פאַר די ווייבער, צוגעגעבן דער באָד אַ רעליגיעזן כאַראַקטער. אָבער אויך די מענער האָבן עס געהאַלטן פאַר אַ הייליקן מנהג, אויב אפילו דאָס געזעץ שרייבט נישט פאָר זיך אויסצופאַרן פרייטאָג אין באָד לכבוד שבת.

די קאַפּוליער באָד איז געווען דאָס אייגנטום פון דער יידישער קהילה, וועלכע פלעגט באַקומען פון בעדער פאַר דער אַרענדע צען פּוילישע זלאָטעס און דאָס איז געגאַנגען אויפן געהאַלט פאַרן רב — די באָד איז געווען אַן אַלטפרענקישער, שוואַרצער, איינגעהויקערטער בנין, וואָס נישט קוקנדיק אויף די העלצער און פלעקער, מיט וועלכע מ'פלעגט אים כסדר אונטערשפאַרן, איז ער יעדע רגע גרייט געווען איינצופאַלן, און דאָך, עפּעס ווי

באַגרייפנדיק די וויכטיקייט פון איר באַשטימונג, האָט זיך די־
באָד געהאַלטן אין איר נעבעכדיקן צושטאַנד אין משך פון די
צוואַנציק יאָר, וועלכע איך האָב פאַרבראַכט אין קאַפּוליע און
האַלט זיך נאָך אפשר עד היום. ווי צַלע קאַפּוליער קהלשע בנינים,
האָט אויך די באָד, אויסער איר הויפּט־באַשטימונג, געדינט פאַר
זייטיקע צוועקן, וועלכע האָבן מיט איר קיין שום שייכות נישט
געהאַט.
ראשית, איז זי אַלע טעג פון וואָך, אויסער פרייטאָג און שבת,
געווען אַ ליכט־פאַבריק, וואו פינקע דער בעדער — וועלכע־
האָט געהאַט גאָלדענע הענט — האָט פאַבריצירט ביליקע ליכט,
און, צווייטנס, איז נעבן איר געווען דער „הקדש" אָדער דער־
מושב־זקנים, וואוהין ס׳פלעגן אָפּט אויך קומען איבערנעכטיקן
פרעמדע בעטלער, וועלכע זיינען דורכגעגאַנגען די שטאָט.

דער מקוה פאַרן באַנוצן זיך מיט דער באָד איז איין מאָל פאַר
אַלע מאָל געווען אַ פעסטגעשטעלטער: צוויי פּוילישע גראָשן פון
אַ פּערזאָן—אַ מקח, אמת, אַ גרויסער, אָבער לכבוד דעם הייליקן
שבת האָבן די קאַפּוליער נישט געקאַרגט, און ווי נאָר ס׳פלעגט
זיך דערהערן דעם וואָלקלאַפּערס קול: „יידן, אין באָד אַריין!" —
האָבן אַלע געוואָרפן זייערע וואָכעדיקע ענינים און מאַסנווייז
זיך געלאָזן בארג אַראָפּ אין דער ריכטונג צו דער באָד, בפרט
נאָך, אַז בלייבן אינדערהיים צו יענער צייט איז נישט געווען
צו וואָס, און אפשר גאָר אַ שטיקל סכנה. די קאַפּוליער באַלע־
באָסטעס פלעגן פרייטאָג זייערע מענער נישט געבן עסן,
ערשטנס, כדי זיי זאָלן האָבן דעם געהעריקן אַפּעטיט צום
שבתדיקן עסן, און צווייטנס, און דאָס איז דער עיקר, ווייל
זיי האָבן קיין צייט נישט געהאַט פון דאָנערשטאָג און האָבן
שוין געהאָרעוועט ווי די אייזלען צוזאַמען מיט די טעכטער,
נישט געשלאָפן די גאַנצע נאַכט אין דער מורא, אַז זיי וועלן,
חס־ושלום, נישט ענדיקן די אַרבעט ביז זונאונטערגאַנג. די
נערוון זיינען ביי זיי דעריבער געווען אָנגעשטריינגט ביז צו
דער העכסטער שטופע, אַזוי אַז דער מאַנסביל האָט גע־

האַלטן פאַר קליגער צו שטיין פונדערווייטנס און, ווען מעגלעך, זיי זיך גאָרנישט צו ווייזן אויף די אויגן. און דער בעסטער עיר־מקלט, צו אַנטלויפן פון די ווייבער, איז געווען די באָד. ס'איז דעריבער קיין וואונדער נישט, וואָס די קאַפּוליער האָבן זיך באַמיט אויסצונוצן די באָד וויפיל זיי האָבן נאָר געקענט. שעהנלאַנג פלעגט מען דאָ אָפּזיצן, זיך וואַשן, זיך פּאַרען, זיך רייבן מיט בעזימער און אין די אַנטראַקטן זיך אויסזעצן אויף די ביינק, — די מיוחסים פאָרויס, דער פּשוטער עולם פון הינטן, ווי אין שול, און פירן ברייטע שמועסן מכח די נייס פון טאָג, מכח פּאָליטיק, זיך וויצלען און חכמהנען.

מיין פעטער, ר' לייזערקע, וועגן וועלכן איך האָב שוין א יבן בערעדט, פלעגט געוויינלעך נאָכן באָד אַריין צום פעלדשער אָפּ־גאָלן דעם קאָפּ און זיך הייטן שטעלן געהאַקטע באַנקעס אויפן קאָפּ און אויפן רוקן. נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס ר' לייזערקע איז געווען דאַר ווי אַ שפּאָן און ווייס ווי לייוונט, האָט ער דאָך געהאַלטן דאָס בלוט פאַר דער סיבה פון אַלע זיינע קרענק (ער פלעגט זיי אָנציילן ביז זיבן) און ביי יעדן אָנפאַל פון איינער פון די דאָזיקע קרענק איז די ערשטע זאַך געווען: לאָזן בלוט.

אָבער אויסער דידאָזיקע עקסטרע גרויסע בלוטלאָזעונישן, פלעגט ער, כדי צו פאַרכאַפּן און אויסצומיידן דידאָזיקע אָנפאַלן, צוויי מאָל אין חודש פינקטלעך זיך לאָזן בלוט דורך געהאַקטע באַנקעס. אַזוי פלעגן זיך אויך פירן די איבעריקע אָנגעזעענע קאַ־פּוליער, און אין באָד האָט זיך דעריבער געגאָסן נישט בלויז קוואַלן וואַסער, נאָר אויך בלוט.

ריידנדיק מכח דער באָד, וואָלט זיין אַן אמתר חטא נישט צו זאָגן עטלעכע ווערטער וועגן פינקע דעם בעדער, מער נאָך, ווייל ער איז געווען אַ מענטש אַ מערקווירדיקער און אַנ'אַלזייטיקער. ער האָט פאַרייניקט אין זיין פּערזאָן, אויסער די פּאָסטנס פון אַ בעדער און אַ פּאַרוואַלטער פון אַ ליכט־פאַבריק, נאָך צוויי אַנדערע פּאָסטנס, לגמרי געגנזעצלעכע לויט זייער כאַראַקטער: אַ מקבר און אַ בדחן. ווי אַזוי ער האָט דערפילט דעם פּאָסטן

פון אַ מקבר ווייס איך נישט ; וואַרשייַנלעך, גוט, ווייל מ׳האָט נישט געהערט, אַז כאָטש איינער פון די, וואָס ער האָט מקבר געווען, זאָל אויפשטיין תחית-המתים. אָבער אַ בדחן איז ער גע- ווען, שוין איין מאָל אַ בדחן. איידער ער פלעגט פירן התן-כלה צו דער חופּה, האָט ער זיי געזאָגט מוסר און, אָנווייזנדיק אויף דער וויכטיקער באַדייטונג פון דעם גרויסן געשעעניש אין זייער לעבן, פלעגט ער זיי מתרה זיין, אַז זיי זאָלן זיך נישט צופיל פרייען, ווייל אַלץ אין לעבן גייט פאַרביי ווי אַ חלום. זיינען די חתן-כלה געווען יתומים, פלעגט ער נישט פאַרגעסן צו דערמאַנען זיי אָן די מתים, כדי דערמיט צו באַווייזן, אַז דער מענטש איז געגליכן צו אַ בלום אין פעלד: היינט וואַקסט זי און בליט און מאָרגן איז פון איר קיין זכר נישטאָ. דאָס אַלץ פלעגט ער דרשענען מיט גרויס פּאַטאָס, מיט קלינגענדיקע פערזן, אַזוי, אַז נישט בלויז התן-כלה, נאָר דער גאַנצער עולם פלעגט גיסן מיט הייסע טרערן.

דערפאַר אָבער נאָך דער חופּה, בעת חתן-כלה און די בכבודיקע געסט פלעגן זיך צוזעצן ביי די טישן, וועלכע זיינען געווען גע- דעקט מיט כל המינים מאכלים און משקאות, פלעגט זיך פינקע דער בדחן און מוסר-זאָגער פלוצלונג פאַרוואַנדלען אין אַ פּאָקוסניק, אַ לץ, משמח זיין דעם גאַנצן עולם, אַזוי, אַז מ׳פלעגט פשוט פאַלן פון געלעכטער. טרינקענדיק אַ כוס נאָך אַ כוס (דערויף האָט ער געהאַט דרייפאַכע רעכט אַלס בעדער, קברן און בדחן) און קומענ־יק כסדר אין אַלץ אַ גרעסערן עקסטאַז, האָט ער געזונגען פאָלקס-לידער אונטערן אַקאָמפּאַנימענט פון די כלי-זמר, דערציילט פריילעכע מעשיות, אַנעקדאָטן, געטריבן ליצנות, געמאַכט עפּיגראַמען, קאַלאַמבורן, צייטנווייז זייער גע- לונגענע, וועלכע זיינען לכתחילה געווען אָנגעווענדט, אַ שטאָך צו טאָן די אָנוועזנדיקע „זיידענע באַלעבאַטים" גבירים און קדושים, און אַלץ עקספּראָמט און דוקא אין פערזן. ער פלעגט אויך ווייזן פאַרשידענע פּאָקוסן, שלינגען בענדער א. אז. וו. ער האָט אויך געקענט פאַרשטעלן מיט זיך דעם צוויי-פּנימדיקן יאַנוס. איבערטיילנדיק דעם פּנים מיטן האַנט אויף צוויי חלקים,

האָט ער מיט איין העלפט געלאַכט, מיטן אַנדערן געוויינט, סימ־באָליזירנדיק אויף אַזאַ אופן זיינע צוויי אַמטן — אַ קבֿרן און אַ בדחן. יאָ, אַ זעלטענער מענטש איז געווען פינקע. אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל ער האָבן!

---

VII

## אורחים.

א געוויסן שטראָם לעבן פלעגן אַריינטראָגן אין דער שטילער רואיקער קאַפּוליע די אורחים, צווישן וועלכע ס'האָבן פאַר־נומען דעם ערשטן אָרט די מגידים. די רבנים האָבן דער עיקר אויסגעפירט די פונקציעס פון דינים און געפּסקנט שאלות. קיין קונסט־רעדנעריי האָט זיך פון זיי נישט געפאָדערט און האַלטן דרשות פון גייסטיק־מאָראַלישן אינהאַלט זיינען זיי אויך נישט געווען מחויב.

דידאָזיקע אויפגאַבע האָבן אויסגעפירט די וואַנדערנדיקע מגידים, ס'רוב זיינען עס געווען מענטשן באַגרענעצטע, אָן שום אָריגי־נעלע געדאַנקען, וועלכע האָבן איבערגעקייט פרעמדע פראַזן, קאָמענטירנדיק פסוקים פון דער תורה, האָבן זיי זיך מער באַמיט אַרויסצורופן ביים עולם התפעלות מיט זייער חריפות, ווי צו באַלערן. ס'האָבן זיך געפונען צווישן זיי, כאָטש זייער זעלטן, אויך גוטע רעדנער, וועלכע זיינען געווען בכח צו באַגייס־טערן דאָס אוידיטאָרום מיט דער שיינער פאָרם פון זייערע דרשות, מיט זייער התלהבות, און צייטנווייז אויך מיט זייערע נייע אידייען. איינער פון די באַרימטע מגידים אין יענער צייט איז געווען דער מינסקער דרשן ר' ישראל.

בעת זיינער אַ דרשה אין קאַפּולער שול, האָט ער ציטירנדיק די ווערטער פון דער תּפילה: „אתה אחד ושמך אחד ומי כעמך ישראל גוי אחד בארץ", דערקלערט די איינהייטלעכקייט פון יידישן פאָלק נאָר אין זין פון ריינקייט און ראַסן-איינהייטלעכקייט, אָבער נישט אין רעליגיעזן זין. ער האָט געגעבן אַן איבער-זיכט איבער דער העברייאישער ליטעראַטור, געבראַכט די געהע-ריקע ציטאַטן און באַוויזן, אַז אַזאַ רעליגיעזע איינהייטלעכקייט האָט ביי אונז נישט עקזיסטירט. אברהמס אמונה איז נישט געווען ענלעך צו משהס, משהס צו דער אמונה פון די נביאים — מיכה, ישעיהו און חבקוק און זייער גלויבן האָט אויך געהאַט געוויסע ניואַנסן. אָט נעמט אונז אַלע, וועלכע געפינען זיך דאָ אין שול, האָט ער צוגעגעבן, יעדער פון אונז האָט אַן אַנדער באַגריף וועגן גאָט, וועגן דער אמונה, וועגן גוט און שלעכט, אמת און שקר, און בכלל עקזיסטירן לגמרי נישט אויף דער וועלט קיין צוויי מענטשן פון איין גלויבן אין פולן זין פון וואָרט. אויב מיר זיינען איינהייטלעך, זיינען מירס בלויז אַלס פאָלק, אַלס בני אברהם, יצחק און יעקב.

דערדאָזיקער פּאַראַדאָקסאַלער, אָבער ווירקלעך ריכטיקער געדאַנק, האָט אָנגעוואָרפן אַ מורא אויף איינע און אַרויסגערופן ספקות ביי אַנדערע*). אויף מיר, דעמאָלט אַ צוועלפיאָריקער יינגל, האָט דידאָזיקע דרשה געמאַכט אַזאַ שטאַרקן איינדרוק, אַז איך געדיינק נאָך אַלע פּרטים ביז היינטיקן טאָג.

אַ צייט שפּעטער (אין די 60-קער יאָרן) האָט זיך באַזונדערס באַרימט געמאַכט דער כעלמער מגיד. ער האָט זיך געשטעלט אַלס אויפגאַבע צו באַקעמפן די השכלה-באַוועגונג, וועלכע האָט

*) דעמדאָזיקן געדאַנק האָט ר' ישראל אַרויסגעזאָגט מיט 30 יאָר פריער פאַר פרץ סמאָלענסקין, אָבער איינער, ווי דער אַנדערער, האָט פאַרגעסן, אַז די יידישע אמונה איז דער פּראָדוקט פון יידישן נאַציאָנאַלן גייסט, און דעריבער קאָן מען זי נישט שטעלן אין אַ פּאַראַלעל מיט דער יידישער נאַציאָנאַליטעט, ווי למשל, דעם קריסטלעכן גלויבן מיט דער נאַציאָנאַליטעט פון די אייראָפּעאיש פעלקער, ווייל זיי האָט מען דעם קריסטלעכן גלויבן אָנגעצוווּנגען דורכן פייער און דורכן שווערד

איך דעמאָלט אָנגעהויבן אַריינצוטרייסן אין דער ליטעראַטור און אין לעבן. אין אַ משך פון יאָרן איז ער געגאַנגען פון שטאָט צו שטאָט און אומעטום געוואָרנט, געבעטן און מתרה געווען מכּח דער גרויסער סכּנה, דעם ווירקלעכן אונטערגאַנג, וואָס די השכּלה וועט ברענגען דעם יידנטום. דאָס איז געווען אַ פּאַנאַטיקער לחלוטין אָן איבערצייגטער, און מיטן געפיל פון פולן באַוואוסטזיין אין זיין אמת האָט ער פון דער טריבונע געדונערט, גע-שטורעמט, געשאָלטן, אַריינגעלייגט אין חרם די אפּיקורסים — רעפאָרמאַטאָרן, געלייגט אויף זיי די תּוכחה. איך האָב אים געהערט אין באָברויסק (אין יאָר 1861); גערעדט האָט ער דעמאָלט מכּח דעם פאַלשן האַנדל בכלל און פאַלשער וואָג און מאָס בפרט.

געדרשנט האָט ער, ווי תּמיד, מיט אַ טיפן אינערלעכן געפיל און דער איינדרוק פון זיין דרשה איז געווען דער, וואָס נישט וואַרטנדיק אפילו אויף מעריב, זיינען די קרעמער אַנטלאָפן אַ היים קאָנטראָלירן זייער מאָס און וואָג און צעבראָכן אויף שטיקלעך די, וואָס זיינען געווען פאַלש.

אין קאַפּולייע פלעגן אויך אָפט קומען אויף גאַסטראָלן חזנים — קאַריפייען מיט זייערע קאַפּעליעס משוררים און אָפּגעבן אין שול רעליגיעזע קאָנצערטן, צו דער אומבאַשרייבלעכער שמחה פון די קאַפּולייער, וועלכע האָבן שטאַרק ליב געהאַט מוזיק.

די רעגאָריסטן האָבן געוויינלעך פּראָטעסטירט קעגן אַזעלכע קאָנצערטן אין שול, האַלטנדיק דאָס פאַר אַ פּראָפאַנאַציע פון דעם בית-תּפילה, מער נאָך, אַ סך פון דידאָזיקע קאָנצער-טאַנטן זענען באַוואוסט געווען מיט זייער לייכטער אויפפירונג; אין אַזעלכע פאַלן האָט אָבער דער המון תּמיד אַרויסגעוויזן זיין שטאַרקן ווילן, וועלכער איז אפילו געווען מוכן ומזומן אַריבער-צוגיין אין אַ מאַכט, און די בעלי-מוסר האָבן געמוזט נאָכגעבן.

אין אַזעלכע שבתים פלעגט די שול זיין ממש איבערפולט, ביז צום דערשטיקן. מ'איז געגאַנגען אויף קדוש השם כאַפּן ערטער

מיט כח, מיט די פויסטן און עלנבויגן; די יוגנט פלעגט זיך אַרויפקלייבן אויף די פענסטער, אויף די טירן, אויף די ביכער־שיינק, אויפן אויוון און מיט אויסגעגלאָצטע אויגן און אָפענע מיילער האָט זי זיך צוגעהערט צו די וואונדערבאַרע מלחמה־מאַרשן און אָפערן־מעלאָדיעס, וועלכע די חזנים האָבן צוגעפּאַסט צו די ווערטער פון די תפילות. און אַ גאַנץ לאַנגע צייט נאָכן אָפּפאָרן פון חזן, האָבן זיך געטראָגן אינדערלופטן זיינע תפילות און נגונים.

פיזישע פענאָמענען פון יעדן מין, ווי, למשל, גיגאַנטן, קאַרליקעס, אומגעוויינלעכע גבורים א. אַז. וו. וועלכע פלעגן זיך באַווייזן פאַר געלט אין אַנדערע שטעט, האָבן תמיד אויסגעמיטן קאַפּוליע. דערפאַר אָבער פלעגן אונז אָפט באַזוכן גייסטיקע פענאָמענען. צווישן זיי האָט אין די 40־ער און 50־ער יאָרן באַזונדערס געקלונגען דער נאָמען ר׳ משה, מיטן צונאָמען רמ״בם*). מיט דעמדאָזיקן צונאָמען האָט מען אים באַערט צוליב דעם, ווייל ער איז געווען אַ הייסער חסיד פון מאַימאָניד און האָט געקאָנט אויסנווייניק אַלע זיינע ווערק.

אַרומפאָרנדיק פון שטאָט צו שטאָט, האָט ער אַלעמען איבער־ראַשט מיט זיין פענאָמענאַלן זכרון און אומגעוויינלעכן כח־התפיסה. אַזוי האָט ער, למשל, דעם גרעסטן טייל תלמוד געקאָנט „אויפן נאָדל״**). לויט די אָנגעצייכנטע נקודות פון וועלכן נישט איז זאַך אין ביכל — פלעגט ער טרעפן דעם פסוק. איבערלעזנדיק אַ ב־ייעם מאמר פון אַ צוויי, דריי זייטן, פלעגט ער אים איבער־זאָגן אויסנווייניק, נישט אַדורכלאָזנדיק און נישט פאַרבייטנדיק קיין איינציק וואָרט. מיטן קוק פלעגט ער באַשטימען די צאָל אַרבעסלעך פון אַ פולן טעלער מיט אַרבעס.

---

*) רמ״בם — די ראשי־תבות פון „רבי משה בן מימון״, דער נאָמען פון באַרימטן יידישן פילאָזאָף מאַימאָניד.

**) קאָנען „אַ ספר אויפן נאָדל״, האָט געהייסן: דורכשטעכן דעם ספר אויף וועלכן ס׳איז זייטל דורך און דורך מיט א נאָדל און זאָגן, וועלכע ווערטער זיינען געמלפך דורכגעשטאָכן אויף אַלע זייטלעך פון ספר.

דאָס איז געווען „אַ גרויסער מענטש אויף קליינע זאַכן" — דער ברויעריקער טיפּ פון אַ תלמודיסט אַ פריידיינקער, מיט זעלטענע, אָבער נישט ווי געהעריק אויסגענוצטע פעאיקייטן, מיט אַ מאַסע ידיעות, אָבער נישט קיין סיסטעמאַטיזירטע און דעריבער אומ־פּרוכטבאַרע. די רבנים האָבן זיך באַצויגן צו אים ווי צו אַן עקר... מיט דער גרעסטער גרינגשעצונג און ער האָט זיי געצאָלט מיט דערזעלבער מטבע*).

אויסער די אָנגעוויזענע אורחים־קאַטעגאָריעס, פלעגן קיין קאפּוליע יעדן יאָר אָנפאָרן משולחים קלייבן נדבות פאַר וואָלאָזשינער און מירער ישובות און פאַר ארץ־ישראלדיקע לומדים. ס'פלעגן אויך קומען מחברים מיט זייערע כתבים קלייבן געלט אויף אַרויסצוגעבן זייערע ווערק און מורשים פון שטעט אויף זאַמלען נדבות, כדי ווידער אויפצובויען די אָפּגעברענטע שולן. און אַלע פלעגן די קאפּוליער באַשיינקען לויט זייערע קרעפטן.

אַן אמתע צרה אָבער פאַר די קאפּוליער זיינען געווען די בעטלער, וועלכע האָבן זיך מאַסנווייז אַרומגעשלעפּט איבער ליטע מיט ווייב און קינדער. יעדן טאָג, איבערהויפּט אין די יאָרן פון אַ שלעכטן תבואה־גערעטעניש, האָט מען געקאָנט זען צענדליקער פון דידאָזיקע שלעפּער, גייענדיק פון שטוב צו שטוב בעטלען. אָפּזאָגן אַן אָרעמאַן איז אוממעגלעך, מער נאָך, ווייל דער יידישער אָרעמאַן בעט נישט קיין נדבה ווי זיין קריסטלעכער

*) בעת משה רמ"בם האָט, זייענדיק אין דער מיר, געמאַכט זיינע עקספּערימענטן ביים באַרימטן רב, רבי דודל, אין שטוב, האָט דער רב פאָרגעלייגט רמ"במען איבערלעזן אַן אויפשריפט אויף אַ בילד, וואָס איז געהאָנגען ביי אים אויפן וואַנט. דאָס בילד האָט פאָרגעשטעלט דעם חורבן בית-המקדש, און די אויפ־שריפט פון פינף אותיות א. ל. ש. א. ב. זיינען געווען די ראשי־תבות פון אַ באַרימטער תלמודישער פראַזע, וואָס מ'האָט אַריינגעלייגט אין גאָטס מויל: „אוי לי שהחרבתי את ביתי" (ווי איז מיר, וואָס איך האָב חרוב געמאַכט מיין הויז). דער רמ"בם האָט זיך געפונען באַליידיקט דורך דעם רבס פאָרשלאַג צו אַנטפּלעקן דידאָזיקע אויפשריפט וואָס יעדער ליטווישער חדר־ייִנגל האָט עס געוואוסט און האָט מאָמענטאַל געענטפערט: אוי לרבנות שמקברת את בעליה (ווי צו דער רבנות, וואָס איז מקבר אירע טרעגער). איבערפראַזירנדיק די פינף אותיות האָט זיך „רמ"בם" צוקם געווען אַן רב פאַר דער באַליידיקונג.

חבר, שטייענדיק הינטערן טיר אָדער ביים פענסטער, זיך בוקנדיק ביז צו דער ערד, נאָר ער גייט אַריין דרייסט אין שטוב, פאָדערנדיק אַ נדבה, עפּעס ווי אַ חוב וואָס עס קומט אים, און אַז מ'זאָגט אים אָפּ, זידלט ער און שעלט. אָבער אַזוי ווי געבן יעדערן אַפילו אַ גראָשן, זיינען נישט אַלע באַלעבאַטעם געווען בכּוח, זיינען די קאַפּוליער געווען געצוואונגען צו שלאָגן מטבעות, אָדער ריכטיקער זיך אויסדריענדיק, אויסצעשניידן פון קאַרטאָן אַ ספּעציעלע, אַזויגערופענע, בעטלער־מטבע פון נידע־דיקן ווערט, אַן ערך 1/3 גראָשן. פאַבריצירט האָט דידאָזיקע מטבעות דער שמש פון קלויז, דוד יאָסל; ער האָט אַרויפגעלייגט אַ קלויז־חתימה און אָנגעצייכנט זייער ווערט. די איינוואוינער פלעגן ביי אים קויפן דידאָזיקע מטבעות און טיילן זיי די אָרעמע לייט, וועלכע פלעגן שפּעטער, אַרומגייענדיק די גאַנצע שטאָט, אויסבייטן דידאָזיקע מטבעות ביי דוד־יאָסלען אויף אמת רוסיש געלט.

———————

VIII

## די אַדמיניסטראַציע.

אַלע פאַרשידנאַרטיקע אַדמיניסטראַציע־פונקציעס האָבן זיך קאָנ־צענטרירט אין די הענט פון אַסעסאָר, פאַן זדראָיעווסקי, וועלכער איז אין אַ משך פון צענדליקער יאָרן געווען דער אַליינהערשער איבער דעם געשילדערטן קאָנגלאָמעראַט (צוזאַמענשטעל) פון דער קאַפּוליער באַפעלקערונג און דער אַרומיקער סביבה. איך זאָג „דער אַליינהערשער", ווייל קיין אַנדער מאַכט איז אין קאַפּוליע נישט געווען. דערצו איז קאַפּוליע געלעגן ווייט פון אַ כּאָסט־טראַקט, די וועגן אַרום זיינען געווען זייער שלעכטע

אזוי אַז קיין שום מאַכט-פאָרשטייער, ווי למשל, אַ גובערנאַטאָר אָדער זיין געהילף האָט קיינמאָל נישט געקאָנט איינפאַלן אַראָפּ-פּאָרן אַ קוק טאָן, וואָס דאָרט קומט פאָר. ס'פאַרשטייט זיך דע-ריפער, אַז דער כאַראַקטער פון אַ הערשער מיט אַזעלכע ברייטע פולמאַכטן האָט בכלל געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין לעבן פון דער באַפעלקערונג, „פאַר וועלכער ער האָט געזאָרגט". פאַרן יידישן עולם אָבער איז די פראַגע מכח דער פערזאָן פון אַסעסאָר, פּשוט געווען די פראַגע „פון זיין אָדער נישט זיין". נישט אומזיסט איז אַזוי באַרימט אַ. מ. דיקס אויסדרוק: „יעדן יידן מעג מען סתם אַוועקפירן אין שפּיטאָל, אָנטאָן אַ כאַלאַט און אַריינלייגן אין אַ בעטל, — דאָרט וועט שוין דער דאָקטאָר, אונ-טערזוכנדיק אים, זיכער געפינען ביי אים עפּעס אַ קריינק — ריכטיק אַזוי קען יעדער פּאָליציאַנט אַ נעם טאָן פאַרן קאַרק יעדן יידן, אַוועקשלעפּן אים אין אַרעסט, דאָרט וועט מען שוין געפינען, אַז ער איז עובר געווען אויף וועלכן ס'איז געזעץ". געזעצן ווי באַוואוסט, געפינט איר אין רוסלאַנד אַ גאַנצן ים, און געזעצן בנוגע צו יידן ווי זאַמד און ערד. און די צייט איז געווען אַ באַרימטע — ניקאָלאַיס צייט, גזרות האָבן זיך געשאָטן איינע נאָך דער אַנדערער, איינע שרעקלעכער פאַר דער צווייטער נישט אויסצוהאַלטן.

און בעת זדראָיעווסקי האָט זיך באַוויזן אויף דער קאַפּוליער אַרענע, האָבן זיך טאַקע אונזערע יידן גוט דערשראָקן. זיין אויס-זען איז געווען כמעט אַ שרעקלעכער: אַ הויכער, מיט ברייטע פּלייצעס, און כאָטש געוויינלעך האָט ער גערעדט פּויליש, נישט קענענדיק גוט קיין רוסיש, אָבער זידלען זיך און דראָען פלעגט ער דווקא אויף רוסיש און די זידלערייען, סטראַשונקעס און דראָונגען, צענזורירטע און נישט-צענזורירטע, פלעגט ער אַרויס-ריידן מיט אַן אמת ריכטיקן רוסישן אַקצענט און מיטן געהעריקן געפיל. באַלד אָבער האָבן זיך די קאַפּוליער מיט צופרידנהייט איבערצייגט, אַז דער שד איז נישט אַזוי שרעקלעך, ווי מ'מאָלט אים. און איבערצייגט האָבן זיי זיך דערין ביי פאָלגענדיקע אומ-שטענדן. אין איין שיינעם פרימאָרגן האָט זיך די הערט אויפגן

מאַרק־פּלאַץ אַ פּויקערײַ — דאָס הייסט אַ נייער געזעץ, דאַרונטער פאַרשטייט זיך אַ נייע גזרה. מיט גרויס פּחד קלויבן זיך געשווינט צענויף די קאַפּוליער אויפן מאַרק און הערן זיך צו צו דער „רעגירונגס־מעלדונג", וואָס גייט אַרויס פון מויל פון ניי־זם אַסעסאָר, אָנגעטאָן און זיין מונדיר, ווי ס'פּאַסט פאַר אַזעלכע פייערליכע געשעענישן.

ס'ווייזט זיך אַרויס — ווירקלעך אַן אומגליק: די יידן ווערן אויפגעפאָדערט אויפן שטריינגסטן אויפן אָנצעטאָן דייטשע קליידער און אָפּשניידן באָרד און פאות. די פרויען ווערט פאַרבאָטן צו גאָלן די קעפּ און צודעקן זיי מיט פאַרוקן.

דעם שרעק פון די קאַפּולער קאָן מען זיך לייכט פאָרשטעלן. בשום אופן האָבן זיי זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן, ווי אַזוי וועלן זיי אויסזען אָן באָרד און פאות און דערצו נאָך אין אַ דייטשן אָנצוג. זיי האָבן לחלוטין נישט פאַרשטאַנען וואָס אַזוינס האָט מען זיך עס עפּעס ערגעץ וואו פאַראינטערעסירט מיט זייערע פרצופים און מיט דער פאָרם פון זייער קליידונג, און זיי זיינען געקומען צום באַשלוס, אַז דאָס איז אַ גזרת־שמד, ד. ה. מ'גראָבט זיך פשוט אונטער אונטער זייער דת

די ערשטע זאַך האָט מען גוזר תענית געווען. די קאַפּוליער, לויט זייער מנהג אין אַזעלכע פאַלן, האָבן הייס מתפלל געווען און ווי תמיד אָן שום רעזולטאַטן.

און די מאַכט האַלט זיך אָבער ביי אירס. ס'אָמקע דער פּאָליציאַנט האָט זיך שוין אַ נעם געטאָן צו רעאַלעזירן דעם שרעקלעכן געזעץ. עטלעכע יידן, דוקא די נכבדי־העיר האָט מען אַוועקגעשלעפּט אין דער פּאָליציי, וואו מ'האָט זיי אָן שום קונצן אָפּגעהאַקט די קאַפּאָטעס ביז צו די לענדן, גלאַט אָפּגעגאָלט די בערד און אומברחמנותדיק אָפּגעשניטן די פאות ביז צו די וואָרצלען; ביי עטלעכע קאַפּוליער מאַטראָנעס דוקא ביי די אָנגעזעענסטע, האָט מען אין מיטן גאַס אַראָפּגעריסן די קופּקעס און די שלייערס.

נאָך אַ לאַנגן טראַכטן און קלערן איז באַשלאָסן געוואָרן צו שיקן צום שרעקלעכן אַסעסאָר אַ דעפּוטאַציע מיט אַ פּעטיציע און אַ מנה־יפה,

ווי ס'פּאַסט פאַר אַזאַ ענין. און וואָס מיינט איר איז געשען? די דעפּוטאַציע איז אָנגענומען געוואָרן בסבר פּנים יפות, גאַנץ פריינטלעך — אַזוי אויך די מטבע, און אויס שטורם. ס'יאָמקע האָט אויפגעהערט אַרויסצוווייזן זיין בריהשקייט, צו די אָפּגע־האַקטע קאַפּאָטעס האָט מען אונטערגענייט נייע פּאָלעס — נישט געענכנט זיך מיטן שטאָף און מיט דער פאַרב — דאָס איז־בכלל נישט וויכטיק, — די בערד און פּאות זיינען מיט דער צייט פון זיך אַליין אָפּגעוואָקסן, און אַלץ איז אַוועק אויפן פריערדיקן שטייגער, ווי אין די גוטע אַלטע צייטן.

אַזעלכע צופאַלן זיינען פאַר מיין צייט געווען זייער פיל, — מיר וועט נאָך אויסקומען מכוח זיי צו ריידן; איך האָב געבראַכט דעמדאָזיקן עפּיזאָד נאָר צוליב דעם, כדי צו אויפצעווייזן, אַז זדראַיעווסקי איז לגמרי נישט געווען קיין שלעכטער מענטש, אַז ביי אים, ווי די קאַפּוליער האָבן זיך, מיט דאַנק, אויסגעדריקט, „האָט זיך אַלץ אויסגעלאָזן צו געלט", און דערצו זיינען זיי דאָך געווינט. אמת, אין יענער צייט זיינען געווען פאַלן, ווען זדראַיעווסקי גופא האָט נישט געקאָנט העלפן, אָבער דאָס איז שוין נישט געווען זיין שולד.

מיט דער צייט האָט ער זיך אַזוי איינגעלעבט מיט די קאַפּוליער יידן, אַז שבת פלעגט ער פשוט אַריינקומען צו איינעם און צום אַנדערן, מאַכן אַ שנאַפּס, פאַרזוכן די שבתדיקע פיש און אַנ־דערע יידישע מאכלים, וועלכע ער האָט שטאַרק ליב געהאַט און דערפאַר טאַקע האָבן די יידן פון אים זייער געהאַלטן.

צו זדראַיעווסקעס מעלית דאַרף מען נאָך צוגעבן דאָס, וואָס ער האָט לגמרי נישט געדריקט די באַלעבאַטעם בנוגע דער שטאָטי־שער אָרדנונג און היגיעניע, איבערלאָזנדיק דעם גאַנצן ענין דער פריוואַטער איניציאַטיווע, דער צייט און דעם ווילן פון השם־יתברך.

הייזער פלעגט מען דערייבער בויען וואו און ווי וועמען ס'האָט זיך געוואָלט. דאָס שעכטהויז איז געשטאַנען אין רעכטן צענטער פון מאַרק־פּלאַץ; פון דאָרט האָבן זיך אָפּט געהערט די האַרצ־רייסנדיקע קולות פון די געבונדענע בהמות, וואָס מ'האָט געבראַכט

צו דער שחיטה; ס'איז גערונען דאָס שמוציקע בלוט, ס'האָבן זיך געוואַלגערט פאַרשידענע נבלות און פאַרפעסטעט די לופט אין גאַנצן. שטעטל און דערדאָזיקער גאַנצער שמוץ איז זיך געלעגן גאַנץ רואיק אַזוי לאַנג, ביז גאָט ברוך הוא פלעגט זיך מרחם זיין און אַראָפּשיקן דעם געבענטשטן רעגן און ער פלעגט אָפּוואַשן פון קאַפּוליער באָדן די אַלע גוטע זאַכן.

אָבער באַזונדערס מערקווירדיק איז געווען די טעראַסע פון קאַפּוליער באַרג אויפן וועג קיין סלוצק. ער איז פון דער נאַטור געווען זייער קרום און שפּיציק. פון דער צייט און פון די שטאַרקע רעגנס זיינען געוואָרן אין אים וואַסער־גרובן און לעכער, אַזוי, אַז אַריינפאָרן אין שטאָט פון דער זייט מיט שווערע וואָגנס איז פשוט געווען אוממעגלעך.

כדי זיך אַראָפּצולאָזן באַרג־אַראָפּ, האָט מען געדאַרפט האָבן פיל געשיקטקייט און אַ סך מוט. און די פויערים, אַראָפּפאָרנדיק פון אים אין די מאַרק־טעג, שטאַרק בגלופנדיק, האָבן זיך נישט איינמאָל געפונען אונטן מיט זייערע וועגנס, צעבראָכענע אויפשטיקלעך, מיט פאַרוואונדעטע פערד און אַלס צוגאָב אַליין אויך מיט צעבראָכענע ביינער.

אַזעלכע צופאַלן פלעגן פאָרקומען אַזוי אָפט, אַז זיי האָבן שוין אויפגעהערט עמעצן צו וואונדערן. מ'האָט זיי שוין ממש באַטראַכט אלס געוויינלעכע נאַטור־דערשיינונגען, ווי, למשל, אַ דונער, אַ בליץ אָדער אַן ערדציטערניש, קעגן וועלכע דער מענטשלעכער כוח האָט נישט קיין שום ווערט.

---

איך האָב געזאָגט, אַז די העכערע מאַכט האָט אונז נישט גערן באַזוכט, אָבער דאָך בין איך אין משך פון מיין צוואַנציקיאָריקן לעבן אין קאַפּוליע געווען אַן עדות פון איין רעוויזיע. דידאָזיקע רעוויזיע, ווי רעוויזיעס בכלל, איז געקומען גאָר אומגעריכט און האָט אונז ממש געטראָפן ווי אַ דונער. די קאַפּוליער האָבן

זיך שטאַרק דערשראָקן. אַ קלייניקייט, אַ רעוויזיע ? אמת, זיי האָבן געזאוסט, אַז די גובערניאַלע מאַכט איז געווען געוויינט קומען צו הילף אירע נאָנטע, אַרויסצוראַטעווען פון אַ קריטישער לאַגע אירע חברים, וועלכע האָבן זיך פאַרהולטאַיעט אָדער פאַרשפּילט אין קאָרטן. צו דעם צוועק פלעגט זיי די העכערע מאַכט באַשטימען אַלס רעוויזאָרן מיט אַ געהעריקער פּענסיע און הוצאות־הדרך און משלח זיין רעווידירן דאָס אָדער יענס יידישע שטעטל.

אָבער וואָס עפּעס דוקא קיין קאַפּוליע ? אפשר געפינט זיך עפּעס צווישן אונז אַ מסור ? האָבן זיי זיך אַליין געפרעגט, קוקנדיק איינער אויפן אַנדערן.

אַז די צרה וועט זיי נישט אויסמיידן, – מכח דעם האָבן נישט געקאָנט זיין קיין צוויי מיינונגען. וועגן דעם, אַז „צו אונז פאָרט אַ רעוויזאָר", האָבן מיר געהערט נישט פון בערלען אָדער שמערלען, נאָר פון זדראָיעווסקן גופא, וואָס אים האָט מכח זיין קומען, און טאַקע אין שטרענגסטן אינקאָגניטאָ, מודיע געווען דער רעוויזאָר אַליין.

די קאַפּוליער זיינען געווען אין איין שרעק. איינער אַ דרייסטער פון צווישן די קרעמער האָט זיך געווען אָנגערופן : „פּחדנים, וואָס ציטערט איר אַזוי ? אַ וויכטיקע מעשה – אַ רעוויזאָר ! קיין פאַלשע געלט מאַכן מיר נישט, מיט קיין קאָנטראַבאַנד האַנדלען מיר נישט. זאָל ער קומען !"

אויפן גבור האָט זיך אַרויפגעוואָרפן ר' חיימקע, און אָנכאַפּנדיק אים פאַרן באָרד, האָט ער געשריען : „זעט נאָר דעם גבור ! און דאָס איז נישט קיין קאָנטראַבאַנד ? מיר אַליין, ברודער, זיינען קאָנטראַבאַנד, מיר און אונזערע ווייבער און קינדער ! נו, און די מעטריקע־ביכער, ווי קלערסטו, זיינען אין אָרדנונג ?" זדראָיעווסקי, לאָזנדיק די באַפעלקערונג עטלעכע טעג זיך דענערווירן, האָט אָנגעהויבן דעם עולם באַרואיקן : דער רעוויזאָר איז זיינער אַ גוטער באַקאַנטער, אַפילו אַ וויטער קרוב ; ער, זדראָיעווסקי וועט זיך שוין משתדל זיין איינצואָרדנען דעם ענין אַזוי, אַז ס'זאָל נישט קאָסטן טייער. לכל הדעות אָבער האָט ער געגעבן

אַן עצה אָנצונעמען געוויסע שריט, זיך נישט וואַרפן אין די אויגן א. אַז. וו. דער קהל, פאַרשטייט זיך, האָט עס גענומען אין אַכט און צוגעזאָגט אים צו פאָלגן. אין דעם טאָג, וואָס דער רעווי־זאָר האָט פאַרבראַכט אין שטאָט, האָבן זיך אין די געוועלבער, און אויף די גאַסן פון מין הופה געמעגט געפינען נאָר מיידלעך, וואָס זייערע קאָפּ-פוצונגען זיינען געווען אין אָרדנונג; פון מאַנסלייט האָט מען די יינגלעך נישט געטאָרט אַרויסלאָזן פון די חדרים, און אויך דאָרט זיצן שטיל, נישט לערנען אויפן קול; עלטערע מענטשן האָט מען אויך פאָרגעלייגט צו זיצן בעסער אינדערהיים, און אויב עמעצער וועט שוין מוזן אַרויסגיין, איז נישט אַנדערש ווי אין אַ פעלץ (כאָטש די מעשה איז געווען אין רעכט מיטן תמוז), ווייל מכּח דעם שניט אין דעם פאַסאָן פון אַ פעלץ איז, אין געזעץ נישטאָ קיין שום אָנווייזונגען, און דער פעלץ איז, אויסערדעם, אין איצטיקן פאַל וויכטיק צוליב דעם, וואָס פון אים זעט זיך נישט די קאַפּאָטע, און אויפשטעלנדיק דעם קאָלנער האָט מען געקאָנט באַהאַלטן אי די באָרד אי די פאות. בנוגע די סחורות איז געווען אַ באַפעל, אַז אַ טייל פון זיי זאָל מען אויפרוימען, כּדי זייער כלומרשט גרויסער סכום זאָל נישט אַרויס־רופן קיין פאַרגרעסערונג פון אָפּצאָל.

דער רעוויזאָר איז ווירקלעך געקומען אין באַשטימטן טאָג און איז פאַרפאָרן צום אַסעסאָר. די שטאָט איז ווי אויסגעשטאָרבן. אויפן גאַס – קיין לעבעדיקער נפש. דער רעוויזאָר, אין דער באַגלייטונג פון אַסעסאָר, האָט בינו לבינו באַזוכט די געוועלבער, באַקוקט אַלע מערקווירדיקייטן פון שטאָט; נאָכן דאָזיקן מאָציאָן איז ער זיך אַוועק אויף מיטאָג צום אַסעסאָר, וועלכער האָט לכבוד אים איינגעלאַדן די פּני־העיר, ד. ה. דעם גלח און דעם קסיאָנדז; נאָכן מיטאָג האָט מען געמאַכט אַ פּרעפעראַנס, וואָס האָט זיך פאַרצויגן ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין. פון די יידישע בעלי־בתּ־ים האָט געהאַט דעם כּבוד זיך פאָרצושטעלן פאַרן רעוויזאָר נאָר ר׳ חיימקע.

אויפן צווייטן טאָג האָט דער הויכער גאַסט כּלחך השור גליקלעך פאַרלאָזט די שטאָט און דער שטורם איז אַריבער.

אומדערוואַרט האָט זיך דער ענין געענדיקט בכי טוב, און גע־קאָסט דעם קהל איינגאַנצן אַ צוויי הונדערט רובל. נישט אומזיסט זאָגט דער פּסוק: „לא ינום ולא יישן שומר ישראל“, דער יידישער גאָט שלאָפט נישט.

---

IX

## די בילדונגס־אינסטיטוציעס.

די בילדונגס־אינסטיטוציעס, אין היינטיקן זין פון וואָרט, האָבן געלויכטן מיט זייער אָפּוועזנהייט. קיין שום רעגירונגס־אָדער געזעלשאַפטלעכע שול פון וועלטלעכן כאַראַקטער איז אין קאַפּוליע נישט געווען. די קריסטלעכע באַפעלקערונג זיינען געווען לגמרי — אַנאַלפאַבעטן. דערפאַר אָבער איז די יידישע באַפעלקערונג געווען צו רייך, אין שולן, ווען אַפילו אייגנאַרטיקע. דאָס זיינען געווען די חדרים. זייער צאָל איז אין קאַפּוליע דערגאַנגען ביז צוואַנציק, ווייל אַלע קינדער פון מין זכר, פון פיר ביז דרייצן יאָר, האָבן געלערנט אין חדרים.

נישט אָבליגאַטאָריש איז געווען דער למוד פאַר מיידלעך, אָבער אויך זיי האָבן ס׳רוב געקאָנט דאַוונען און חמש אין יידישער איבערזעצונג. פאַרן קאַפּולער איז קיין זאַך נישט טייער געווען פאַר דער דערציונג פון זיינע קינדער; גאַנץ אָפט פלעגט דער אָרימאַן פאַרקויפן דעם לעצטן לייכטער, די לעצטע קישן, כדי אָפּצוצאָלן שכר־למוד דעם מלמד. און דאָס איז געטאָן געוואָרן, אפשר נישט בלויז פון רעליגיעזן געפיל. דאָ האָט אפשר גע־שפּילט אַ ראָליע אויך אַ געוויסע אויסרעכנונג.

לומדים האָבן אין קאַפּוליע געהאַט די דעה, דעם כבוד, און אויך מאַטעריעלע נוצן. אַן עם־הארץ האָט מען ממש פאַרהאַסט. אייגענט־לעך זיינען גאָר אין קאַפּוליע קיין אמתע עמי־הארצים נישט גע־ווען בנמצא, אפשר דער איינציקער אויוון־הייצער (ער איז אויך געווען דער וואַסער־טרעגער) מאירקע. ער איז אָבער געווען אַן אידיאָט. אָבער אַפילו דערדאָזיקער אידיאָט האָט ווי ס׳איז גע־קאָנט דאַווענען און מאַכן אַ ברכה אויף דער תורה אין יענע שבתים, ווען ס׳איז אויסגעקומען צו לייענען די „תוכחה״, אויף וואָס קיינער, אויסער אים, האָט נישט געוואָלט מסכים זיין; אָבער אויך מאירקע האָט אויף אַזויפיל געקאָנט דעם אינהאַלט פון דער „שרעקלעכער תורה״, אַז ער פלעגט מסכים זיין איר אויסצוהערן נאָר בתנאי, אז יעדע שול זאָל אים באַצאָלן צו פופצען קאָפּיקעס.

וועגן דעם כאַראַקטער פונם למוד און מכּח דעם חדר־לעבן בכלל וועט מיר אויסקומען צו ריידן אויף אַן אַנדער אָרט; איצט חויל איך נאָר זאָגן, אַז די איינציקע למודים, וועלכע מ׳האָט גע־לערנט, זיינען געווען רעליגיעזע: תפילות, חומש, און דער עיקר— תלמוד.

שרייבן, אַפילו יידיש, האָבן די מלמדים נישט געלערנט, ראשית, דערפאַר וואָס נישט אַלע מלמדים האָבן געקאָנט דידאָזיקע קונסט, צווייטנס, צוליב דעם, וואָס דעמדאָזיקן געגנשטאַנד האָט מען געהאלטן פאַר נישט וויכטיק און פאַר אַזאַ לייכטן, אַז די תלמידים, וואָס האָבן השק דערצו, קענען זיך אַליין לערנען שרייבן, אין דער קורצער צייט, בעת זיי זיינען פריי פון די ערנסטע למודים.

איבריגנס, אַז קיין קאַפּוליע איז געקומען אַ וואַנדערער קאַליגראַף מיט אַ פאָרשלאַג צו עפענען אַ שול פאַר קאַליגראַפיע, וואו ייִנגלעך און מיידלעך זאָלן זיך לערנען שרייבן יידיש, און ווער ס׳וויל — אויך רוסיש און פּויליש, האָבן די יידן זייער גערן אָנגענומען דעם פאָרשלאַג, מסכים געווען דעם שרייבער צו צאָלן און די שול האָט זיך טאַקע באַלד געעפנט. אין שול זיינען געווען אַכט כתות, יעדע שעה האָט געלערנט איין גרופּע,

אַזוי אַז אַלע קינדער פון שטעטל האָבן געקאָנט לערנען אין דערדאָזיקער שול.

אין אַ יאָר אַרום, נאָכדעם, ווי די גאַנצע יוגנט כמעט האָט זיך אויסגעלערנט שרייבן, האָט דער קאַליגראַף איבערגעוואַנדערט אין אַן אַנדער שטאָט.

נישט וויניק יסורים האָבן פאַרשאַפט זיינער צייט די קאַפּוליער דעם גראַף אוואַראָווס פּראָיעקטן מכוחן עפענען דורך דער רע־גירונג ראַבינער־ און אַנדערע יידישע שולן. די יידן האָבן זיך מיט רעכט געבראָכן די קעפּ, פאַרוואָס זאָרגט עפּעס פּלוצלונג די רעגירונג אַזוי שטאַרק מכוח דער בילדונג דווקא פאַר יידן, בעת זי האָט לגמרי נישט אַרויסגעוויזן קיין שום אינטערעס צו בילדן די קריסטלעכע באַפעלקערונג פון דערזעלבער געגנט, וואו אין די שטעטלעך און דערפער זיינען אַלע ווי איינער גע־ווען אַנאַלפאַבעטן, האָבן אַפילו נישט געקענט די גרונט־יסודות פון זייער גלויבן, האָבן נישט געקענט לייענען זייערע תפילות, — און נאַטירלעך האָבן די יידן געצויגן פון דידאָזיקע פּראָיעקטן די קאָנסעקווענצן — אַז דאָס איז ווידער נישט מער און נישט ווי־ניקער ווי דער פאַרלאַנג אונטערצוברעכן זייער אמונה. ווידער האָבן נישט געהאָלפן נישט קיין תפילות, נישט קיין תעניתים. דער געזעץ איז געוואָרן פּראָקלאַמירט, און, וואָס ס׳האָט אַממייסטן געקריינקט, דורך דער מיטהילף פון די יידישע אַפּיקורסים.

פאַר די קאַפּוליער גופא האָט זיך אָבער דער ענין געענדיקט גאָר גוט. אמת, מ׳האָט אַרויפגעלייגט אויף זיי אַ נייעם שטייער (ליכט־אָפּצאָל) לטובת די יידישע רעגירונגסשולן. דערפאַר אָבער האָט זיי דער עיקר צרה נישט אָנגערירט: אין קאַפּוליע האָט מען קיין שול נישט געעפנט (רעגירונגס־שולן האָט מען געעפנט בלויז און גובערניאַלע און קרייז־שטעט). דער שטורם, הייסט עס, האָט אונז אויסגעמיטן.

ז׳איז נאָך געווען עפּעס אַן עסק מכח די מלמדים, פון וועלכע מ׳האָט געפאָדערט, אַז אין אַ משך פון אַ באַשטימטער צייט זאָלן זיי אָפּגעבן עקזאַמען פון יידישע און אַלגעמיינע למודים, אויב נישט, וועט מען ביי זיי אָפּנעמען דאָס רעכט צו האַלטן אַ חדר.

אָבער די מלמדים, ס׳רוב מענטשן אין יאָרן, וועלכע האָבן גע־קנעלט פון פרי ביז שפּעט אין דער נאַכט, האָבן זיך נישט געקאָנט גרייטן צום עקזאַמען, דערצו איז נישט געווען ביי וועמען צו לערנען, און, אויסער זייער ווייניקע — זיינען זיי טאַקע צום עקזאַמען נישט געגאַנגען, כאָטש מ׳האָט זיי געהאַלטן אין איין פּראָלאָנגירן.

דערווייל איז אויסגעבראָכן דער קרימער־קריג און מ׳האָט פאַר־געסן אין די חדרים.

דערמאָנט האָט מען זיך ווידער אין די מלמדים און חדרים צו־ליב מאַנדעלשטאַמס אויפגאַבן. ל. מאַנדעלשטאַם, וועלכער האָט אין בילדונגס־מיניסטעריום אָנגעפירט מיט די ענינים פון די יידישע שולן, האָט גענומען אויף זיך די אויסגאַבע פון יידישע לערביכער פאַר די געלט־סכומים פון ליכט־שטייער.

ס׳איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ פילבענדיקע ביבל מיט אַ דייטשער איבערזעצונג אין דייטשע קאָמענטאַריעס, פירושים, (כאָטש מ׳האָט עס גאָר נישט געדאַרפט, ווייל מיט אַ צייט פריער האָבן שוין אין ווילנע א. ב. לעבנזאָן און בן־יעקב אַרויסגעגעבן די ביבל מיט אַ דייטשער איבערזעצונג און זי האָט זיך פאַרשפּרייט אין אַן אומגעהויער גרויסער צאָל), מאַימאָניד מיט אַ דייטשער איבערזעצונג, א העברייאישע גראַמאַטיק, העברייאישע לערנביכער פאַר מתחילים (זייער שלעכטע און דאָס, וואָס ס׳איז געווען אין זיי גוט, האָט מען אַרויסגענומען פון בן־זאב און הערץ האַמבערג). ס׳זיינען אויך אַרויסגעגעבן געוואָרן ביכער, וועלכע האָבן קיין שום שייכות נישט געהאַט מיט אונ־טערריכטס־ענינים, ווי, למשל, שאלות־תשובות פון רבנים און אויך מיט אַ דייטשער איבערזעצונג.

קיין קונים אויף דידאַקטיקע ביכער האָבן זיך נישט געפונען, און מ׳האָט זיי אָנגעוואָרפן די מלמדים. אָבער אַזוי ווי דער מקח פון בוך (אַן ערך 20 רובל) איז געווען גרעסער ווי דער גאנצער פאַרדינסט פון מלמד אין משך פון אַ זמן, האָט פאַרן ספר

געמוזט צאָלן די קהילה אין דער פאָרם פון אַ ן עקסטרע־שטייער.
דער קאַפּוליער שטייער־זאַמלער פּלעגט אַווּעקפֿירן דאָס געלט קיין מינסק און דאָרט אַוועקוואַרפן אויף די רעגירונגס־ביכער.

ביי אונז איז אויף אַזאַ אופן אַלץ געבליבן ביים אַלטן, — „אַלץ איז אויסגעגאַנגען צו געלט“.

---

# צווייטער טייל.

## קינדהייט און יוגנט.

### I

### אַ קליין טיילכל פון דער פאַמיליען=כראָניק.

די פריאיקע קינדהייט האָט עמעצער פאַרגלייכט מיט אַ ליידיקן בויגן פאַפיר, וואָס ווערט צוגעקלעפּט צום אָנהויב פון בוך, און די עלטער מיט אַ בויגן פאַפיר, צוגעקלעפּט צום סוף בוך. דערדאָזיקער פאַרגלייך, ווי בכלל אַנאַלאָגיעס — איז נישט שטענדיק און נישט אינגאַנצן ריכטיק.

די ערשטע זייטן פון מיין לעבנסבוך זיינען פאַר מיר באמת אַ „טאבולא=ראַסאַ“ (אַ ריינער טאָוול). פון די ערשטע פינף יאָר, בעת די איינדרוקן בייטן זיך ווי אין אַ קאַליידאסקאָפּ און ווערן געשווינט פאַרשוואונדן, זיינען אין מיין זכרון געבליבן זייער ווייניק פאַקטן און אַ גאַנץ איינגער קרייז פערזאָנען. דאָס אָבער, וואָס ס'האָט זיך דעמאָלט איינגעפּרעסט איןָ מיין זכרון, האָט זיך איינגעפּרעסט טיף און פעסט, און איז געבליבן מיט אַ גרעסערער קלאָרקייט, ווי די געשעענישן פון נעכטיקן טאָג.

די טייערסטע וועזנס אין מיין פריאיקער קינדהייט זיינען פאַר מיר געווען די מאַמע, דער זיידע און די ניאַניע.

מיין מאַמען, צביה, די יינגסטע טאָכטער פון דעם זקן, דעם קאָ־פוליער רב, רבי זיסקינד, האָט מען חתונה געמאַכט זייער יונג, נישט רעכענענדיק זיך נישט מיט איר ווילן, נישט מיט איר גע־שמאַק.

אָבער באַלד נאָך דער חתונה, אַרויסגייענדיק פון טאַטנס רשות, האָט זי אויסגענוצט איר זעלבסטשטענדיקייט און רעכט, האָט געמאָלדן, אַז דער מאַן געפעלט איר נישט. האָט זיך מיט אים געגט און אין עטלעכע יאָר שפּעטער חתונה געהאַט צום צווייטן מאָל מיט מיין קינפטיקן פאָטער, ישראל, אַ זיבעצן־יאָריקן בחור, אַ זעלטן שיינער און פון גרויס יחוס. ער איז געווען אַן אייניקל פון ר׳ ישראל לעווין, וואָס האָט געהייסן „דער שרעשעווער" און האָט געשמט נאָך בעת דער פוילישער הערשאַפט מיט זיין עשירות, פילאַנטראָפּיע און זיינע פּריינטשאַפטלעכע באַציאונגען מיט די מאַגנאַטן און רעפּרעזענטאַנטן פון דער הויכער אַדמיני־סטראַציע, וועלכע ער האָט אויסגעניצט צו פאַרטיידיקן זיינע גלויבנסגענאָסן*).

---

*) ר׳ ישראל שערעשעווסקיס מיטבירגער, דער שרייבער אידל שערע־שעווסקי האָט מיר זייער פיל דערציילט מכּוח זיין טעטיקייט און דערביי געזאָגט, אַז אין די פוילישע קרייזן האָט מען אים גערופן „דער יידישער מלך".

אין דער יוגנט האָב איך געהאַט רבי ישראלס צואה, וועלכע ער האָט אייגענהענ־טיק אָנגעשריבן אין אַ גוטער רבניש־יודידישער שפּראַך. דעם אויבנאָן אין דער צואה האָט פאַרנומען זיין לערע צו די קינדער, פון וועלכע ס׳זיינען ביי מיר אין זכּרון פאַרבליבן פאָלגענדיקע צוויי ערטער:

„היט אָפּ שטריינג דעם מעשר, און נעמט מיך אַלס ביישפּיל. מיינע גאַנצע יאָרן האָב איך געפירט אַ גענויעם חשבון פון מיינע פּרנסות און אָפּגעגעבן אַ צענטל פאַר אָרעמע לייט. אין מעשר זיינען נישט אַריין די סכומים, וועלכע איך האָב אויסגעגעבן אויף אָרעמע קרובים און אויף נדן פאַר זייערע קינדער, ווייל קרובים זיינען אונזער פלייש און בלוט און הוצאות אויף זיי זיינען אונזערע פּערזענלעכע הוצאות.

דערמאָן מיר דאָס רבונו של עולם צו גוטן!

מער ווי אַלץ האַלט אייער וואָרט! אויך דערמיט זאָל איך פאַר אייך זיין אַ ביי־שפּיל. אַמאָל האָט זיך צו מיר געווענדט אַ גוטסבאַזיצער מיט אַ פאָרשלאַג, איך זאָל ביי אים קויפן אַ גרויסן טראַנספּאָרט תּבואות; ער איז נישט מסכּים געווען אויפן מקח וואָס איך האָב אים געשטעלט און דער מסחר איז נישט געוואָרן. אין

ר׳ ישראל האָט געהאַט איינע נאָך דער אַנדערער זיבן ווייבער. מיט יעדער פרוי האָט ער געהאַט ק׳נדער און דורך זיינע קינדער האָט ער זיך משדך געווען מיט די בעסטע יידישע פאַמיליעס פון ליטע, פוילן און גאַליציע. אָבער יידישע עשירות, פלעגט מען זאָגן ביי אונז אין די אַלטע צייטן, דערהאַלט זיך זעלטן, קוים ביז צום פערטן דור; ס׳האָט זאָגאַר קורסירט אַ ווערטל: „יידישע עשירות קומט מיטן ווינט און גייט אַוועק מיטן רויך.“ מכוח רייכטום און גלאַנץ פון שערעשעווסקים הויז איז דאָסדאָזיקע שפריכוואָרט מקוים געוואָרן. נאָך זיין טויט זיינען אַלע זיינע עסקים און אונטערנעמונגען, וועלכע האָבן זיך געהאַלטן אויסשליסלעך אויף זיין פערזענלעכער געשיקטקייט און גרו׳סע באַקאַנטשאַפטן — אונטערגעגאַנגען, און זיין פאַרמעגן, צעטיילט צווישן דער גאַנצער מחנה יורשים, איז צעזייט און פאַרשוואונדן געוואָרן ווי דער רויך, אַזוי אַז זיין טאָכטער, מיין באָבע שרה, האָט שוין אויף די עלטערע יאָרן געליטן נויט און גאָר אַפילו נישט געקאָנט טראַכטן וועגן אַ שידוך פאַר איר זון, מיין קינפטיקן פאָטער.

חתונה מאַכנדיק אים מיטן קאַפּוליער רבס טאָכטער, האָט זי געהאַט אַ האָפנונג, אַז ביים צדיק אין שטוב וועט איר זון האָבן די מעגלעכקייט צו ווערן אַ תּלמיד־חכם און אפשר גאָר אַ רב. אָבער אויך דידאָזיקע האָפנונג האָט איר אָפּגענאַרט. מיין פאָטער האָט אין קאַפּוליע נישט געקאָנט איינזיצן. אַ לעבנסלוס-

---

צווי חדשים אַרום איז דער פּרייז אויף תבואה געפאַלן אַ סך קלענער, ווי דאָס, וואָס איך האָב פאָרגעשלאָגן. פונדעסטוועגן, אַז דערדאָזיקער גוטסבאַזיצער איז ווידער צו מיר געקומען און געזאָגט, אַז ער איז גרייט מיר צו פאַרקויפן די תבואה אויפן פרייז, וואָס איך האָב אים אָנגעבאָטן און ער האָט נישט געוואָלט, האָב איך, נישט וועלנדיק ב״טן מיין וואָרט, וואָס איך האָב, אמת, געגעבן ביי אַנדערע באַדינגונגען און בין דעריבער איצט נישט געווען פאַראַנטוואָרטלעך — האָב איך באַצאָלט פאַר די תבואה לויטן אָנגעוויזענעם פרייז און דערביי פאַרלאָרן טויזנט דוקאַטן.

אויך דאָס, רבונו של עולם, געדיינק מיר צו גוטן!“

אַ שאָד, וואָס אַזעלכע פאַמיליען-אַקטן בלייבן ביי אונז נישט איבער. זיי האָבן אַ וויכטיקע באַדייטונג ביים שטודירן דאָס לעבן און די זיטן פון יענער עפּאָכע.

טיקער בחור, אַ פֿאַרשוין, צוגעוויינט צו אַ געוויסן קאָמפֿאָרט — זײַנען אים באַלד נמאס געוואָרן דער שטרײַנגער תּלמודישער רעזשים, און די קליינלעכקייט, די גראָשנדיקייט פֿון קאַפּולער לעבן.
אָפּלעבנדיק ביים שווער אין שטוב דריי יאָר, אין משך פֿון וועלכע ס'זײַנען געבאָרן געוואָרן איך און מײַן ברודער פֿייטל, האָט ער געעפֿנט פֿאַר דער מאַמען אַ מאַנופֿאַקטור-געוועלב, און אַליין זיך אַוועקגעלאָזט זוכן באַשעפֿטיקונג אין דער פֿרעמד.

ווי איך האָב שוין פֿריער באַמערקט, איז אין קאַפּולע געווען אַ גאַנץ נעווײַנלעכע זאַך, אַז דער מאַן לאָזט איבער דאָס ווײַב און פֿאָרט זוכן גליקן. איינע פֿלעגן פֿאָרן, כּדי זיך פֿאַרפֿולקומען אין תּורה, אַנדערע — זוכן פּרנסה, אַזוי, אַז צען חדשים אין יאָר איז קאַפּוליע געווען אַ מין אַמאַזאָנקעס-שטאָט אָדער ריכטי-קער אַ שטאָט פֿון יונגע הענגדלערקעס, וועלכע האָבן געפֿירט אַ האַרטן עקזיסטענץ-קאַמף אָן דער הילף פֿון שטאַרקן געשלעכט. לעבעדיק פֿלעגט אָבער דערפֿאַר ווערן אין קאַפּוליע אין די ימים טובים, פּסח און סוכּות, בעת דידאָזיקע אַלע יונגע מלמדים, משרתים און „פּרושים“ פֿלעגן ווי די פֿייגעלעך קומען צופֿליען פֿון אַלע עקן קאַנטן אין זייערע היימישע נעסטן. אויפֿגעלעבט האָבן דעמאָלט נישט בלויז די יינגע ווײַבלעך, נאָר אויך די גאַנצע שטאָט: ערשטנס, פֿלעגן די יונגעלייט מיטברענגען מיט זיך אַ ביסל מזומן, שכירות פֿאַרן זמן קנעלן אָדער אַרבעט, און, צווייטנס, אינטערעסאַנטע נײַעס און ידיעות מכּוחן לעבן אין די ווייטע מקומות. אָפּמאָל פֿלעגן זיי אויך אַרײַנברענגען נײַע ביכער און נײַע אידייען.
אַ דאַנק זײַנע קרובים, איז מײַן פֿאָטער באַלד געלונגען צו באַ-קומען, לויט יענער צײַט, אַ זייער גוטן פּאָסטן אין וואַלד-גע-שעפֿט פֿון באַוואוסטן ביאַליסטאָקער גביר איטשע זאַבלודאָווסקי. ווינטער האָט מײַן פֿאָטער פֿאַרבראַכט אין ביעלאָוועזשער וואַלד, וואו ער האָט אָנגעפֿירט מיט דער אַרבעט ביים אויסהאַקן דעם וואַלד און צושטעלן דאָס געהילץ צו דער נאַרווע, אין פֿרילינג—

ביים צונויפבינדן די פלאָטן און אַוועקלאָזן זיי איבערן טייך קיין דאַנציג; דאָרט פלעגט ער בלייבן איבער זומער און פאַרקויפן די סחורה אויסלענדישע פירמעס. אַהיים האָט ער געקאָנט קומען נישט מער ווי אויף סוכות, ס׳האָט אָבער געטראָפן, אַז ער פלעגט אונז באַזוכן איינמאָל אין צוויי, דריי יאָר, אַזוי, אַז איך און די איבעריקע קינדער, וועלכע זיינען געבאָרן געוואָרן אין משך פון זיין אַכצניאָריקן דינסט, זיינען געוואַקסן אָן פאָטערס השגחה.

נישט קענענדיק כמעט דעם טאַטן, האָב איך זיך שטאַרקער צו־געבונדן צו דער מאַמען און צום זיידן, רבי זיסקינד, וואָס ביז צו מיין אַכטן לעבנס־יאָר האָט ער מיר פאַרביטן דעם פאָטער.

אים און דעם קאַפּולער ראַבינאַט בכלל ווידמע איך דעם פאָל־גענדיקן קאַפּיטל.

---

II

## די קאַפּולער רבנים

דער קאַפּולער „רבנישער טראָן“ (כסא הרבנות) האָט אין די אַלטע צייטן אין ליטע געהאַט אַ שטאַרקן שם, בעיקר דער־פאַר וואָס אין לעצטן פערטל פון 18־טן יאָרהונדערט איז אויף אים געזעסן דער גרויסער רב רבי יום־טוב ליפמאַן, דער אור־אייניקל פון באַרימטן רב מיטן זעלבן נאָמען, דער מחבר פון דעם פירוש צו משנה אונטערן נאָמען „תוספות יום־טוב“ די קורצע באַמערקונגען צום תלמוד פון קאַפּולער רב רב יום־טוב, וועלכע זיין אייניקל האָט נישט לאַנג אַרויסגעגעבן

אונטערן נאָמען „תּוספות־קדושה און „קדושת יום־טוב“ זיינען אין דער רבנישער וועלט שטאַרק באַרימט. ביי זיין לעבן אָבער האָט רבי יום־טוב, — ווייט פון אהבת־הכּבוד און, ליבע צו געלט — קיין זאַך נישט געדרוקט פון זיינע חבורים און נישט קוקנדיק דערויף, וואָס דורך זיין גרויסן פּרסום, האָט ער לייכט געקאָנט קריגן די בעסטע רבנות אין ליטע, האָט ער זיין גאַנץ לעבן פאַרבראַכט אין אָרעמקייט און דחקות ביי דער אָרעמער קאַפּו־ליער קהילה. איבערגעגעבן דעם למוד התּורה מיט זיין גאַנצער נשמה און ווייט פון אַלע וועלטלעכע ענינים, פלעגט ער זיין ביי זיך אין דער היים בלויז שבתים און ימים־טובים ; זיין גאַנצע צייט פלעגט ער פאַרברענגען אין דעם ווינקל אונטערן אויוון, וועלכן איך האָב שוין דערמאָנט, אין קלויז, וואָס איז פון יענער צייט אָן געוואָרן „אַ היסטאָרישער“. דאָרט האָט ער גע־געסן און געשלאָפן, דאָרט געלערנט, געלייזט רעליגיעזע און געזעלשאַפטלעכע פראַגן און דאָרט אויך געשריבן זיינע חבורים.

כאַראַקטעריסטיש פאַר דער פערזענלעכקייט פון דאָזיקן רב איז פאָלגענדיקער פאַקט, וועלכער ווערט איבערגעגעבן דורך זיין איי־ניקל אין דער הקדמה צו זיין חבור „קדושת יום־טוב“ און איז בפּרוטרוט באַשריבן אין קאַפּוליער פּנקס, וועלכן איך האָב גע־האַט ביי זיך אין מיינע יונגע יאָרן. נאָכן טויט פון „לעצטן“ ווילנער רב רבי שמואל, האָט די ווילנער קהילה באַשלאָסן איינ־צולאַדן אויף זיין אָרט רבי יום־טובן.

צו דעם צוועק האָט מען אים געשיקט אַ דעפּוטאַציע פון באַ־רימטע ווילנער באַלעבאַטים מיט אַ „כּתב־רבנות“, אונטערגעשריבן דורך די געמיינדע־פאָרשטייער. קומענדיק קיין קאַפּוליע, זיינען די דעפּוטאַטן אַוועק צום רב אין שטוב, האָבן אים אָבער נישט געפונען אין דער היים. די רביצין האָט אים נישט געוואָלט שיקן רופן פון קלויז, כּדי אים נישט צו שטערן אין לערנען. די די דעפּוטאַטן האָבן דעריבער געמוזט וואַרטן ביז שבת, בעת דער הייליקער רבי יום־טוב איז געקומען צו גאַסט אַהיים.

דערוויסנדיק זיך מכּח וואָס די ווילנער זיינען געקומען, האָט

ר׳ יום־טוב מוצאי־שבת צונויפגערופן די קאַפּוליער באַלעבאַטים און, איבערגעבנדיק זיי מכח זיין נייער באַשטימונג, האָט ער מודיע געווען, אַז אַזוי ווי דאָס שכירות 35 גראָשן אַ וואָך, וואָס ער קריגט אין קאַפּוליע, איז אים ווייניק אויף מפרנס צו זיין ווייב און קינדער, וועט ער זיין געצוואונגען, — אויב די געזעלשאַפט וועט נישט מסכים זיין אויף אַ קליינער הוספה — איבערפאָרן קיין ווילנע.

דידאָזיקע מעלדונג האָט שטאַרק צערודערט די קאַפּוליער : פון איין זייט איז געווען זייער שווער זיך צעשיידן מיטן הייליקן מאַן, און פון דער אַנדער זייט — וואו נעמט מען מיטלען אויף אַ הוספה ? אָבער אַזוי ווי ביידע צדדים האָבן זיך קעגנזייטיק שטאַרק סימפּאַטיזירט, האָט מען סוף כל סוף געפונען אַן אויס־וועג פאַר דערדאָזיקער שווערער דילעמע. דער קאָמפּראָמיס איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס די קאַפּוליער האָבן מוסיף געווען רבי יום־טובן אַנדערטהאַלבן גראָשן אַ וואָך, און ער איז געבליבן אין קאַפּוליע.

אַ קורצע צייט נאָך רבי יום־טובס טויט — דערציילט ווייטער דער פּנקס — איז געווען איינגעלאַדן קיין סלוצק אויפן כסא־הרבנות רבי יוסף פרימאַר (ריכטיקער באָהמער — פון באָהעמיע), וועלכער איז באַוואוסט אונטערן נאָמען רבי יאָסעלע סלוצקער*).

*) רבי יאָסעלע סלוצקער וועלכער האָט אין אַ משך פון עטלעכע צענדליק יאָר פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם אָרט צווישן די ליטווישע רבנים, האָט געטראָפן אַ גרויסער אומגליק: זיין זון ישראל, וועלכער האָט אַ דאַנק זיינע אויסערגעוויינלעכע פעאיקייטן געקאָנט מאַכן אַ גלענצענדע קאַריערע אַלס רב, איז אַרויסגעגאַנגען לתרבות-רע, איז אַריינגעפאַלן „אין אַפּיקורסות”. ער האָט אַוועקגעוואָרפן ווייב און קינדער און איז אַוועק קיין אויסלאַנד, וואו ער האָט זיך גענומען צום שטודירן און איז אין אַ צייט אַרום געוואָרן באַרימט דורך זיינע פאָרשונגען אויפן געביט פון יידישער געשיכטע, וועלכע זיינען געווען גע־דרוקט אין די דעמאָלטיקע אויסלענדישע אויסגאַבן. אין אַ באַזונדערער אויסגאַבע זיינען געווען געדרוקט זיינע ווערק „כיצד מעריכין” און „כתבי ישראל באהמער”. באַזונדערס מערקווירדיק זיינען זיינע אויספאָרשונגען וועגן די אַסים. שטאַרק צע־בראָכן פון צער, האָט רבי יאָסעלע אַ צייט לאַנג נישט געוואָלט גאָר הערן פון זיין „פאַרפירטן” זון, אָבער אויף דער עלטער האָט ער זיך נאָך אים פאַרבייינקט

אויפן וועג קיין סלוצק איז רבי יאָסעלע אויסגעקומען צו האַלטן שבת אין קאַפוליע. דערהערנדיק פון די קאַפוליער תּלמודיסטן, וועלכע האָבן אים באַזוכט, רבי יום-טובס עטלעכע חדושים, האָט ער, באַוואונדערנדיק יענעמס ערודיציע, געמאָלדן, אַז אויב אין קאַפוליע, וואָס קאָן הייסן די פאָרשטאָט פון סלוצק, געפינט זיך אַזאַ גרויסער תּלמיד-חכם. קאָן ער, רבי יאָסעלע נישט האָבן דעם מוט אָנצונעמען די רבנות אין סלוצק; אַז מהאָט אים אָבער געזאָגט, אַז רבי יום-טוב איז נפטר געוואָרן, האָט רבי יאָסעלע באַמערקט: „נו אויב אַזוי, פאָר איך קיין סלוצק; פאַר טויטע האָב איך קיין מורא נישט."

אין עטלעכע צענדליק יאָר אַרום נאָך רבי יום-טובס טויט האָט פאַרנומען דעם קאַפוליער כּסא-הרבנות רבי בער.

די קאַפוליער האָבן פון אים שטאַרק געהאַלטן פאַר זיין גרויס לומדות און נאָך מער פאַר זיין אומאייגענוציקייט און הייליקן לעבן, כאָטש זיי האָבן געקוקט קרום אויף דעם, וואָס זיין האַנט-בוך איז געווען דער קאָדעקס פון רמ"בם, מיט וועלכן ער האָט זיך אויסשליסלעך באַנוצט ביים לעזן טעאָלאָגישע פראַגן, איגנאָרירנדיק לגמרי די שפּעטערדיקע רבנישע אויטאָריטעטן.

זייער פאַרוואונדערונג האָט זיך נאָך פאַרשטאַרקט, בעת זיי האָבן נאָך רבי בערס טויט דערזען אין זיין ביבליאָטעק די ווערק פון מענדעלסאָן און וועסעלי; אָבער אַזוי ווי אין רבי בערס צדקות איז קיין שום ספק נישט געווען, איז ער ממש געבליבן פאַר די קאַפוליער אַ רעטעניש.

אין זיין יוגנט איז רבי בער געווען אַ הויזלערער ביים איוועניצער גביר שמואל עליאַשבערג, אַ הייסער אָנהייגער פון

---

און האָט אים אָנגעהויבן רופן צו זיך, מאָטיווירנדיק דאָס דערמיט, וואָס ער וויל, אַז זיין זון זאָל אים דערקלערן איין טראַקטאַט פון דער רבנישער ליטעראַטור, נעמליך די יסודות פון מאַימאָנידס יידישן קאַלענדאַר, וועלכער איז פאַר אים געבליבן פינסטער, ווייל ער האָט נישט פאַרשטאַנען קיין מאַטעמאַטיק און קיין אַסטראָנאָמיע. ישראל באָהמער איז אויפן רוף פון זיין פאָטער געקומען צוריק קיין סלוצק, וואו ער איז אויך געשטאָרבן פאַר זיין פאָטערס לעבן.

באַרימטן רבי מנשה בן פורת, וועלכער איז געווען באַקאַנט אונטערן נאָמען מנשה איליער. זיין ווערק „אלפי מנשה" האָבן די ווילנער רבנים דערקלערט אַלס אַפּיקורסות און האָבן עס עפנטלעך פאַרברענט אויפן ווילנער שול-הויף*).

ביי עליאַשבערגן אין שטוב האָט זיך רבי בער דורכגעדרונגען מיט דער לערע פון דאָזיקן צדיק-רעפאָרמאַטאָר; ווערנדיק קאַ-

---

*) ביים זעלביקן עליאַשבערג איז נאָכדעם געווען הויזלערער מ. פלונגיאַנסקי — שפּעטער דער איבערלערער פון ווילנער ראַבינער-שול און טאַלאַנטפולער שרייבער. מ. פלונגיאַנסקי. ווי רבי בער, האָט זיך אין דעמדאָזיקן הויז דורכגעדרונגען מיטן גייסט פון גרויסן רבי מנשה, אָבער להיפוך פון רבי בערן איז ער געוואָרן זיין אָפענער אָנהייגער און פּאָפּולאַריזאַטאָר. אויפן גרונט פון די ידיעות, וואָס ער האָט באַקומען פון שמואל עליאַשבערג מכּוח לעבן און דער לערע פון רבי מנשה, האָט פלונגיאַנסקי צונויפגעשטעלט און אַרויסגעגעבן אין יאָר 1858 אַ פּאָרטרעפלעכע מאָנאָגראַפיע „בן-פורת". דאָסדאָזיקע פלונגיאַנסקיס בעסטע ווערק האָט אַ גרויסן ווערט דערמיט, וואָס דורך אים איז פאַר דער געשיכטע געבליבן גאַנץ דידאָזיקע ליכטיקע פערזענליכקייט. די לערע, וועלכע ס'אַנטהאַלט דאָסדאָזיקע ווערק אין רבי מנשהס רעפאָרם — שטרעבונגען, וועלכע האָבן איבערגעוואָקסן זייער דור, זיינען געווען ווי צוגעפּאַסט פאַר דער תקופה פון סוף פון די 50-קער יאָרן. אין דאָזיקן ווערק דערשיינט פלונגיאַנסקי נישט בלויז אַלס רבי מנשהס ביאָגראַף, נאָר אויך אַלס טאַלאַנטפולער קאָמענטאַטאָר און פאַרזעצער פון זיין לערע. רבי מנשה, למשל, האָט באַמערקט, אַז דער תלמוד האָט אָפטמאָל נישט פאַרשטאַנען דעם טעקסט פון דער משנה און איז דעריבער געקומען צו נישט ריכטיקע באַשלוסן און תקנות. פלונגיאַנסקי, זייענדיק אַ טיפער קענער פון דער תלמודישער ליטעראַטור, האָט עס פון זיין זייט באַשטעטיקט מיט ביישפּילן. ווי רבי מנשה, באַווייזט אויך פלונגיאַנסקי דורכן תלמוד גופא די אומבאַגרינדלעכקייט פון אַ סך רבנישע תקנות, וועלכע באַשווערן דאָס לעבן. דאָס ווערק „בן-פורת" האָט אַרויסגערופן קעגן פלונגיאַנסקין די גרעסטע שנאה פון אָרטאָדאָקסן, און איינמאָל, ווי ער האָט מיר אַליין דערציילט, האָט ער שיעור נישט באַצאָלט מיטן לעבן. אין יאָר 1858, בעת דערדאָזיקער ספר איז דערשינען אין ווילנא, איז פלונגיאַנסקי אַריין פורים אין אַ בית-המדרש הערן די מגילה, דערוויסנדיק זיך, אַז אין שול געפינט זיך דער „אַפּיקורס" מרדכי פלונגיאַנסקי, האָט דער גאַנצער עולם, וועלכער איז באַשטאַנען פון פינסטערע מענטשן, אָנגעהויבן שרייען „על גט מרדכין צוזאַמען מיט המנען!" די פאַנאַטיקער האָבן זיך אַוואָרף געטאָן אויף אים מיט שטעקנס, און נאָר אַ דאַנק עטלעכע יונגעליים, וועלכע האָבן אים פאַרשטעלט און אַליין מקבל געווען די קלעפּ, איז פלונגיאַנסקין געלונגען זיך אַרויסצודרייען פון זיינע פאַרפאָלגער.

פוליער רב, האָט ער זיך אין פערזענלעכן לעבן געפירט לויט דער שטרייגנער עטיק פון רבי מנשה און, גלייך ווי יענער, זיך באַמיט צו פאַרלייכטערן דעם „עול התורה"; אָבער זיינע אָנ־שויאונגען אויף אַ סך זייטן פון רעליגיעזן לעבן האָט ער פון עולם באַהאַלטן, רעכענענדיק זיי פאַר פריצייטיק, און האָט זיי אויפגעדעקט בלויז פאַר זיינע יונגע תּלמידים.

די דאָזיקע רבי בערס תּלמידים, זיך פאַרנאַנדערגייענדיק איבער ליטע אַלס רבנים, מלמדים און „פּרושים" האָבן בסודי־סודות פאַרשפּרייט זיין לערע.

די קאַפּוליער האָבן אויף זיי געקוקט מיט חשד, געבנדיק זיי דעם צונאָמען „רבי בערס חברה".

---

נאָך רבי בערס טויט האָט דערפילט די פליכטן פון קאַפּוליער רב מיין זיידע רבי זיסקינד.

שטאַרק האָט זיך איינגעפּרעסט אין מיין קינדערשער נשמה און איז געבליבן ביז היינטיקן טאָג אין מיין זכרון די איידעלע פיגור פון דאָזיקן זקן דעם חכם. פרום און אַ גרויסער תּלמיד־חכם האָט ער זיך עטלעכע מאָל אָפּגעזאָגט פון רבנות און האָט געפירט אַן עניותדיק לעבן פון אַ קאַפּולער בירגער, אַ באַלע־באָס פון מיטעלן שטאַנד. אין דער יוגנט האָט ער זיך באַשעפ־טיקט מיט מסחר, אָפּגעבנדיק דערביי דעם גרעסטן טייל פון טאָג דעם למוד התורה.

די גאַנצע קהילה האָט פון אים שטאַרק געהאַלטן און האָט זיך באַצויגן צו אים מיט דער גרעסטער אַכטונג.

איבערנעמענדיק אויף זיך נאָך רבי בערס טויט, צוליב דער דרינגלעכער פאָדערונג פון די קאַפּוליער, די רבנישע פליכטן, האָט ער נישט איבערגעביטן זיין אַרט לעבן, האָט זיך געהאַלטן עניותדיק און נישט אַפּישירט זיין פרומקייט. ער איז געווען פריינטלעך מיט יעדן מענטשן, האָט זיך קיין מאָל נישט אָפּגע־

רופן וועגן מענטשן שלעכט, זוכנדיק אין יעדערן זיינע גוטע זייטן. אויך אין גלויבנס-ענינים איז ער געווען טאָלעראַנטער פון זיין עולם באַלעבאַטעם. אַלס ביישפּיל קאָן דינען דער פאָל-גענדקיער פאַקט.

רבי זיסקינדס עלטערער איידעם, רבי אליהו גאָלדבערג (שפּעטער רב אין פּארעשק און באָברויסק), וועלכער האָט זיך אויסגע-צייכנט מיט זיין פרומקייט און לומדות, האָט געלעבט עטלעכע יאָר אַלס אַ „פּרוש" אין ווילנע, וואו ער האָט געהאַט באַציאונ-גען מיטן ווילנער גאונס תּלמידים. ער איז צוריקגעקומען פון דאָרט אַלס גרויסער למדן מיט סמיכות אויף רבנות, אָבער די קאַפּוליער „פּרושים" האָבן באַמערקט אין אים אַ געוויסן שנוי: ראשית, האָט ער אָפּגעגעבן אַ סך צייט דעם „מוסר" (עטיק) און שנית האָט ער מיטגעבראַכט פון ווילנע אַ דייטשישן געאָגראַפישן אַטלאַס, וואוהין ער האָט ליב געהאַט אַריינצוקוקן.

אַלץ אינאיינעם איז, פאַרשטייט זיך, געווען אַ ביסל קשה, אָבער רבי אליהוס פרומקייט איז געשטאַנען אויסער אַלע חשדים, פונדעסטוועגן איז באַלד מיט אים פאָרגעקומען אַ סקאַנדאַל. און ווען? אום יום כּפּור, אין טאָג פון שרעקלעכן יום-הדין, ווען די קאַפּוליער אָנגעטאָן אין קיטלען האָבן פאַרבראַכט אין פאַסטן אין תּפילות, בעטנדיק ביים אַלמעכטיקן דין מחילה און סליחה אויף די שווערע חטאים; אין דעם טאָג, דוקא ביי נעילה, בעת דער דין אין הימל איילט זיך שוין צו פאַרענדיקן די ענינים, אונטערצעשרייבן די אורטיילן — „מי לחיים, ומי למות, מי באש ומי במים, מי יעשר, ומי יעני" — וועמען צום לעבן און וועמען צום טויט, וועמען דורך פייער און וועמען דורך וואַסער, ווער זאָל רייך ווערן און ווער זאָל פאַראָרעמט ווערן — אין דער צייט איז רבי אליהו אַרויס פון קלויז, אַוועק און נישט צוריקגע-קומען. די בחורים און די „פּרושים" האָבן זיך דערשראָקן און זיינען אים געגאַנגען זוכן. לאַנג האָבן זיי אים געזוכט און סוף-כּל-סוף געפונען אים אין „הקדש" — דאָרט איז רבי אלינקע געשטאַנען, געהאַקט האָלץ און געלייגט אין אויוון, וואו ער האָט געקאָכט זופּ פאַר די אָרמע קראַנקע. מ'קען זיך לייכט פאָר-

שטעלן די פאַרוואונדערונג און דעם צאָרן פון די יונגעלייט אַנרופנדיק אים אפּיקורס, זיינען זיי אַוועקגעלאָפן אין קלויז און האָבן דערציילט פאַר די באַלעבאַטים מכוח דערדאָזיקער מעשה נוראָ; יענע, דערשיטערט ביז דער טיפעניש פון זייער נשמה, האָבן איבערגעגעבן די בשורה רבי זיסקינדן.

אויסהערנדיק די אָנקלאָגער, האָט רבי זיסקינד געזאָגט:

„יאָ, ס'איז אַ חרפה, וואָס דערדאָזיקער יונגער מענטש האָט בעסער פאַרשטאַנען וויאַזוי צו פאַרברייגגען דעמדאָזיקן הייליקן חוי מיר, זקנים!"

רבי זיסקינדס אויטאָריטעט האָט דעם עולם באַרואיקט; אָבער דערדאָזיקער אינצידענט האָט נאָך אַ צייט לאַנג געדינט אַלס טעמע פאַר געשפּרעכן און וכוחים.

---

III

# מיין ניאַניע רויזע.

אַ פרוי אין מיטעלע יאָרן, וואָס דער מאַן האָט איר אַוועקגעוואָרפן, און זי האָט נישט געוואוסט וואו ער איז הינגעקומען, איז רויזע אָנגעקומען צו אונז אַלס „מיידל צו אַלץ". זי האָט געקאָכט, געוואַשן, געבאַקט ברויט, אַלעמען באַדינט און, אַזוי ווי אין שטוב איז נישט געווען קיין באַלעבאָסטע, האָט זי אומעטום פאַרנומען איר אָרט; צו דעם אַלעם איז נאָך אויף איר געלעגן די פליכט אַכטונג צו געבן אויף מיר אויך.

דידאָזיקע פליכט האָט זי אָבער געהאַלטן פאַרן אָנגענעמסטן חוב: אַן איינזאַמע, אָן אַ קינד, אָן אַ רינד, האָט זי אויסגעגאָסן אויף מיר איר גאַנצע אָנגעבאָרענע מוטערלעכע ליבע. וואָס זי זאָל נישט האָבן געטאָן, פלעגט זי פון מיר נישט אַראָפּנעמען די אויגן, און קוים האָט זי נאָר געהאַט אַ פרייע מינוט, פלעגט זי

מיך פיעסטן, ממש טראָגן אויף די הענט. עפּענענדיק אינדער־פרי די אויגן, פלעג איך איר כסדר געפינען ביי מיין בעט. תיכּף פלעגט זי מיך נעמען אויף די הענט, אַרומוואַשן און זאָגן מיט מיר ברכה; לייגנדיק מיך שלאָפן, האָט זי מיט מיר תמיד געלייענט קריאת־שמע. מיט דער צייט בין איך געוואָרן איר אָפּגאָט, איר טרייסט, דאָס ציל פון איר לעבן, און איך האָב איר געצאָלט מיט דערזעלבער מטבע.

באַזונדערס האָב איך זי ליב־געהאַט פאַר אירע לידער און מעשיות. זי איז ממש געווען אַ לעבעדיקע זאַמלונג פון פאָלקס־לידער און מעשיות און, גאָט מיינער, ווי וואונדערבאַר פלעגט זי זינגען און דערציילן!

ס'האָט זיך געשפּירט, אַז דידאָזיקע ווערק פון פאָלקסשאַפונג האָט זי נישט בלויז איינגעחזרט, נאָר זיי בילדן דעם בעסטן טייל פון איר מהות; דורך זיי פלעגט זי אויסדריקן די אייגענע האָפנונגען, אויסוויינען אירע פערזענלעכע ליידן. זינגען פלעגט זי אירע לידער געוויינלעך בין־השמשות־צייט, בעת די אַרומיקע אַטמאָ־ספערע האָט אַמבעסטן האַרמאָנירט מיט זייער אינהאַלט; צום דאָזיקן תוכן איז אויך געווען צוגעפּאַסט די טרויעריקע מאָטיוון און איר אומעטיקער טאָן, — די נגונים און דער טאָן, וועלכע הערשן אויך אין דעם בית־המדרש־געזאַנג.

קיין פרייד, — גליק־און ליבע־לידער זיינען אין רויזעס רעפּער־טואַר נישט געווען, אויך קיין העלדן־לידער האָט זי נישט גע־זונגען.

דער גרונט פון דער יידישער פאָלקס־פּאָעזיע אין גלות איז טרויער, שמערץ און ליידן, וועלכע ווערן פאַרקלענערט דורך דער האָפענונג און פאַרזיסט דורכן גלויבן און דורכן געפיל פון נאַציאָנאַלן שטאָלץ.

אין די מעשיות, ס'רוב וועגן אַ פּרינץ און אַ פּרינצעסין, וועגן אַ רב מיט אַ רביצין, דאָמינירט אויך דער טרויעריקער טאָן.

די העלדן און העלדינס זיינען די פאַרקערפּערונג פון שיינקייט און גוטסקייט, זיי ליידן, טראָגן אַריבער פאַרשידענע אומגערעכ־

טיקייטן און פאַרפאָלגונגען, אָבער סוף־כל־סוף ווערן זיי ניצול און הונדערטפאַכיק באַלוינט פאַר די איבערגעלעבטע באַליידי־קונגען. די גערעכטיקייט ווערט אָפט אונטערגעוואָרפן אונטער שווערע נסיונות, אָבער העלדיש און מוטיק טראָגט זי זיי אַריבער און סוף־כל־סוף איז זי מנצח דאָס שלעכטע, ווייל „ביי גאָט איז נישטאָ קיין נישט אמת". רויזע פלעגט אויך קאָנען דערציילן זייער אַ סך מכות מלאכים און טייוואָלים, מכ־חן לעבן פון צדיקים, בעלי־מופתים און הייליקע מאַרטירער, וועלכע זיינען מיט שמחה געגאַנגען אויף די שייטערהויפנס על קדוש השם. דעם גן־עדן און גיהנם און זייערע תושבים פלעגט זי שילדערן אַזוי לעבעדיק, פונקט ווי זי זאָל זיי האָבן געזען מיט אירע אייגענע אויגן.

און מיר האָט זי געפונען אַ דאַנקבאַרן צוהערער. צוהערנדיק זיך צו אירע דערציילונגען, האָב איך איבערגעלעבט אַלע אירע ליידן און פריידן פון אירע העלדן און אַ דאַנק איר השפעה, האָב איך זיך נאָך פארן אָנקומען אין חדר דורכגעדרונגען מיטן גייסט פון יידנטום, מיט זיינע האָפענונגען, מיטן גלויבן אין גאָט, אין זיין גערעכטיקייט און מיט דער פולער איבערצייגונג אין דעם אתה־בחרתנו פון פאָלק־ישראל. בקצור, איך בין געווען אַן אמתר ייד אין מיניאַטור. נישטאָ קיין גוטס אָן שלעכטס און קיין שלעכטס אָן גוטס. און דאָס שלעכטע אין רויזעס השפעה איז געווען דאָס, וואָס איך בין געוואָרן אַן אומגליקלעכער פאַנטאַ־זיאָר, די פאַנטאַזיע פלעגט ביי מיר אָפט פאַרנעמען דעם אָרט פון דער ווירקלעכקייט און, יאָגענדיק זיך נאָך פייגעלעך אין דער לופטן, פלעג איך אָפט אַרויסלאָזן פון די הענט דאָס רעאַלע, דאָס ווירקלעכע, בקצור, איך בין געבליבן אויף אייביק אַ מענטש „אַן אומפּראַקטישער".

רויזע איז אַוועק (איר מאַן איז צוריק געקומען און האָט איר גענומען צו זיך), אָבער איר גייסט איז געבליבן. פריער, אַלס קינד און שפּעטער שוין, אַלס בחור האָב איך ליב געהאַט אין דער פרייער צייט, ליגנדיק אויפן בעט, אָדער שפּאַצירנדיק הינטערן שטאָט, זיך אָפּצוגעבן מיט מיינע פאַנטאַזיעס. אַ מאַ־

טעריאַל האָב איך געהאַט אַ גרייטן – רוויזעס מעשיות אין דער־ציילונגען, אָבער איך פלעג זיי אבערמאַכן אויף מיין אייגענעם שטייגער. איך גופא בין געוואָרן זייער העלד אין מיין „איך" האָט זיך אין זיי געביטן אין פאַרשידענע צייטן לויט די שנוים פון מיינע אָנשויאונגען, שטרעבונגען און אידעאַלן.

אָט שטעל איך מיר פאָר, אַז איך בין אַן „עלוי": צו אכט יאָר קאָן איך שוין אויסנווייניק גאַנץ תורה, צו דרייצן גאַנץ ש"ס, צו פופצן אַלע פוסקים. איך האַלט. וואונדערבאַרע דרשות, אַלע זיינען פון מיר אַנטציקט און הערן נישט אויף מיך צו לויבן; די גבירים פון אַלע לענדער שלאָגן זיך פאַר מיר, יעדערער וויל מיך כאַפּן אַלס חתן פאַר זיין טאָכטער. איך ווער פראָגער רב*). די רבנים פון אַלע לענדער ווענדן זיך צו מיר מיט די שווערסטע רעליגיעזע און יורידישע שאלות, איך קעניג, מיין וואָרט – איז אַ געזעץ פאַר כל ישראל.

אָדער איך בין דער ווילנער בעל־הביתל**). איך האָב אויפגעהויבן מיין שטים – און דאָס גאַנצע פאָלק איז אַנטשוויגן געוואָרן, ווי אויסגעשטאָרבן; איך הויב אויף אַ טרויעריקן טאָן, – און אַלע צעגיסן זיך פון געוויין; איך זינג אַ פריילעכע אַריע, און אַלעמען ווערט ליכטיק אין די אויגן, די פּנימער גלאַנצן פון פרייד; איך בין אַ מכשף, אַ הערשער איבער די נשמות. איך שפיל מיט די הערצער פון די מענטשן ווי מיט אַ פּילקע. צו־פעליק האָט דערהערט מיין שטים די וואונדערשיינע גרעפין טישקעוויטש, און איר איידעל הארץ האָט אַ ציטער געטאָן. זי איז משוגע געוואָרן און האָט זיך אויפגעהאָנגען.

---

*) פראָגער רבנות האָט אין אַ משך פון דורות געשמט אַלס איינע פון די גרעסטע.

**) אונטערן נאָמען בעל־הביתל איז באַקאַנט אַ בחור אַ ווירטואָז, וועלכן מ'האָט חתונה געמאַכט, בעת ער איז נאָך געווען אַ יונגל, כדי ער זאָל קאָנען באַקומען דעם הויכן פּאָסטן פון אַ חזן אין ווילנער שול. וועגן דער וואונדער־באַרער ווירקונג פון זיין געזאַנג, וועגן דער אומגליקלעכער ליבע צו אים פון אַ פּוילישער גרעפין און אויך מכח זיין פריצייטיקן טויט זיינען פאַרבליבן וואונדער־לעגענדעס.

און מיין שטים ווערט אַלץ זיסער, מיינע געפילן — אַלץ צאַרטער, און מיין נשמה, אַנערקענענדיק, אַז דער קערפּער איז פאַר איר אַ צו גראָבע הילע, אַז אַ גאָרגל וואָס באַשטייט פון פלייש און אָדערן — איז אַ צו שוואַכער אָרגאַן אויף איבערצוגעבן די הויכע געפילן און דערהויבענע מחשבות—טראָגט זיך איבער אין הימל, טרעט אַריין אין כאָר פון די מלאכים, ביים כסא הכבוד, און דאָרט איז זי זיך מיחד מיט דער וואונדערשיינער גרעפין און איז נהנה מזיו השכינה. אָדער איך בין אַ „למד־וווניק", איך בין אַ גרויסער גאון, אַלע בוקן זיך פאַר מיר און פאַלן פאַר מיין גרויסקייט.

דאָס איז אָבער אַ צו גרויסער גליק פאַרן זינדיקן מענטשן, און איך טו זיך אָן אין שמאַטעס, פאַרלאָז מיין היים, כדי אָפּצעריכטן גלות. איך וואַנדער פון שטאָט צו שטאָט, פון דאָרף צו דאָרף, באַהאַלטנדיק אומעטום מיין נאָמען און מיין לומדות, דערנער איך זיך מיט ברעקלעך; אין די שולן און בתי־מדרשים איז מען מיך מבזה ווי אַן עם־ארץ, די פויערישע יינגלעך אין די דערפער מאַכן פון מיר חוזק ווי פון אַ יידן אַ שלעפּער, וואַרפן אויף מיר שטיינער, רייצן אויף מיר אָן בייזע הינט; געדולדיק טראָג איך דאָס אַלץ אַריבער, באַקלאָג זיך נישט אויף קיינעם און דורכן לאַנגן בעטלערשן וואַנדער־לעבן בין איך לגמרי מנצח דעם שטן־המשחית, דעם יצר־הרע, און באַהערשנדיק אַלע מיינע תאוות, הויב איך זיך אויף אין הימל מיטן פריילעכן באַוואוסט־זיין, אַז נישט אומזיסט האָב איך געלעבט, אַז איך בין געווען איינער פון די 36 עמודים, אויף וועלכע ס׳האַלט זיך די וועלט.

ווייטער פאַרענדיקט זיך דאָס בילד מיטן ברייטן קבלת־פנים פון אונזערע אבות ביים שער־השמים, מיט די ברכות פון די מלאכי־השרת א. אז. וו.

און פאַרוואָס זאָל איך נישט זיין דער הייליקער משיח?.. יאָ, איך בין משיח, דער אמתער משיח. באַדעקט פון קאָפּ ביז די פיס מיט וואונדן, געשמידט מיט אייזערנע קייטן, וואוין איך אין דער עיר־הבירה רוים, אין דער שטאָט אדום הרשע. איך זע די

לײדן פון מײן פאָלק, זײנע געשרײען דערגרײכן צו מיר פון אַלע עקן װעלט און צערײסן מײן נשמה טאָג און נאַכט, אָבער איך װאַרט, איך װאַרט אויף דער שעה פון גאָטס לײטזעליקײט.

און אָט איז געקומען די גרויסע שעה. איך בין אויפגעװאַכט, האָב אַ בלאָז געטאָן אין שופר, געקומען איז מײן פאָרלויפער, דער נביא אליהו התשבי. ער האָט אַ געשרײ געקאָן, — און פון אַלע עקן װעלט, פון מזרח און מערב, פון צפון און דרום, פון אַלע לענדער און אינזלען האָבן זיך אַ שאָט געטאָן מיליאַרדן צעזײטע און צעשפּרײטע קינדער פון מײן פאָלק און זיך גע־שטעלט אונטער מײנע פאָנען. מיט אַ שנעלן קלאַפּ האָב איך אָפּגעטריבן די שונאים, צעקלאַפּט אדום און ישמעאל, געלעכערט די קעפּ פון די פּלשתּים און מואבים; מיטן מאַך פון מײן כּשוף־שטעקעלע װערן אָנגעװאָרפן אויף די טײכן אײזערנע בריקן, די ימים טרעטן אָפּ, אין בתּפים ובמחילות, מיטן קול פון שופר באַטרעט איך דעם באָדן פון הײליקן לאַנד אַלס מנהיג פון פאָלק. געעפנט האָבן זיך די אַלטע קברים און פון זײ הויבן זיך אויף די פרומע מלכים, די העלדישע מכבים, די געט־לעכע נביאים, די זינגער די לוים...
און װײטער צים זיך שוין דאָס בילד לײכט ביז צו דער אומ־ענדלעכקײט, עד אין סוף, לויט די פּאַרטיקע מוסטערן פון די נביאים, בעלי־הגדה און בעלי־הקבלה.
שפּעטער, בעת איך האָב זיך באַקאָנט מיט דער נײער העברײ־אישער ליטעראַטור, האָבן מיך באַגײסטערט אירע שטרעבונגען, און די פאַנטאַזיע האָט מיר געשילדערט אַנדערע בילדער.
באַלד האָב איך זיך אײנגערעדט, אַז איך בין רמב״ם, מענדעלזאָן און אַפילו דער געצנדינער סאָקראַט.
דאָס איז געװען אַ גײסטיק װאַקלען זיך און זוכעניש נאָכן אידעאַל.

IV

## די ערשטע יאָרן פון חדר־לעבן.

ווען איך בין אַלט געוואָרן פיר יאָר, האָבן די שטוב־מענטשן אָנגעהויבן ריידן, אַז מ׳דאַרף מיך אָפּגעבן אין חדר. איך האָב זיך זייער דערפרייט, ווייל ס׳האָט געצויגן אַהין מיין יונג האַרץ, — צי די גרויסקייט פון די חכמים אין רויזעס שילדע־רונגען, דער יראת־הכבוד פאַרן ספר, וואָס איז געווען צו באַ־מערקן אויף יעדן טריט (צום ספר האָט מען זיך באַצויגן נישט בלויז ווי צו אַ נוצלעכן געגנשטאַנד, נאָר אויך ווי צו עפּעס זייער טייערס; אַז אַ ספר איז צופעליק אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד, פלעגט מען לויפן אים אויפהויבן, אים אַ קוש טאָן, ווי בעטנדיק ביי אים מחילה פאַר דער אומפאָרזיכטיקייט), אָדער די מחנה יינגלעך פון דערבייאיקן חדר, וועלכע פלעגן זיך אָפּט פון דאָרט אַ לאָז טאָן און פריילעך שפּילן אויפן גאַס? ווי די מעשה זאָל נישט זיין, איך האָב מיך אָנגעהויבן בעטן, מ׳זאָל מיך שיקן אין חדר אַריין און מיין פאַרלאַנג האָט מען זייער גערן דער־פילט.

דערדאָזיקער זייער וויכטיקער אַקט אין לעבן פון אַ קאַפּוליער פלעגט פאָרקומען מיט אַ גרויס פייערלעכקייט: אַן איינגעוויקלטן אין אַ גרויסן טלית, האָט מיך די מאַמע, באַגלייט פון עטלעכע קרובים אָפּגעטראָגן אויף די הענט אין חדר, וואו דער מלמד האָט מיך זייער פריינטלעך מקבל־פּנים געווען. גלעטנדיק און מיטצוטאָדיק. האָט ער מיך אַוועקגעזעצט ביים טיש און איז צו־געטרעטן כלומרשט צוליב לערנען אָדער צו עקזאַמינירן מיינע פעאיקייטן.

שפּענענדיק דעם סדור, האָט ער מיר געוויזן דעם ערשטן אות פון אלף־בית — „אַן אלף“, ווענדנדיק מיין אויפמערקזאַמקייט

אויף זיינע באַזונדערע סמנים; דערנאָך האָט ער מיר געוויזן דעם אלף אין פאַרשידענער גרויס, האָט מיר געהייסן אַליין אים געפינען אויף דער צווייטער זייט צווישן אַנדערע אותיות; און אז דאָס איז מיר געלונגען, האָבן זיך דערהערט די פריילעכע אויסרופן פון מיינע קרובים, מ'האָט מיך באַשאָטן מיט קושן, און פון אויבן האָט זיך איבערן טיש אַ גאָס געטאָן אַ רעגן פון מטבעות און צוקערקעס, דערביי האָט מען מיך פאַרזיכערט, אַז דאָס וואַרפן מיר מתנות מלאכים פון הימל און אַז תמיד וועלן זיך אויף מיר שיטן דידאָזיקע מתנות, אויב איך וועל זיך פאָלגן און לערנען בהתמדה.

די אַנטטוישונג איז אָבער געקומען גאָר גיך. דאָס אויסזען פון קלאַסן-צימער גופא האָט געקאָנט אָנוואַרפן אַן אומעט אפילו אויף אַ קאַפּוליער, וואָס האָט נישט אַזעלכע גרויסע פרעטענזיעס אויף עסטעטיק און קאָמפּאָרט.

אַ געניג גרויסער צימער, מיט גרויע און שוואַרצע ווענט, אַ צעפוילטע פּאָדלאָגע און סופיט, באַלויכטן דורך אַן איינאיינציקן פענסטער, וואָס די שויבן זיינען געווען צונויפגעקלעפּט פון שטיקלעך, — דערדאָזיקער צימער איז געווען דעם מלמדס דירה. געשטאַנען איז דאָרט אַ גרויסער אויוון, אַ פּאָליצע מיט קיך-געשיר, אַ בעט, אַ וויגל פאַר אַ זויג-קינד און אַלע איבעריקע באַלעבאַטישע מכשירים.

אינמיטן צימער האָבן זיך געפּאָרעט דעם מלמדס קינדערלעך, האָבן שפּאַצירט די רעפּרעזענטאַנטן פון חיות-מלוכה און דער פערזאָן פון אַ זייגעדיקער ציג, פרומע, כאָטש שרייעדיקע הינער און אַ שגץ אַ האָן. דער חדר איז אייגנטלעך באַשטאַנען פון „רויטן" ווינקל, וואו ס'האָט געקיניגט דער „רבי" אויף אַ הויכן, ווייכן שטול מיט אַ צעריסענעם זיץ, ביי אַ לאַנגן טיש מיט צע-פוילטע פיס; פון ביידע זייטן זיינען געשטאַנען צוויי לאַנגע ביינק פאַר די תלמידים. פון די אויסגערעכנטע געגנשטאַנדן איז באַ[illegible] דאָס גאַנצע קלאַסן-מעבל און, מ'מוז זאָגן, דעם זייער ב[illegible]ערן אמת, לגמרי נישט צוגעפּאַסט פאַר קינדער, ווייל

די בענק זיינען געווען אָן װענטלעך און צו הויך פאַר אונזער וואוקס, אַזוי, אַז בעת מיר זיינען געזעסן, האָבן אונזערע פיס־לעך געהאָנגען און דער לופטן און פלעגן ווערן געשוואָלן. נישט ווייניקער האָט געמאַטערט דער אַלטער טיש, וואָס האָט זיך כסדר געשאָקלט אויף זיינע קראַנקע פיס, ביי יעדער באַוועגונג האָט ער אַרויסגעלאָזן אַ סקריפּ, ווי דאָס קרעכצן פון אַ גוסס.

מיין ערשטער רבי איז געווען אַן עם־הארץ. ער האָט געקאָנט נאָר דאָס, וואָס ער האָט מיט אונז געלערנט, ד. ה. לעזן עברי, וואָס ס׳האָט טאַקע געקאָנט יעדער קאַפּוליער ייד, און אויב ער האָט עס אויסגעקליבן אַלס פאַך אַנשטאָט צו זיין, למשל, אַ קוי־מענקערער, אָדער אַ פורמאַן, איז נאָר צוליב דעם, וואָס צו יענע פשוטע פּראָפעסיעס דאַרף מען אויך האָבן אַ ביסל שכל, און דאָס האָט ער נישט פאַרמאָגט, אָבער פון אַ מלמד האָט זיך דאָס נישט געפאָדערט. די שיטה פון לערנען איז געווען אַ פרימיטיווע, איין מאָל פאַר אַלע מאָל אַ פעסטגעשטעלטע. נישט האָבנדיק קיין שום פאָרבערייטונג, קיין לערן־מכשירים, האָט דער מלמד געמוזט נעמען מיט אַרבעט. און די אַרבעט איז געווען אַ באַרבאַרישע! ער האָט געדאַרפט אַריינקלאַפּן אין די צאַרטע קינדערשע קעפּלעך די נעמען פון 22 אותיות פון אַלף־בית און 10 נקודות, און צווינגען זיי צו פאַרשטיין, למשל, אַז אַ קמץ אונטער אַ צדיק איז „צאָ“, אַ מלופום שין איז „שו“ א. אז. וו.

אָבער אויך אַזאַ אונטערריכטס־מעטאָד איז געווען שווער פאַרן מלמד, קאָן מען זיך לייכט פאָרשטעלן, ווי שווער ס׳איז געווען פאַר אונזערע שוואַכע מחות צו באַגרייפן דידאַקטישע חכמה, ווי אומגעלומפּערט ס׳איז געווען אַזאַ מעכאַנישער לערנען. אין צו־זאַמענהאַנג מיט דער אויבן געשילדערטער באַלויכטונג, אין דער איינאָרדנונג פון קלאַסן־צימער, בעיקר, אויב מ׳נעמט אין באַ־טראַכט, אַז געלערנט האָבן מיר אַ שפּראַך אַן אַלטע, וועלכע מיר האָבן נישט פאַרשטאַנען. דאָס לעבן אין חדר וואָלט פאַר מיר געווען אומערטרעגלעך, ווען נישט דער דראָזיקער אומשטאַנד,

וואָס דער מלמד האָט געלערנט יעדערן באַזונדער, און אַזוי ווי אין חדר זיינען געווען אַן ערך 20 תּלמידים, איז דעריבער אויף יעדערנס חלק אויסגעקומען 1/20 פון חדר־טאָג. די איבעריקע צייט זיינען מיר געווען לחלוטין פריי און איך האָב טאַקע ברייט אויסגענוצט דידאַקטישע פרייהייט: איך פלעג שפּילן אין גאַס מיט די חברים, פאַרלויפן אַהיים צו רויזען, אָפּשטאַטן וויזיטן דער מאַמען אין קראָם, און אומעטום געהאַט אַ האַרציקן קבלת־פּנים.

דערצו איז נאָך דער רבי געווען אַ מענטש אַ גוטער, אַ רואי־קער און אַ געדולדיקער. פון די כּלים פלעגט ער נישט אַרויס אַפילו בעת די שרעקלעכסטע אַרויסטרעטונגען מצד זיין איינ־אויגיקער פּלונית.

איך מוז אָבער צוגעבן, אַז די קאָנפליקטן צווישן דעמדאָזיקן פּאָרפּאָלק, וואָס אין אַלע היגזיכטן האָבן זיי געקאָנט דינען אַלס ביישפּיל מיט זייער פרידלעכן צוזאַמענלעבן — האָבן ניט גע־טראָגן קיין פּערזענלעכן, נאָר אַ פּרינציפּיעלן כאַראַקטער.

זי האָט געמיינט, אַז מחמת זי טראָגט, האָט און זויגט זיינע יורשים, פּאָרעט זיך אַ גאַנצן טאָג מיטן קאָכן, וואַשן און נאָך פאַרשידענע אַרבעטן, האָט זי פולע רעכט צו פּאָדערן פון אים, דעם ליידיקגייער, בעת ס'איז נויטיק כאָטש וועלכע ס'איז הילף, ווי, למשל, האָלץ האַקן, וואַסער טראָגן, אַרויסגיסן די פּאָמיניעס א. אז. וו. ער אָבער, כאָטש ער האָט געפונען אירע פּאָז־ערונגען פון גרונד אויס אַלס גערעכטע, האָט ער זיך דאָך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט זיי דורכצופירן אין דער צייט פון די למודים, מאָטי־ווירנדיק דאָס דערמיט, אַז ער איז — אַ טאָגלוינער, באַקומט שכירות נישט פון שטיק, נאָר פון טאָג, און יעדע רגע, וואָס ער נוצט אויס פאַר זייטיקע ענינים, איז נישט אַנדערש ווי גזלה, ממש אַ גנבה פון קעשענע פון זיינע אַרבעטס־געבער און זייערע קינדער. און ווי ווייך און נאָכגיביק ער איז נישט געווען אין אַלעמען — אויף דעם פּונקט איז ער געווען שטאַרק פאַרעקשנט און האָט זיך בשום אופן נישט אונטערגעגעבן.

און אַזוי ווי אויך זי, פון איר זייט, האָט פעסט פאַרטיידיקט איר שטאַנדפּונקט, זיינען די קנפליקטן געווען אומפאַרמיידלעך, פלעגן זיך אָפּט איבערחזרן און ביי איר האָבן זיי זיך טאַקע אויסגעדריקט אין קללות, חרמות און אָפטמאָל אַפילו אין קלעפּ. ער פלעגט אָבער בשעת מעשה נאָר ביטער צושמייכלען און ווענדענדיק זיך צו אונז, קינדער, פלעגט ער זאָגן:

„וואָס זאָל מען טאָן, זי איז אַ נקבה, אין קיין חדר האָט זי נישט געלערנט, פון וואַנען זאָל זי וויסן אַ דין? אָבער נישטאָ וואָס צו מאַכן. מ׳זאָגט „כל מום רע", יעדער קאַליקע איז אַ שלעכטער. נישט זי איז שולדיק אין דעם, וואָס זי האָט איין אויג. איר שולד איז אויך נישט, וואָס זי איז אַ רשעת. אַלץ איז פון גאָט, קינדער, אַלץ פון גאָט!"

דאָס ערשטע יאָר לערנען איז בכלל אַריבער גאַנץ גוט; צום סוף יאָר בין איך טאַקע, אַ דאַנק דער אָנגעשטריינגטער אַרבעט פון מלמד, בייגעקומען דעם למוד — געלעזן אין סדור עברי ווי אַ וואַסער, אַזוי אַז איך בין געווען מסוגל אַריבערצוגיין צו אַן אַנדער מלמד, כדי זיך אַ נעם טאָן צום חומש.

סוכות ביים עסן האָט מען באַהאַנדלט די פראַגע מכוחן זוכן פאַר מיר אַ נייעם מלמד. דער זיידע האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ מלמד, וועגן וועלכן ער האָט געהאַט זייער גוטע ידיעות. די מאַמע און רויזע האָבן פּראָטעסטירט קעגן דעמדאָזיקן אויסוואַל, זאָגנדיק, אַז דער מלמד וואָס מ׳רעקאָמענדירט, באַגייט זיך אכזריותדיק מיט די קינדער און צוליב דעם רופן אים די תלמידים און זיין ווייב גופא נישט אַנדערש ווי „מזיק".

דערהערנדיק דעם צונאָמען פון מיין קינפטיקן מענטאָר, בין איך פאַרציטערט געוואָרן, אָבער דער זיידע האָט מיך באַרואיקט, פאַרזיכערנדיק, אַז ער וועט אים שטריינג פאַרזאָגן, ער זאָל מיך נישט שלאָגן.

נאָך יום־טוב, קומענדיק דעם ערשטן מאָל אין דער באַגלייטונג פון רויזען אין חדר, האָב איך תיכף פאַרשטאַנען, אַז דאָ איז נישט קיין שפּ לכל. אין רויטן ווינקל איז געזעסן נישט דער דער פריערדיקער גוטער רבי, נאָר באמת, אַ „מזיק". אַ הויכער,

מיט אַ ברייטער, פּלאַטשיקער נאָז, וואָס האָט זיך קוים געזען פון דער געדיכטער געלער באַוואַקסנקייט, איז ער געזעסן ברייט אויסגעצויגן אויף אַ שטול אין אַן אמתער מלחמה־פּאָזע. פאַר אים אויפן טיש איז געלעגן א חומש, אַ גרויסע טאַבאַק־פּושקע פון קאָרע און אַ „קאַנטשיק". פון ביידע זייטן טיש זיינען געזעסן אויף איין באַנק אַ פינף תלמידים פון דער עלטערער גרופּע און אויף דער צווייטער באַנק דיזעלבע צאָל ניי־אָנגעקומענע. צוויי פון די עלטערע האָבן געריטשעט, הייסט עס, אַז זיי האָבן שוין געקריגן האַנט־געלט. מאָמענטאַל האָב איך דערשפּירט צום געלן נישט בלויז מורא, נאָר פּשוט אַ פיזישן ווידערווילן; איך האָב זיך געוואָלט אַוועקזעצן אויפן ברעג באַנק ווייטער פון אים, אָבער ער האָט מיר אַרויסגעוויזן אַ שרעקלעך אומאָנגענעמע פריינטלעכקייט, אַוועקזעצנדיק מיך גאַנץ נאָנט נעבן אים און דעם „קאַנטשיק".

דער רושם, וואָס דער געלער האָט געמאַכט אויף רויזען, איז, ווי ס'שיינט, נישט געווען קיין בעסערער, ווייל אַוועקגייענדיק האָט זי געזאָגט דער רביצין, וועלכע האָט איר צוגעפירט ביז דער טיר: „הער, ביילינקע, דער יינגל איז ביי אונז אַ שוואַכינקער, מיר וועלן נישט דערלויבן, מ'זאָל אים שלאָגן און אויב דיין געלער טייוול וועט אים אָנרירן מיט אַ פינגער, וועל איך אים אויסדראַפּען די אויגן". געזאָגט האָט זי דאָס אינדערשטיל, אָבער אַזוי, אַז אַלע האָבן עס געהערט, און גערעדט האָט זי מיט האַרץ.

מיר יינגלעך האָבן זיך צעלאַכט, אָבער דער רבי האָט זיך כּלומרשט געמאַכט נישט הערנדיק, כאָטש, ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָט ער זיך אַ ביסל דערשראָקן פאַר דערדאָזיקער דראָונג.

די איינריכטונג אין דעם חדר איז געווען נישט בעסער ווי אין ערשטן; נישט בעסער איז אויך געווען די אונטעררריכטס־מעטאָדע. דער איינציקער לערנבוך איז געווען דער חומש, און דערדאָזיקער ספר, ווי מיר ווייסן, איז דאָך נישט צונאַמענגעשטעלט אַלס לערנבוך פאַר קינדער.

איבעריגנס, ווען מ׳זאָל זיך געווען צופאַסן צו די קינדערשע קרעפטן, וואָלט מען אויך אין חומש געקאָנט געפינען צוטריטלעכע און אינטערעסאַנטע פּרקים, ווי, למשל, די דערציילונג פון בריאת־העולם, פון מבול, מכוחן לעבן פון די אבות א. אַז. וו. ווי אויף להכעיס איז אָבער אין חדר אָנגענומען געוואָרן פון דור־דורות אָנצוהויבן נישט פון בראשית, נאָר פון ויקרא, וואו ס׳רעדט זיך מכוח ענינים, וועלכע זיינען פאַר די קינדער לגמרי נישט אינ־טערעסאַנט, וועגן מצות, וועלכע ווערן נישט אויסגעפירט אין לעבן, זינט מיר האָבן פאַרלאָרן פּאַלעסטינע, נעמלעך די געזעצן מכוח קרבנות, טהרה און טמאה, נגעים א. אַז. וו.

דער אַרבעטס־טאָג אין חדר איז געווען אַ צען־שעהדיקער, פון 9 פרי ביז 7 אָוונט, מיט אַן איינשעהיקער הפסקה אויף מיטאָג.

דער למוד איז באַשטאַנען אין אַ ווערטלעכער איבערזעצונג פון העברייאישן טעקסט אויף יידיש. איבערלעזנדיק אַ פּסוק, האָט אונז דער רבי אַלעמען געהייסן אים איבערחזרן, דערביי האָט יעדער אויפמערקזאַם געמוזט זיך צוהערן צו דער איבערזעצונג פון די חברים. קאָנצענטרירן די אויפמערקזאַמקייט אין משך פון עטלעכע שעה איז בכלל פאַר קינדער אַ צו שווערע זאַך, און דאָ פלעגן נאָך פאַרשידענע קליינע דערשיינונגען אין חדר יעדער רגע אָפּווענדן אונזער אויפמערקזאַמקייט.

דאָ פלעגט דער צעלאָזענער האָן אַרויפשפרינגען צו אונז אויפן טיש און אָפּטאָן אַ קונצשטיק, דאָרט פלעגט דער טעפּל אַרויספאַלן ביי דער רביצין פון האַנט און זיך צעברעכן אויף שטיקלעך; אַמאָל ווידער פלעגט דער רבי אָננעמען אין זיינע נאָזלעכער אַ צו גרויסע דאָזע טאַבאַק און פלעגט אַזוי הויך ניסן, אַז טיר און פענסטער פלעגן זיך ממש אַ טרייסל טאָן. נישט וועלנדיק, פלעגט מען פאַרגעסן וואו מ׳האַלט – געשטרויכלט ווערן אין איבערזעצן, און דעמאָלט פלעגן פליען פּעטש און קלעפּ.

באַזונדערס מוראדיק איז געווען אין חדר דאָנערשטאָג. די מעשה דערפון איז, וואָס שבת האָבן די מלמדים געמוזט באַזוכן

די הייזער פון אַלע זייערע תּלמידים, און עקזאַמינירן די קינדער אין דער אָנוועזנהייט פון די עלטערן אין דעם, וואָס זיי זיינען פאַר דער וואָך דורכגעגאַנגען.

דאָנערשטאָג האָט מען דעריבער געמוזט אַלץ איבערחזרן און מאַכן דעם סך־הכּל. און אונזער רבי האָט ליב געהאַט ווייזן וואָס ער קאָן. ער האָט אונז דעריבער געיאָגט און געטריבן, לאָזנדיק אין גאַנג די הענט און דעם קאַנטשיק. אָבער שרעק־לעכער פון אַלץ איז געווען דער פרייטאָג, בעת ס'פלעגט פאָר־קומען די „גענעראַלע רעפעטיציע". דעמאָלט האָט דער קאַנטשיק געאַרבעט אויף אַלע כּלים.

מיך האָט דער רבי, געדיינקענדיק רויזעס דראָונג, נישט אָנגע־רירט. אָבער ביי דער גאַנצער אומבאַרירבאַרקייט פון מיין פּער־זאָן האָב איך זיך געפילט אומגליקלעך. איך האָב נישט געקאָנט קוקן גלייכגילטיק אויף די ליידן פון די חברים, איך האָב נישט געקאָנט אַריבערטראָגן דעם „מזיקס" נאָענטקייט.

אויסערדעם, האָט מיין פּריווילעגירטע לאַגע אַרויסגערופן ביי די חברים צו מיר אַ קנאה, וועלכע פלעגט צייטנווייז דערגיין ביז צו שנאה. דערצו איז נאָך דער רבי געווען שרעקלעך גע־וויסנהאַפט, פלייסיק און אין פאַרלויף פון די 6 טעג אין וואָך האָבן מיר געשפּירט אויף אונזערע פּלייצעס אַ שווערע משא, פון וועלכער ס'איז אוממעגלעך געווען זיך צו באַפרייען כאָטש אויף אַ שעה, צוויי.

איין האָפנונג פלעגט זיין — אפשר וועט גאָט ברוך הוא געבן און עמיצער אין שטאָט וועט שטאַרבן. דער „מזיק" איז געווען אַן אַקטיווער מיטגליד אין דער חברה־קדישא און אַז אין שטאָט פלעגט זיך טרעפן אַ בר־מינן, האָט דער רבי געלאָזן דעם חדר און זיך מתעסק געווען מיט דער לויה. און מיט וואָס פאַר אַ שמחה פלעגן מיר באַגעגענען יעדע ידיעה וועגן טויט, וועגן אַ לויה!

אָבער די קאַפּוליער זיינען נישט געשטאָרבן, און לויות, אויף וועלכע מיר האָבן אַזוי שטאַרק געהאָפט, זיינען געווען זעלטן.

איך בין געוואָרן אומעטיק, בלאַס און מאָגער, וואָס האָט שטארק באַאומרואיקט מיינע נאָנטע, און נאָכן יאָר האָבן די מומע און רויזע אָנגעהויבן ריידן מכח דעם, אַז מ'מוז מיך אָפּנעמען פון דאָזיקן חדר.

אָבער אַ דאַנק דעם, וואָס מיר פערזענלעך האָט דער רבי נישט אָנגערירט און אויך צוליב דעם, וואָס פאַרן יאָר האָב איך גע־מאכט גרויסע פּאָרשריט, האָט מען באַשלאָסן איבערצולאָזן מיך אין דעם זעלבן חדר נאָך אויף איין זמן.

---

## V

## די קאַטאַסטראָפע.

דער יום־טוב פּסח און מיט אים צוזאַמען דער דריי־וואָכע־דיקער אָפּרו, איז מיר שטאַרק צונוץ געקומען. די צייטווייליקע פרייהייט, די יום־טובדיקע איינדרוקן און דער אָנקומענדיקער פרילינג מיט זיינע תענוגים, — אַלץ צוזאַמען האָט שטאַרק משפיע געווען אויף מיין געזונט און מיין שטימונג, און מוטיק־מיט נייע קרעפטן האָב איך אָנגעהויבן דעם פרישן זמן אין געלנס חדר, בפרט, אַז אין דער נאָנטער פערספּעקטיוו איז גע־ווען דער יום־טוב שבועות — דער פּרעכטיקער יום־טוב, בעת בערקע חזן זינגט אין שול אַזעלכע וואונדערבאַרע נגונים און אין שטוב באַקט רויזע אַזוינע זיסע קיכלעך; בעת דער פרילינג אַנטוויקלט זיך אין זיין גאַנצער קראַפט אין שיינקייט, די ביימער אַרום בליען, און די יפה־פיה, דער שלאָס־באַרג, איינגעוויקלט אין זיין העל־גרינעם, סאַמעטענעם מאַנטל, פּיעסטעט אַזוי דיין בליק, רופט און לאָקט דיך אין זיינע אָרעמס.

דערדאָזיקער ליכטיקער יום־טוב איז געקומען. פאַר מיר האָט ער זיך אָבער געענדיקט זייער טרויעריק.

דער יום־טוב שבועות איז דעמאָלט אויסגעפאַלן דאָנערשטיק און פרייטיק, און די ערשטע פיר טעג פון יענער וואָך זיינען געווען האַלב יום־טובדיקע; מ'האָט געלערנט נאָר ביז צוועלף אַ זייגער. אין דערדאָזיקער פרייער האַלב־יום־טובדיקער צייט האָבן מיר מיט די חברים אויסגעאַרבעט זייער אָנציענדיקע פּלענער, גע־לייגט גרויסע האָפנונגען: מיר האָבן געקלערט מכח אַן אויספלוג אונטערן שטאָט, וועגן פאַרשידענע שפּילן, מבח וועט־לויפן אויפן שפּיץ „שלאָס". מ'האָט אויך געהאַט דורכצעפירן נויטיקע אַרבעטן, ווי למשל, אָנרייסן אין וואַלד בלעטערדיקע צווייגן און בלומען צו פאַרפוצן די הייזער אין „גרינעם שבועות", — און דאָס אַלץ איז געווען זייער נויטיק און זייער אָנגענעם, אָבער דער געלערער האָט פון אַלץ געמאַכט כעפּרא דארעה.

אים איז איינגעפאַלן אין קאָפּ דער אומגליקלעכער געדאַנק אויס־צענוצן די פיר האַלב יום־טובדיקע טעג, כדי אויסלערנען אונדז די פּאָעמע „יציב פתגם", וואָס מ'לייענט אין דאָזיקן יום־טוב אין שול מיט אַ ספּעציעלן סקאַרבאָוון נגון.

געוויינלעך פלעגט מען דידאָזיקע פּאָעמע לערנען אין די גרע־סערע חדרים, אָבער פאַר אונדז קלענערע קינדער איז פּשוט געווען אוממעגלעך. געשריבן איז זי אין אַקראָפּערזן (אַקראָפּערז הייסט אַ שיר, וואָס דער ערשטער אות פון דער שורה בילדעט וועלכן ס'איז גאַנצן וואָרט אָדער זאַץ) אויף אַ לחלוטין פרעמדער שפּראַך — כאַלדייאיש — דערצו נאָך אין אַזאַ אומגעלומפּערטן שווערן סטיל, אַז עד היום זיינען נאָך די פאַרשידענע מפרשים נישט געקומען צו קיין פאַרשטענדיקונג וועגן דעם פירוש פון אַ סך פסוקים. באַלד האָט אַפילו דער רבי גופא באַגריפן די שווערקייט פון זיין אויפגאַבע. אָבער אים האָט זיך שטאַרק געוואָלט זיך אויסצייכנען, ווייזן וואָס ער קאָן. ער איז שוין געווען אַזא מענטש, ער האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר קיין שום שווערקייט. להיפּוך דאָס האָט אים נאָך צוגעגעבן ענערגיע, — און ער האָט געאַרבעט מיט דער גרעסטער קראַפט, אָנשטרענגונג,

געשאָטן מיט פּעטש אויף רעכטס און לינקס, און דער ענין, ווען אויך שווערלעך, האָט זיך ווי ס'איז געהאַלטן ביים איינגעבן. אָבער אָט איז געקומען דער ערב יום־טוב, און אַז דער רבי האָט אָנגעהויבן מאַכן דעם סך־הכל, איז דער גאַנצער עסק גע־ווען אויפן פייער. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז קיינער פון אונז האָט דעם „יציב פתגם“ נישט געקאָנט, איינע האָבן גע־הונקען אין דער איבערזעצונג, אַנדערע האָבן שלעכט געזונגען. ס'זיינען זאָגאַר געווען אַזעלכע, וואָס האָבן שלעכט געלעזן. דער רבי האָט נישט אויסגעהאַלטן, געכאַפּט דעם „קאַנטשיק“, און מיט אויגן אָנגעגאָסן מיט בלוט האָט ער אַ קוק געטאָן אויף אונזער גאַנצער חברה, ווי קלערנדיק, ווער פון אונז זאָל דאָ פאַלן אַלס קרבן און סוף כל סוף זיך אַ וואָרף געטאָן אויף מענדלען.

אַ זון פון אַ אָרימען כטאָליאַר, איז מענדל געווען אַ יינגל אַ געזונטער, אַ געשיקטער און לעבנסלוסטיקער. ער איז געווען דער אָרגאַניזאַטאָר פון אַלע אונזערע שפּאַצירגענג און דער זיגער אויף אַלע ספּאָרט־לויפן און צווייקאַמפן.

צוליב דידאָזיקע אַלע מעלות איז מענדל געוואָרן דער ליבלונג פון די חברים און דער שנאה־אָביעקט פאַרן „מזיק“, וועלכער האָט אים געמאַכט פאַרן שעיר לעזעזאל פאַר די חטאים פון גאַנצן חדר.

דאָס איז אויך געשען איצט. — דערפאַר, וואָס קיינער פון אונז האָט נישט געקאָנט דעם „יציב פתגם“, האָט ער אויסגעלאָזן זיין גאַנצן כעס אויף מענדלען, וואָס מיר אלע האָבן געפונען פאַר שרעקלעך אומגערעכט.

איבערהויפּט האָט זיך אויפגערעגט פון דערדאָזיקער אומגערעכ־טיקייט מענדל גופא, און אַז דער רבי האָט אים אַ כאַפּ געטאָן, כדי אויסצופירן אויף אים די עקזעקוציע, האָט ער זיך ווילד אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט פאַר זיין געדיכטער, געלער באָרד. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ פאַרצווייפלטער צווייקאמף, וועלכער האָט זיך געענדיקט דערמיט, וואָס מענדל, — כאָטש ער האָט אַרויסגעטראָגן פון קאַמף אַלס טראָפייען צוויי הויפנס געלע האָר,

וואָס דער געגנער האָט אים אַ שליידער געטאָן, — איז געפאַלן, צעהאַקט דעם קאָפּ אָן טיש, אַזוי, אַז ס'האָט זיך געגאָסן בלוט. נישט באַנוגענענדיק זיך דערמיט, האָט זיך דער רבי באַנוצט מ ט מענדלס לאַגע, זיך געזעצט אויף אים און אָנגעהויבן האַקן מיטן קאַנטשיק. איך האָב נישט אויסגעהאַלטן און אַ געשריי געטאָן:

— „לאָז אָפּ, מזיק, רשע!

דאָס האָט נאָך צוגעגאָסן בוימאייל אויפן פייער. נאָך ווילדער האָט דער רבי מענדלען געקנוטעוועט. צום גליק איז אויף מענדלס געשריי צוגעלאָפן די רביצין, האָט אים אַרויסגעריסן פון מערדערס הענט, אָפּגעפירט אָן אַ זייט, אָנגעהויבן אים וואַשן און באַרואיקן.

דער רבי האָט זיך דערווייל אָפּגערוט, אויסגעגלייכט זיין צע־שויבערטע באָרד און ווענדענדיק זיך צום קלאַס, האָט ער גע־זאָגט:

— און איר שקצים, אַ היים. מיט אייך וועל איך זיך אָפּרעכנען נאָך יום־טוב! דערנאָך, זיך אויסדרייענדיק צו מיר, האָט ער געזאָגט: „און דו קלערסט, אַז דו ביזט ביי מיר אַ מיוחס? דו וועסט מיך לערנען?" און אַ נעם טאָענדיק מיך ביים קאָלנער, און אַ הויב טאָענדיק אין דער הויך, אַז איך בין געבליבן הייגגען אין דער לופטן, האָט ער מיך אַרויסגעוואָרפן אונטערן טיר, שריי־ענדיק: „אַרויס, דיין פוס זאָל דאָ מער נישט זיין!"

דידאָזיקע עודדא פון רבין האָט מיך געטראָפן ממש ווי אַ דונער־קלאַפּ. וואָס הייסט, מ י ך האָט ער אויסגעשלאָסן, אַרויסגעוואָרפן ווי אַ הונט! שוין בעסער ווען ער וואָלט מיך אָפּגעשמיסן! איך האָב זיך צעוויינט.

דערווייל האָבן די איבריקע חברים, וועלכע זיינען אַרויס גאַנץ, מיר אָנגעהויבן צו טרייסטן.

— דו שפּיי אויף דער גאַנצער מעשה! — האָט געזאָגט דער קלוגער לייבעלע. — אַרויסגעוואָרפן, אַ גרויסע דאגה דיר. טאַקע בעסער אַזוי! אַ פאַרגעניגן זיך צו לערנען ביים „מזיק"!

און גלייך האָט לייבעלע געמאַכט אַ פּאָרשלאַג: אָפּגנבנען ביים פּאַרהאַסטן רבי זיין קאַנטשיק און אים אַריינוואַרפן אין פייער אַריין.

דער פּאָרשלאַג איז, נאַטירלעך, אָנגענומען געוואָרן מיט דער גרעסטער שמחה. מ'האָט באַשלאָסן דעמדאָזיקן פּלאַן ביז צו דער אויספירונג האַלטן בסוד־סודות און אַלע האָבן מיר געשוואָרן איבער די ציצית, קיינעם, חלילה, קיין וואָרט נישט דערציילן.

די חברים דינען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען אין אַ געהויבענער שטימונג.

אויפן וועג אַהיים איז מיך ווידער באַפאַלן אַן אומעט. עפּעס אַ מין וואָרעם האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין מיין הערצעלע און האָט דאָרט כסדר געגאָגט. ווי די מעשה זאָל נישט זיין, האָב איך דאָך פאָרט אָפּגעטאָן אַ מאוסע זאַך. וואָס וועלן זיי דאָרט אינ־דערהיים אויף דעם זאָגן?

אינדערהיים האָב איך געפונען די גאַנצע משפחה. די מאַמעס און רויזעס געזיכט דריקן אויס עפּעס ווי אַ מין רחמנות און אַ פאָרוואורף צוזאַמען. ווי ס'ווייזט אויס, האָט שוין דער גע־לער פאַר דער מאַמען אַלץ דערציילט.

דער זיידע פאַרטיפט זיך אין אַ ספר און גריסט זיך נישט מיט מיר — דאָס איז אויך אַ שלעכטער סימן. די מאַמע נעמט מיך אויף די הענט, פאַרקוקט מיר אין פנים אַריין, קושט מיך: „וואָס איז מיט דיר, קינד מיין? דו האָסט געוויינט, האָט אַזעלכע רויטע אויגן! וואָס איז דאָרט געשען?"

איך האָב זיך אָנגעהויבן פּיעסטשען, האָב אָנגעהויבן אָן אַ סדר דערציילן, האָב גערעדט מער מיט אויסרופן: „יציב פתגם"!..

דער רבי האָט געשלאָגן מענדלען... ס'האָט זיך געגאָסן בלוט... מיך האָט ער אַרויסגעוואָרפן!.."

איך האָב זיך צעוויינט. רויזע האָט זיך געוואָרפן אויף דער מאַמען: „וואָס מאַטערט איר דאָס קינד?! לאָזט אים כאָטש אָפּעסן!"

און תיכף האָט זי מיר געבראַכט אַ טעלער זופּ, זיסע געבעקס פון די, וואָס זי האָט געבאַקט אויף יום־טוב. איך האָב זיך באַרואיקט און אָנגעהויבן עסן. אָפּפרישנדיק זיך מיט די זיסע זאַכן, האָב איך געזאָגט צו רויזען מיט אַ געלעכטער:

— אָבער מיר וועלן שוין אָפּטאָן דעם רבין אַ שטיקל! ער וועט אונז שוין געדיינקען!

— נו, וואָס וועט איר אים אָפּטאָן? — האָט רויזע געפרעגט.

— מ'טאָר נישט זאָגן, מ'טאָר נישט!

— און מ י ר וועסטו נישט זאָגן? מיר?

— און דו וועסט קיינעם נישט זאָגן, קיינעם נישט?

— קיינעם נישט.

— שווער זיך!

— איך שווער!

— ניין שווער ביי די „ציצית"!

— אָבער איך האָב דאָך נישט קיין „ציצית". דו ווייסט דען נישט, אַז ווייבער טראָגן נישט קיין ציצית?

— טו קום! — איך האָב גענומען רויזען פאַרן האַנט, אַוועקגעפירט איר אין אַ פינסטערן ווינקל אונטערן אויוון און אַריינגערעדט איר אין אויער:

— מיר וועלן צוגנבנען דעם קאַנטשיק.

רויזע האָט זיך צעלאַכט און געזאָגט:

— חכמ'ם זייט איר, אויף מיין וואָרט, חכמים!

די מאַמע האָט זיך פאַראינטערעסירט און געזאָגט:

— נו, און ·מיר וועסטו נישט זאָגן?

— ניין, איך וועל נישט זאָגן, ס'איז אַ סוד.

— ס'אַר אַ שלעכטער יינגל דו ביסט! רויזען האָסטו געזאָגט, און מיר ווילסטו נישט זאָגן.

— נו, זיי נישט אין כעס, מאַמע, איך וועל דיר זאָגן, אָבער דו זאָלסט קיינעם נישט דערציילן! — און אויך דער מאַמען האָב איך אָפּגעפירט אין אַ ווינקל און אויך איר פאַרטרויט מיין סוד. די מאַמע האָט זיך צעלאַכט און ווי רויזע מסכים געווען מיט אונזער פּלאַן.

דער זיידע, וועלכער האָט זיך ביז איצט נישט אַריינגעמישט אין אונזער געשפרעך, דערזעענדיק, אַז איך האָב זיך באַרויאיקט, האָט זיך צו מיר געווענדט:

— נו, קום נאָר אַהער, יינגעלע. איך האָב געהערט ווי דו דערציילסט עפּעס דער מאַמען, איך האָב אָבער גאָרנישט פאַרשטאַנען. דערצייל מיר נאָר, וואָס איז דאָרט היינט געשען אין חדר? אָבער דערצייל מיט אַ סדר, כדבעי — האָט ער צוגעגעבן, גלעטענדיק מיך.

— „יציב־פתגם" — האָב איך אַרויסגעפּלאַצט.

— דאָס הייסט, איר האָט היינט געלערנט „יציב־פתגם". — האָט דער זיידע פאַרריכט. — נו, און איר האָט נישט געקאָנט?

— מיר האָבן נישט געקאָנט, קיינער האָט נישט געקאָנט, ס'איז צו שווער, און דער געלער איז אין כעס געוואָרן.

— נישט דער געלער, נאָר דער רבי, — האָט דער זיידע שטרייננג אונטערגעכאַפּט. — נו און ער האָט אייך געשלאָגן?

— ניין, נישט אונז, נאָר מענדלען. אָבער ווי האָט ער אים געשלאָגן! בלוט האָט זיך געגאָסן, און איך האָב גערופן דעם רבין: „מזיק", „רשע"!

— דו האָסט אַזוי גערופן דעם רבין? — האָט דער זיידע געזאָגט מיט אַ פאַרוואונדערטן בליק. — דאָס איז נישט גוט! דאָס איז אַ זינד! ערשטנס, שטייט געשריבן אין דער תורה, אַז עלטערע מענטשן דאַרף מען אָפּגעבן כבוד; צווייטנס, איז געזאָגט, אַז באַליידיקן ווענען ס'איז איז אַלצאיינס ווי פאַרגיסן זיין בלוט; דריטנס, איז געזאָגט, אַז די מורא פאַרן לערער דאַרף זיין גלייך ווי די מורא פאַר גאָט.

קעגן דעמדאָזיקן דריישטאָקיקן „געזאָגט" איז שווער געווען עפּעס אָנצעווענדן. אין דער מאַמעס און רויזעס אויגן האָב איך געלייענט זייער פולשטענדיקע הסכמה מיטן זיידן. אין האַרצן, ווי איך האָב זיך נישט געבריהט, האָב איך געשפּירט אַ מין ח״טה־געפיל. ווייטער בין איך גרייט געווען זיך פאַנאַנדערצעווייגען.

אָבער דער זיידע, נעמענדיק מיך אויף די הענט, האָט געזאָגט:

— אָבער פונדעסטוועגן, באַרואיק זיך, מיין קינד, מיר וועלן אַלץ פּאַרריכטן. זונטיק נאָך יום־טוב וועל איך גיין מיט דיר אין חדר און דאָרט וועסטו פאַר אַלע חברים אין די אויגן איבערבעטן דעם רבין. ער וועט דיר מוחל זיין און דעמאָלט וועט דיר אויך גאָט מוחל זיין. יאָ, מיין זון?

— יאָ, זיידע, יאָ.

אין שטוב זיינען געמאַכט געוואָרן גרויסע הכנות צום יום־טוב; אָבער איך בין דעם גאַנצן טאָג געווען אין אַ שלעכטער שטימונג. אין אָוונד האָט מיר ווי געטאָן דער קאָפּ. מ'האָט באַמערקט, אַז איך האָב היץ, האָט מען מיך אויסגעטאָן און אַריינגעלייגט אין בעט.

די בעט האָב איך ליב. איך האָב ליב בין־השמשות־צייט אָדער אין דער נאַכט־פינסטערניש אונטערצופירן אַ סך־הכל צו די ענינים און איינדרוקן פון פאַרגאַנגענעם טאָג, באַטראַכטן די געגנוואַרט און בויען פּלענער פאַר דער צוקונפט. נאָך מער האָב איך דעמאָלט ליב געהאַט זיך אָפּצוגעבן דער הערשאַפט פון דער פאַנטאַזיע, וועלכע שאַפט נייע, בעסערע וועלטן אַנשטאָט דער, וואָס איז דעם בורא נישט געלונגען.

באַזונדערס שטאַרק האָט זיך צעשפּילט מיין פאַנטאַזיע אין דער נאַכט: צופיל האָב איך דעמדאָזיקן טאָג איבערגעלעבט.

יאָ, גוט... דריי טעג — פולע פרייהייט, דאָנערשטיק, פרייטיק און שבת!.. דריי טעג אָן חדר, אָן געלן! נו, זונטיק נישטאָ וואָס צו מאַכן, מ'עט מוזן גיין, און נאָך איבערבעטן אויך... אָבער איבריגנס, אפשר וועט זונטיק זיין אַ לויה... פאַרוואָס זאָל נישט זיין קיין לויה? אין שטאָט זיינען פאַראַן אַזויפיל זקנים, איינגעבויגענע און שלעפּן קוים די פיס... זיי מוזן דאָך שטאַרבן. נו, און זיי וועלן טאַקע שטאַרבן: פריער איינער, דערנאָך אַ צווייטער, אַ דריטער... דער געלער וועט זיין פאַרבומען איבערן קאָפּ, און אין חדר וועט מען נישט לערנען...

און אפשר וועט דער געלער גופא שטאַרבן... יאָ, דאָס וואָלט געווען בעסער ווי אַלץ... און פאַרוואָס זאָל ער טאַקע באמת נישט שטאַרבן? ס'טרעפן זיך דאָך אַזעלכע זאַכן... אָט ווייט־

זיך אויפן הימל אַ וואָלקן ; דער וואָלקן ווערט אַלץ גרעסער, שוואַרצער... ס׳האָט אַ בליץ געטאָן... און פּלוצלונג, טראַך ! ס׳האָט זיך דערהערט אַ דונער... אַ קלאַפּ געטאָן אין חדר און גלייך דעם געלן אין קאָפּ... דער געלער איז נישטאָ ! מ׳איז אים מקבר. . . מיר, תלמידים, גייען נאָכן אָרון, מאַכן זיך בלומרשט אומעטיק, און אין דער שטיל שטיקן מיר זיך פון געלעכטער... נו, און דערנאָך ? דערנאָך אויפן אַנדערן טאָג וועט דער זיידע פאַר מיר געוויס זוכן אַן אַנדער רבין, אַ גוטן, אַ שיינעם. . . אָבער, איבעריגנס, ווער ווייס ? דער צווייטער קאָן זיין אַזאַ מין שד, ווי דער... אַלע זיינען זיי גוט !. .
און אפשר איז גאָר בעסער, אַז דער געלער זאָל נישט שטאַרבן, נאָר זאָל ווערן קראַנק, און זאָל קריינקען לאַנג, לאַנג. בעת זיין קריינק וועט מען מיך דאָך אין קיין אַנדער חדר נישט שיקן. יאָ, אַזוי וועט זיין בעסער. און צו דען קאָן נישט זיין אַ־יאַ צופאַל ? נו, כאָטש אַ טשאַד, אין חדר איז דאָך אָפּט אַ טשאַד ! נו, אָט האָט זיך דער געלער פאַרטשאַדעט... ער ווייגט, ריטשעט ווי אַן אָקס... ס׳קומט קאזליאַק דער רופא און שטעלט דעם געלן אויפן ברוסט אַ שפּאַנישע פליג, ס׳גייט אַוועק אַ טאָג — די שפּאַנישע פליג העלפט נישט, מ׳שטעלט אים אַ גאָרציצע. . . אויפן דריטן טאָג שטעלט מען אים באַנקעס, אויפן פערטן פּיאַווקעס, אויפן פינפטן גיט מען ריצנאייל. . . און דערווייל טוט לייבעלע אַ כאַפּ און דער שטיל דעם קאַנטשיק און אין פייער אַריין ! — דער קאַנטשיק איז ווי קיינמאָל אויף דער וועלט נישט געווען !.. דער געלער שרייט :
— וואו איז דער קאַנטשיק ? ווער האָט גענומען דעם קאַנטשיק ?
און מיר זאָגן : פון וואַנען זאָלן מיר וויסן, אונזער עסק איז עס ? כאַ, כאַ, כאַ !
און דאָך איז נישט באַשערט געווען, אַז דידאָזיקע זיסע האָפנונגען זאָלן מקוים ווערן. די זקנים זיינען זונטיק נישט צו־שטאָרבן, דעם רבין האָט קיין דונער נישט דערהרגעט און ער האָט זיך נישט איינגעטשאַדעט. קיין שום זאַך איז נישט פאָר־געקומען.

און געשען איז אָט וואָס: אויף מאָרגן אינדערפרי האָט מען מיך געפונען אין בעט אין אַ שרעקלעכער היץ אַזוי, אַז איך בין נישט געווען בײַ די געדאַנקען. זיבן טעג נאָכאַנאַנד זײַנען די מאַמע, רויזע, קאָזליאַק און דער זיידע נישט אָפּגעטרעטן פון מײַן בעט. מײַנע אייגענע האָבן געטאָן אַלץ, וואָס זיי האָבן געקאָנט: געטיילט צדקה, געזאָגט אין שול תהלים, געריסן קברים און אַלץ אומזיסט. מ׳האָט געשיקט נאָכן דאָקטאָר קושעלניצקי קיין נעסוויזש, אָבער מ׳האָט אים נישט געפונען אינדערהיים. אויפן זיבעטן טאָג איז געווען דער קריזיס. קומענדיק צו זיך, האָב איך קוים דערקענט מײַנע נאָנטע, — אַזוי אויסגעדאַרט זײַנען זיי געוואָרן פון קריינקונג און נישט שלאָפן.

ס׳זײַנען אַוועק נאָך אַ פּאָר וואָכן, ביז איך האָב זיך אינגאַנצן געשטעלט אויף די פיס.

די גאַנצע צייט האָט מען נישט אויפגעהערט מיך אָפּצעהיטן, און כדי מיך צו באַרואיקן, האָט מען מיר צוגעזאָגט, אַז איך וועל מער צום מזיק אין חדר נישט גיין. און קאָזליאַק האָט נישט אויפגעהערט אים צו זידלען. „אויפהיינגען האָט מען געדאַרפט אַזאַ מנוול!“ האָט ער כסדר געטענהט, וויסנדיק, אַז דערמיט מאַכט ער מיר פאַרגעניגן.

כאָטש נאָכדעם, ווי איך בין געזונט געוואָרן, זײַנען נאָך געבליבן דרײַ חדשים ביז צום זמן, האָט מען מיך שוין אין קיין חדר מער נישט געשיקט. צום מזיק האָט מען מיך נישט געוואָלט שיקן און אָפּגעבן מיר אין מיטן זמן אין אַן אַנדער חדר האָט דער זיידע נישט געוואָלט, כדי נישט מביש צו זײַן דעם מזיק.

חוץ מזה האָט דער מזיק געפאָדערט פאַר מיר אַ לײַנגערן אָפּרו. אויף דעם אופן האָב איך זיך באַנוצט מיט דער פרייהייט במשך פון אַ גאַנץ פערטל יאָר. מיט וואָס פאַר אַ קנאה מײַנע חברים האָבן זיך באַצויגן צו מײַן קריינק!

ס׳איז געקומען דער ערשטער טאָג אין חודש אלול — מײַן זעקסטער געבורטס־טאָג. אין שול נאָכן דאַווענען האָט מען געבלאָזן שופר, מבשר געווען מכּחן אָנקומען פון די ימים נוראים.

אָנווייזנדיק מיר אויף דעם, האָט דער זיידע געזאָגט: „נו, מיין קינד, גאָט האָט זיך איבער אונז מרחם געווען און מציל געווען דיך פון טויט, אָבער דו האָסט נאָך אַ זינד, מ׳מוז זיך פון איר באַפרייען. היינט אין דיין געבורטס־טאָג, וועסטו גיין צום רבין און אים איבערבעטן".
איך האָב עס געטאָן.

---

VI

## דעם טאַטנס אָנפאַר און די מהומה צווישן די קאַפּוליער, דער חדר פון איטשע דעם „משוגענעם".

מכוח מיין טאַטן האָב איך געהאַט זייער נישט קיין דייטלעכע פאָרשטעלונג. ער האָט מיך איבערגעלאָזן אַלס אַ צוויי־יאָריק קינד, און פון יענער צייט אָן האָט ער אונז אין אַ משך פון פיר יאָר נישט באַזוכט, כאָטש פון צייט צו צייט פלעגט ער שיקן בריוו און געלט.
די מאַמע האָט דערפון שטאַרק געליטן, פלעגט וויינען גאַנצע נעכט, אָבער שטאַרק באַהאַלטן אירע ליידן פון זייטיקע מענטשן — „די שונאים זאָלן זיך נישט פרייען מיט איר אומגליק".
און אָט איז פּלוצלונג אָנגעקומען אַ בריוו פון דאַנציג מיט דער בשורה, אַז אין קורצן קומט ער צופאָרן.
די מאַמע האָט זיך אַ נעם געטאָן פעסט צו דער אַרבעט, האָט געדונגען אַ גרעסערע און באַקוועמערע דירה, איינגעאָרדנט אַלץ אויפן בעסטן אופן.
זעקס וואָכן נאָכאַנאַנד האָבן מיר מיט דער גרעסטער אומגעדולט געוואַרט אויפן טאַטנס קומען און סוף־כל־סוף איז דערדאָזיקער

טאָג געקומען, ברייענגענדיק מיט זיך אַ נייעם שטראָם לעבן אין אונזער פאַמיליע און איפּרודערנדיק די גאַנצע שטאָט.

געפינענדיק זיך אין ביאַליסטאָק, אין אַ סביבה פון פּראָגרעסיווע מענטשן, און לעבנדיק חדשים־לאַנג אין אויסלאַנד, וואו ער האָט געהאַט די מעגלעכקייט זיך צו באַקאָנען מיט דער קולטור פון די ד יטשע יידן, האָט ער זיך שטאַרק געענדערט אין זיינע אָנ־שויאונגען אויפן יידישן לעבן, און דערדאָזיקער אינערלעכער שנוי האָט זיך אויסערלעך אויסגעדריקט אין זיין דייטשער קליי־דונג.

און אָט דידאָזיקע דייטשע קליידער האָבן אַרויסגערופן אין קאַ־פּוליע אַ גאַנצע מהומה. צום אומגליק איז דער טאטע אָנגעקומען סאַמע ערב יום־כפור, בעת די קאַפּוליער זיינען באַזונדערס רע־ליגיעז געשטימט.

צופאָרנדיק צום באַרימטן קאַפּוליער באַרג, איז דער טאַטע אַראָפּ פון וועגל און געגאַנגען אויפן באַרג צופוס. די קאַפּוליער דער־קענדיק אים, האָבן לכתחילה נישט געגלויבט זייערע אייגענע אויגן. ער איז געווען אָנגעטאָן ווי אַ פּראַנט אין אַ קורצן ראָק מיט לאַנגע הויזן. די באָרד איז געווען אונטערגעשאָרן און די לאַנגע בלאָנדע האָר האָבן זיך געקרייזלט אין לאָקן אויפן האַלז. ממש אַ פּריץ מיט אַלע פּיטשעווקעס. ווער ס'האָט אים באַגעגנט, איז צו צו אים נאָנט, אַ קוק געטאָן אין פּנים — און זיך אָפּגע־טראָגן — ווי זיי וואָלטן אים כלומרשט נישט דערקאָנען. נישט קיין ווייניקער שרעקלעכן איינדרוק האָט ער געמאַכט מיט זיין „וואונדערבאַרן" אַנצוג אויף מיר און אויף דער מאַמען, וועלכע דערזענדיק אים, איז שיעור נישט געפאַלן אין חלשות. אָבער אָט איז אַריין מיט אַ פריילעכן פּנים דער זיידע און, כלומרשט נישט באַמערקנדיק אין פאָטער קיין שום שנוי, האָט ער אים אַרומגע־נומען און געקושט.

דאָס האָט אויף אונז שטאַרק משפיע געווען, מיר האָבן זיך גלייך בדרואיקט און איך האָב זיך גאָר גיך צוגעבונדן צום פאָטער מיט דער גאַנצער נשמה, ווייל ער האָט זיך אַרויסגעוויזן נישט בלויז שיין און עלעגאַנט, נאָר אויך גוט און פיין צו אונז אַלע.

און אונזער אַנטציקונג האָט דערגרייכט די העכסטע שטופע, בעת דער טאַטע האָט אָנגעהויבן פאַנאַנדערטיילן די מיטגעבראַכטע מתנות: דער מאַמען אַ גאָלדענעם זייגערל, אויערינגלעך און בראָנזעלעטן, דעם זיידן — אַ שטאָק מיט אַ זילבערנער האַנט, מיר און מיין ברודער פאַרשידענע שפּילצייג, וואָס אַזוינס האָט מען אין קאַפּוליע נישט אָנגעזען.

ביסלעכווייז האָבן זיך אויך די קאַפּוליער צוגעוווינט צום טאַטן.

די שווערע רייזעטאַשן, וועלכע מ'האָט אַראָפּגענומען פון וועגל, זיינע טייערע בגדים און מתנות — אַלץ האָט עדות געזאָגט וועגן זיין עשירות, און פאַר גבירים האָבן די קאַפּוליער געהאַט גרויס דרך־ארץ און גאָר אַ סך זיי מוחל געווען. און אַז דער טאַטע האָט נאָך דעמזעלבן טאָג מנדר געווען אין קלויז גרויסע נדבות פאַר אָרעמע לייט און פאַר די כלי־קודש, האָט מען מיט אים לחלוטין כורת ברית געווען.

דערדאָזיקער יום־כפור איז גאַנץ לאַנג געבליבן אי׳ן זכרון פון די קאַפּוליער באַלעבאַטים.

מ'האָט דערציילט, אַז אין יענעם טאָג האָט קיינער פון די קאַ־פּוליער נישט געדאַווענט ווי געהעריק, ווייל דער טאַטע האָט אין משך פון גאַנצן טאָג געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון עולם. זיי האָבן געוואָרפן מיט די אויגן, נישט וויסנדיק אויף וואָס פריער זיך אָפּצושטעלן: אויף זיין צילינדער, וואָס האָט געגלאַנצט ווי אַ שפּיגל, אויף זיין נייעם, שוואַרצן, קורצן ראָק, אויפן ווייסן זיידענעם זשיליעט אָדער אויף זיינע פאַנטאָפל, אויס־גענייט מיט וואונדערבאַרע מוסטערן. אַפילו זיין מחזור איז גע־ווען נישט קיין געוויינלעכער: ס'איז געווען רעדעלהיימס מחזור מיט אַ דייטשער איבערזעצונג און אַ שיינעם באַנד מיט גאָלדענע ראַנדן.

אָבער וואָס ס'האָט אַממייסטן די קאַפּוליער פאַרוואונדערט — דעם טאַטנס מאַנטל, וועלכער האָט געהאָנגען אויפן וואַנט: אַז דאָס שטאָף איז זייער אַ טייערס, דאָס האָט מען נאָך ווי ס'איז געקאָנט פאַר־

שטיין; אָבער זיידענער אונטערפוטער, און דערצו נאָך קינסטלעך אויסגעניייט מיט רויטע זיידענע פּאָדעם.

דאָס איז שוין אַפילו נישט קיין פאַנטאַזיע, נאָר פשוט משוגעת. דעריבער האָבן אַלט און יונג, נישט קוקנדיק אויפן יום הקדוש, זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן, נישט אַרומצוקוקן און אויסצוטאַפּן דעם מאַנטל, אָפּשאַצנדיק דעם בערכן ווערט פונם שטאָף, די זיידנס, די קנעפּ א. אַז. וו. דערביי, פאַרשטייט זיך, האָבן נישט געפעלט קיין הייסע וכוחים.

דעם גאַנצן יום־טוב סוכות איז אונזער הויז געווען פול מיט געסט. די באַרימטע קאַפּוליער בירגער האָבן מיט אַנטציקן אויסגעהערט דעם טאַטנס דערציילונגען וועגן די ווייטע מקומות, מכּוח דער חכמה און דער געשיקטקייט פון די דייטשן, וועגן וואָס ס׳האָבן עדות געזאָגט די פאַרשידענע גרויסע און קליינע זאַכן, וועלכע דער פאָטער האָט מיטגעבראַכט, וואָס האָבן אַרויסגערופן פאַר־וואונדערונג מיט זייער שיינקייט, צילמעסיקייט און פאַרהעלטניס־מעסיקער ביליקייט. אַ באַזונדערס שטאַרקע אָנציאונגסקראַפט האָט באַקומען אונזער הויז, אַ דאַנק דעם סאַמאָוואַר און בכלל דעם גאַנצן טיי־סערוויז, וועלכן דער טאטע האָט געבראַכט. דאָס איז געווען דער ערשטער סאַמאָוואַר אין קאַפּוליע, דער אַזויגע־רופענער פאַטריאַרך פון די קאַפּוליער סאַמאָוואַרן.

מכּוח דער עקזיסטענץ פון סאַמאָוואַר האָבן שוין די קאַפּוליער אַפילו פריער געוואוסט, האָבן אים זאָגאַר געזען מיט אייגענע אויגן ביים קאָמיסאַר, אָבער דאָס צו פאַרמאָגן וואָלט געווען אַן אומגעהערטער לוקסוס.

די קאַפּוליער זיינען בכלל נישט געווען קיין גרויסע איבערקלוי־בער אין עסן און אין טרינקען. דעם עסן האָט מען צוגעגעבן אַ באַ־דייטונג נאָר שבתים און ימים־טובים לויטן געזעץ; אין די וואָכנטעג האָט מען זיך ווי ס׳איז דורכגעלעבט, אַבי נישט הונגערן. די הויפּט־אַכילה איז געווען קרופּניק. כּדי צו שטילן דעם דורשט, האָט מען זיך באַנוצט מיטן נאַטירלעכסטן און ביליקסטן גע־טראַנק — מיט וואַסער. נאָר מענטשן קריינקלעכע האָבן גע־טרונקען פאַר אַ רפואה ציקאָריע און פאַרשידענע „געוויירצן“.

מיטן טיי האָבן זיך די קאַפּוליער צום ערשטן מאָל באַקאַנט ביי אונז אין שטוב און האָבן אים געפונען אי געשמאַק, אי געזונט. פון יענער צייט אָן האָט מען ביי אונז טעגלעך געשטעלט דעם סאַמאָוואר אַפילו נאָכן פּאָטערס אָפּפאָרן און, מ׳מוז מודה זיין, אַז ער האָט אונז פאַרשאַפט נישט בלויז פאַרגעניגן: יעדער קאַפּוליער, דערשפּירנדיק אַ שטיקל רעוואָלוציע אין מאָגן, פלעגט פשוט קומען, זיך אַוועקזעצן ביים טיש, אָנגיסן אַ גלעזל טיי און טרינקען מיטן שטיקל צוקער, וואָס ער פלעגט מיטברענגען מיט זיך. ווייבער, אַז ס׳פלעגן ביי זיי קראַנק ווערן די קינדער, פלעגן קומען מיט טעפּלעך, אָנפילן זיי מיט טיי און אַוועקגיין.

דידאַזיקע באַזוכן זיינען נישט תמיד בעוועגן אָנגענעם, אָבער וואָס האָט מען געקאָנט טאָן: מ׳קאָן דאָך נישט אָפּזאָגן מענטשן אין אַ רפואה.

---

דער וויכטיקסטער פּועל־יוצא פון מיין פּאָטערס קומען איז דאָס מאָל געווען דער גינסטיקער שנוי אין מיין לערנען. איבערצייגט אין דעם, אַז דער עקזעסטירנדיקער אונטערריכטס־סיסטעם טויג לחלוטין צו גאָרנישט, האָט דער פּאָטער אויסגענוצט זיין קורצן פאַרברייינגען אינדערהיים אויף צו געפונען פאַר מיר אַ פּאַסענדיקן לערער, און האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף איטשען, מיטן צונאָמען „משוגענער". דידאָזיקע וואַל, האָט זיך, נישט קוקנדיק אויף דעמדאָזיקן נישט שיינעם צונאָמען, — אַרויסגעוויזן אַלס זייער געלונגען ביי די פּאַקטישע אומשטענדן.

איטשע איז געווען אַ גרויסער ידען אין דער העברייאישער ליטעראַטור, אָבער אַממייסטן האָט ער זיך אַנטציקט מיט דער תורה, און געצויגן האָט זי אים, נישט אַזוי מיט איר רעליגיעז־געזעצגעבערישן אינהאַלט, ווי מיט איר מאָראַלישן און פּאָעטישן עלעמענט. משוגענער האָבן אים אָבער די קאַפּוליער גערופן מחמת די עטלעכע ווילדקייטן פון זיין נאַטור און זיין אויפפירונג.

איטשע איז געווען אַ מענטש אַ פּריילעכער און אַן אָפּנהערציקער. ער האָט נישט געקאָנט אַריבערטראָגן די וויינענדיקע פרומקייט, די פאַלשקייט און צביעות און אָן אַ שום רחמנות פלעגט ער אויפדעקן די פאַלשקייטן פון אַלע כלומרשטע קדושים. דאָס איז ראשית; און שנית, זיינען די קאַפּוליער לומדים כמעט אַלע געווען שוואַכע, בלאַסע, אויסגעדאַרטע; אַזוי האָט עס געמוזט זיין, ווייל ס'איז געזאָגט: „תורה מחשת כחה של אדם", ד. ה. די תורה שוואַכט אָפּ דעם כח פון מענטשן; בלוט-אָרעמקייט (אנעמיע) און שוואַכקייט זיינען געווען די סמנים פון אינטעליגענטישקייט און יחוס און האָבן געדינט אַלס די בעסטע רעקאָמענדאַציעס פאַר קאַנדידאַטן אויף פאַרשידענע רעליגיעזע פּאָסטנס*) און אויך פאַר חתנים.

איטשע אָבער איז געווען אַ רויטבאַקיקער, מיט ברייטע פּלייצעס, אַ גבור און דאָס ערגסטע איז געווען, וואָס ער האָט נאָך שטאָלצירט מיט דידאָזיקע אַלע מיאוסע אייגנשאַפטן. כדי אויסצענוצן דעם איבערפלוס פון זיינע כוחות, האָט ער זיך תמיד באַשעפטיקט מיט וועלכע ס'איז פיזישער אַרבעט, אַפילו בעתן לערנען מיט די קינדער אין חדר; ער האָט געשניצט, און דווקא זייער שיין, פאַרשידענע קינדערשע שפּילצייג און טייטלען פון האָלץ אָדער ביין, פלעגט מאַכן טאַבאַק-פּושקעס פון קאָרע א. אז. וו. — און אַלץ נישט צוליב פאַרדינסט (ער פלעגט דאָס כסדר אָוועקשיינקען), נאָר פון ליבע צו קונסט.

איטשע איז געווען אַ געבאָרענער פון ניעסוויזש און האָט ליב געהאַט די ניעסווישער באָד. אַלע פרייטיק פלעגט ער אָפּלאָזן זיינע תלמידים פריער, און מיט אַ פעקל וועש אונטערן אָרעם פלעגט ער זיך אָוועקלאָזן קיין ניעסוויזש, וואָס איז געלעגן פיר מייל פון קאַפּוליע, און זייענדיק דאָרט אין באָד, פלעגט ער פאַרנאַכט, פאַר שקיעת החמה קומען צוריק קיין קאַפּוליע, אָנקוועלענדיק

*) מ'דערציילט, אַז א. מ. דיק, באַגעגענדיק אַמאָל אויפן גאַס אַן אָרימען קריסט — אַ משונהדיקע בריה, אַ שלאַפן, אָן אַ גאָז און אַ קרומען רוקן, האָט ער אויסגעשריען: „אוי, ווי ביי „זיי" גייט אַלץ אַוועק אין גיוועץ! ביי אונז וואָלט אַזאַ זעלטענער עקזעמפּליאַר בודאי געווען אַ רב אָדער אַ דיין.

פון זיין שפּאַציר. די אַלע מעשיות האָבן די קאַפּוליער אַנדערש נישט געקאָנט פאַרשטיין, ווי עפּעס משוגעת רחמנא ליצלן.

איטשעס ווייב, מיין פאַרשטאָרבענע מומע חנה, איז נישט געווען קיין פּארשוין, אָבער דערפאַר איז זי געווען באַרימט אין קאַפּו־ליע און אַפילו אין דער סביבה מיט איר לומדות און רעדנער־טאַלענט. אַ דאַנק אירע דאָזיקע גייסטיקע מעלות און דעם גאַנצן מבל טרערן, וועלכע זיינען שטענדיק געווען גרייט צו איר דינסט, האָט מען איר געהאַלטן פאַר דער בעסטער זאָגערין אין עזרת־נשים און פאַר דער ערשטער מקוננת (וויינערין) ביי אַ לויה, בעת זי פלעגט מיט אַן אומגעוויינלעכער התלהבות, מיט אַ הויכן סטיל און אַפילו אין ריפמען אויסרעכענען די פאַר־דינסטן פון בר־מינן.

מיטן זעלבן אויפריכטיקן געפיל, מיט דערזעלבער רעדנער־קראַפט און מיט קלינגענדיקע ריפמען פלעגט זי זידלען און שעלטן איר „משוגענעם״. געוויינלעך פלעגט איטשע גוטמוטיק אויסהערן חנהס קונציקע דרשות און, אַלס ראַפינירטער פאַר־ערער פון קונסט, פלעגט ער זיך ממש אַנטציקן מיט איר „קללות־פּאָעזיע״. ס׳פלעגט אָבער טרעפן, אַז פלוצלונג, פון איינעם אירן אַ ווערטל, פלעגט ער אויפשפּרינגען, ווי אַ שלאַנג וואָלט אים אַ ביס געטאָן, אַ כאַפּ טאָן זיין גראָבן סענקעוואַטן שטעקן, אַ קלאַפּ טאָן מיטן טיר און נעלם ווערן.

אין משך פון אַ צוויי, דריי יאָר פלעגט מען פון אים לגמרי נישט הערן; די מומע חנה האָט דעמאָלט שטאַרק געליטן און קלאָגן נאָך איר טייערן מאַן, ווי נאָך אַ טויטן. ער פלעגט אָבער נישט פאַרפאַלן ווערן, און אַזוי אומגעריכט ווי ער פלעגט פאַר־שווינדן, אַזוי פלוצלונג פלעגט ער צוריק קומען; ער פלעגט בלייבן אינדערהיים אַ יאָר — צוויי — ביז אַ נייער מחלוקת און אַ נייער פליטה.

אויף דעם איז איטשע געווען אַ מענטש אַ דורכגעטריבענער, וואָס האָט אָנגעזען אַ וועלט. געווען איז ער אין ווילנע, אָדעס, בערדיטשעוו און אין קעשעניעוו און האָט געקוקט פון אויבן

אַראָפּ אויף די קאַפּולֿיער מיט זייער באַשרייַנקטער וועלט־אַנשויאונג.

ס׳האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז אין יענער צייט איז צוזאַמען מיט מיין טאַטן אויך אָנגעקומען איטשע פון זיינע נסיעות אין די ווייטע מקומות. ער האָט גערן אָנגענומען דעם פאָרשלאַג צו נעמען אויף זיך די פליכט מיט מיר צו לערנען לויטן נייעם סיסטעם, וואָס מיין פאָטער האָט אים אָנגעוויזן. לויט דערדאָזיקער שיטה, האָט מען געדאַרפט לערנען העברייאיש פון ספר „מסלת־הלמוד״ פון בן־זאב, דער איינציקער סיסטעמאַטישער לערנבוך פון יענער צייט, וואָס האָט אַנטהאַלטן, אין אַ שיינער, צוטריטלעכער קינדערשער שפּראַך, קורצע זאַצן, קלוגע אויסדרוקן און נוצלעכע ידיעות פון דער אַרומיקער וועלט, פון דער יידישער געשיכטע א. אז. וו. מיט אַ דייטשער איבערזעצונג*). דער תנ״ך האָט אויך נישט אַנדערש געדאַרפט געלערנט ווערן, ווי אויף דייטש. אין פּראָגראַם זיינען אויך אַריין די גרונד־כללים פון דער העברייאישער גראַמאַטיק און די העברייאישע שריפט אין דיקטאַנט.

דאָסדאָזיקע פּראָגראַם איז זיך אַזוי פאַנאַנדערגעגאַנגען מיט דער טראַדיציע, אַז אין קאַפּולֿיע האָט מען אויף איר געקוקט ווי אויף אַ רעוואָלוציע אין ענין פון דערציונג.

אָבער איטשע האָט זיך דערפאַר לגמרי נישט דערשראָקן. פאַרקערט, ער האָט געהאַלטן, אַז זי איז די פּאַסיקסטע. די פאָדערונג אַפילו צו פירן די למודים אויף דייטש, האָט אים נישט אָפּגעשטעלט: ער קאָן טאַקע באמת נישט דעמדאָזיקן לשון, אָבער אויף דעם האָט ער דאָך אַ „יידישן קאָפּ״. אויב מ׳מוז קאָנען דייטש אָדער וועלכע נישט איז אַנדער שפּראַך, וועט ער שוין קאָנען. אויף דעם איז דאָך דאָ מענדעלסאָנס איבערזעצונג פון חומש, וואָס איז געדרוקט מיט יידישע בוכשטאַבן.

---

*) דאָסדאָזיקע בוך, וואָס איך האָב שפּעטער איבערגעזעצט אויף רוסיש, איז דעם ערשטן מאָל אַרויסגעגעבן געוואָרן אין וואַרשע אין יאָר 1871, און איז געווען איבערגעדרוקט אין אַ סך אויפלאַגן.

איטשע האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס גוטער פעדאַגאָג און מענטש. ער האָט זיך ערנסט באַצויגן צו זיינע פליכטן, האָט געוואוסט די געגנשטאַנדן און האָט זיי גוט דערקלערט. באַלד איז צווישן אונז ביידן געוואָרן די בעסטע באַציאונגען. דער חדר איז פאַר מיר געוואָרן דער ליבסטער אָרט, און דער לערער — אַ גע- ליבטער פריינט. די שוועריקייט פון דער גייסטיקער אַרבעט, אין משך פון 10 שעה א טאָג, איז פאַרלייכטערט געוואָרן דורך דער פילפאַכיקייט פון די געגנשטאַנדן. אויסער דעם פלעגט ער נאָר באַמערקן, אַז איך בין מיד, האָט ער תיכף פאַרמאַכט דעם ספר, אָנגעהויבן זיך וויצלען, דערציילן אַנעקדאָטן. און חול- המועד, אין אַ גוטן וועטער, פלעגט ער מאַכן מיט מיר עקס- קורסיעס אויפן „שלאָס" אָדער אין די אַרומיקע וועלדער און דאָרט, פאַרגעסנדיק זיינע יאָרן און זיין טיטל, פלעגט ער קריכן מיט מיר אויף דיביימער און אויסקלערן פאַרשידענע שפּילן.

ווי דער לערער, אַזוי האָב איך אויך ליב געקריגן מיין לערנבוך מסלת-הלמוד. איך האָב זיך אַנטציקט מיט זיין פשוטן, אָבער גאַרציקן טאָן, מיט די קלוגע ווערטער און מאמרים, אַזוי אַז אין פאַרלויף פון ערשטן יאָר לערנען ביי איטשען אין חדר האָב איך זיך אויף קיין איין מינוט נישט צעשיידט מיטן דאָזיקן געליבטן ספר; ביי טאָג האָב איך אים תמיד געטראָגן מיט זיך, און ביי נאַכט געלייגט צעקאָפּנס.
בעת דער לערער האָט מיט מיר איינמאָל דורכגעלעזן אין דעם ספר דעם פרק „חנוך מוסר לבנים" (מוסרלערע פאַר קינדער), וואו ס'שילדערט זיך די ליבע פון אַ מוטער צו איר קינד און איר פילפאַכיקע אַרבעט און זאָרג וועגן אים פון דער ערשטער רגע פון זיין געבוירן ביז ער ווערט זעלבסשטענדיק, — בעת ער האָט עס דורכגעלעזן מיט זיין געוויינלעכער התלהבות און האָט אָנגעוויזן אויף די פליכטן, וועלכע ליגן אויף די קינדער אין באַצוג צו זייערע עלטערן, האָבן זיך ביי מיר אַזוי צושפּילט די געפילן, אַז אַרייסגייענדיק פון חדר, בין איך אין איין אָטעם אַוועקגעלאָפן צו דער מאַמען אין געוועלב. געקומען בין איך

זייער נישט צו דער צייט, בעת דאָרט זיינען געווען פול קונים. נישט רעכענענדיק זיך דערמיט, בין איך צוגעלאָפן צו דער מאַמען, אָנגעהויבן איר קושן און בעטן, זי זאָל אויף מיר אַרויפ־לייגן אַ שווערע, זייער שווערע אַרבעט – נו, כאָטש די מינוט אָוועקגיין, למשל, צופיס קיין אוסאָווע (אַ דאָרף זעקס ווי־אָרסט ווייט פון קאַפּוליע). די מאַמע האָט מיך אָפּגעשטעלט, נישט גע־וואָלט מיך אויסהערן. אָפּווענדיק זיך, ביז די קונים זיינען אַוועק, בין איך ווידער צו איר צוגעשטאַנען, בעטנדיק, זי זאָל מיך שיקן וואוהין זי וויל, כאָטש אויף עק וועלט.

– אָבער וואָס איז מיט דיר געוואָרן? – האָט די מאַמע געזאָגט, קוקנדיק אויף מיר עפּעס מיט אַ מין חשד. – דו ביסט ביים זינען?

– אָבער, מאַמע, קוק וואָס דאָ איז אָנגעשריבן אין דעם ספר!

– אָ, איך האָב עס געוואוסט, איך האָב געזאָגט מיין מאַן, אַז דער משוגענער וועט אַראָפּפירן דעם קינד פון זינען! – האָט די מאַמע אויסגעשריען מיט פאַרצווייפלונג, ווענדענדיק זיך צו איר שותפטע העניע. – מיינע ווערטער זיינען מקוים געוואָרן, דער יינגל איז משוגע!

– איך וועל נישט דערלויבן, מאַמע, איך וועל נישט דערלויבן אָנצערופן מיין רבין משוגע! – האָב איך אַ געשריי געטאָן מיט אַ ווילדן כעס.

– נו, וואָס איז מיט דיר, מיין טייערינקער? – האָט זיך העניע אָנגערופן צו מיר – זאָג, וואָס ביסטו עפּעס דוקא ערשט געקומען צו דער מאַמען מיט אַזאַ בקשה?

אַלס ענטפער אויף דערדאָזיקער פראַגע, האָב איך אויפגעעפנט מיין געליבטן ספר און איבערגעזעצט אויף יידיש דעם אָנהויב פון דערמאָנטן מאמר.

– יאָ, דו ביסט אַ וואוילער יינגל, – האָט געזאָגט העניע, מיך קושנדיק.

די מאַמע איז אונטערגעקומען און האָט מיך אויך געוואָלט אַ קוש טאָן, נאָר איך האָב זיך נישט געלאָזן, ביזוי האָט געשוואָרן,

אַז מ'ייר וועט זי שוין קיינמאָל נישט רופן מיין רבין משוגענער.
אויף דעם אופן האָב איך מיט דער מאַמען געמאַכט שלום, אָבער פון מיין עקסקורסיע, לשם מיין ליבע צו דער מאַמען, קיין אוסאָוואָ, איז גאָרנישט געוואָרן.
דער מאַמען איז אָבער שטאַרק נישט געפעלן מיין עקסצענטריש-קייט און די צו גרויסע סענטימענטן, און איטשע האָט געכאַפּט פון איר אַ ריכטיקע עליה.
דאָס לערנען דעם „מסלת-הלמוד“ האָט מיר געגעבן אַ גרויסע מענגע ווערטער און האָט מיך באַקאַנט געמאַכט מיט די פאָרמען פון דער העברייאישער שפּראַך, אַזוי אַז נאָכדעם האָט זיך מיר אַפילו דער שווערסטער טייל פון תנ"ך געגעבן גאַנץ לייכט און אין פאַרלויף פון דריי יאָר איז מיר געלונגען דורכצוגיין די גאַנצע ביבל און קאָנען איר אַזוי, אַז בעת מ'פלעגט מיר איבער-לעזן וועלכן ס'איז פסוק, פלעג איך אָנווייזן אין וועלכן ספר און אין וועלכן קאַפּיטל דערדאָזיקער פסוק געפינט זיך. אין דערזעל-בער צייט האָב איך זיך אויך באַקאַנט מיט די גרונט-כללים פון דער גראַמאַטיק און דער אָרטאָגראַפיע פון דער העברייאי-שער שפּראַך.
אָבער וויכטיקער, ווי די דערוואָרבענע קענטעניש, איז געווען פאַר דער קינפטיקער אַנטוויקלונג פון מיין אינערלעכן לעבן דאָס, וואָס איך האָב זיך דורכגעדרונגען מיטן פּאָעטישן געפיל, מיט די הויכע אידעאַלן פון די נביאים אין תהלים-זינגער.
פאַרגעסן זאָל ווערן מיין רעכטע האַנט אויב איך וועל דיך פאַר-געסן, טייערער לערער! דו האָסט דער ערשטער פאַרזייט אין מיין האַרצן די קערנדלעך פון גוטסקייט און שיינקייט, האָסט געלייגט אַ פעסטן יסוד פאַר מיין בילדונג, האָסט מיך איינג צו-נויפגעבונדן מיטן תנ"ך, וועלכער איז פון יענער צייט אָן געוואָרן מיין בעסטער, נאָנסטער פריינט.
געבענשט זאָל זיין דיין אָנדיינק!

---

VII

## רבי לייזערקע און זיין חדר. זיין אָנהויבן לערנען גמרא. שווערע וואָכנטעג און פריילעכע שבתים.

אז איך בין אַלט געוואָרן ניין יאָר, האָב איך אָנגעהויבן לער-נען גמרא אונטער דער השגחה פון מיין צווייטן פעטער, דעם אויבנדערמאָנטן רבי לייזערקע. דער איבערגאַנג פון תנ"ך צו תלמוד איז פאַר מיר געווען זייער אַ שווערער. פון די פשוטע און אינטערעסאַנטע ביבלישע דערציילונגען, פון די וואַרעמע רייד פון די נביאים, — בין איך פלוצלינג אַריבער צו דער טרוקענער, פּלפּולדיקער יוריספּרודענץ. פון פּאָעזיע-טעמפּל אין געריכט אָדער אויפן מאַרק. און אויפן דאָזיקן מאַרק זיינען די מענטשן ווי צעווילדעוועטע, קריגן זיך, רייסן זיך צוליב יעדער נאַריש-קייט; איינעמס אָקס האָט געשטויסן דעם צווייטנס קו, — און דער קוס באַלעבאָס פאָדערע אַ קאָמפּענסאַציע; עמעצער האָט עפּעס פאַרפּירט אַ מיידל — אײן איר פאָטער מאַכט אַ געפּילדער, מען זאָל אים באַשטראָפן; די קויפער און פאַרקויפער, די בעלי-חובות און מלוים, די באַלעבאַטים און אַרבעטער, די מענער און די ווייבער, — אַלע טראַכטן, וויאַזוי איינער דעם אַנדערן אָפּצו-נאַרן, באַגנבענען, אַלע שרייען, ליאַרמען, שלעפּן איינער דעם אַנדערן אין געריכט. און די יוריסטן, פּראַקטיקער אָדער טעאָ-רעטיקער, פּאַנאַנדערקלויבנדיק זיך אין אַזעלכע קאָנקרעטע אָדער אַבסטראַקטע ענינים, רייסן זיך אויך כסדר אַרום. רבי מאיר און רבי יהודה, רבי יוחנן און ריש-לקיש, רב און שמואל, אבאי און רבא זיינען עפּעס ווי געדונגען דערצו, אַז זיי זאָלן זייער גאַנץ לעבן תמיד און אומעטום איבערשפּאַרן איינער דעם אַנדערן: דאָס וואָס איינער איז מתיר, אַסרט ווי אויף להכעיס דער צוויי-

טער; אָנערקענט איינער עמעצן פאַר שולדיק, קומט דער צווייטער און דערקלערט אים פאַר אומשולדיק; וואָס פאַר איינעם איז ווייס ווי קרייט, איז פאַרן אַנדערן שוואַרץ ווי סמאָלע. און יעדערער פון זיי דערשיינט מיט דער גאַנצער אַמוניציע פון לאָגיק און דיאַלעקטיק, רופט צו הילף די תורה און די טראַדיציע. בעת איינער ברייננגט זיינע באַדינגונגען, דאַכט זיך, אַז זיי זיינען קלאָר ווי דער טאָג און שטאַרק ווי דימענטן; הויבט אָבער אָן ריידן דער צווייטער, — מאַכט ער פון זיי אפר ואפר. קומען דריטע פערזאָנען, וואָס שטעלן זיך אויף איינער אָדער אויף דער צווייטער זייט אָדער ווילן מאַכן אַ פשרה צווישן די צדדים, און ווידער אַרום מיט דער הילף פון פלפול און יענער ראַפינירטער מוח-אַרבעט, וועלכע די דייטשן כאַראַקטעריזירן מיטן וואָרט „האָר שניידן", שפּאַלטן די האָר.

די אַלע איבערגעשפּיצטע דרשות און רוישיקע וכּוחים, וואָס אַלס זייער אָביעקט האָבן געדינט, לויט מיין מיינונג, קליינלעכע, וואָכעדיקע, גראָשענע אינטערעסן, זיינען פאַר מיר ממש געווען אומדערטרעגלעך.

דערצו איז דער נייער געגנשטאַנד געשריבן אויף אַ לשון, וואָס איז פאַר מיר לגמרי פרעמד. און מיין נייער לערנבוך — די גמרא האָט בלויז מיט זיין אויסזען גופא, מיט זיין אומגעלומפּערטער גרויס געקאָנט אָנוואַרפן אַ פּחד און אַן אומעט אויף אַ נייעם תלמיד.

דאָס איז אַ גרויסער דיקער באַנד אין אַ לעדערנעם איינבאַנד, — לאַנג אַזוי ווי איך, און זיין וואָג איז אפשר נאָך שווערער פון מיר.

אויסערדעם, איז דערדאָזיקער בוך מוראדיק אַלט, און אויף זיינע צעשויבערטע זייטלעך זעען זיך וואו-נישט-וואו די שפּורן פון טרערן און בלוט פון אַ סך דורות חדר-יינגלעך.

מיין נייער לערער, דער פעטער רבי לייזערקע, איז געווען אַן און פאַר זיך אַ מענטש זייער אַ בכבודיקער. הויך געוואָקסן, מיט אויסדרוקפולע אויגן, אַ דינער נאָז, אַ הויכן שטערן און אַ לאַנגער גרייזגרויער באָרד, האָט ער אויסגעזען ווי אַ פּאַטריאַרך.

פריער, איידער איך בין אָנגעקומען צו אים אין חדר, בין איך געווען מיט אים אין די בעסטע באַציאונגען.

שבת צו נאַכט פלעגט ער תמיד קומען צו אונז אויף אַ גלעזל טיי, אָפט פלעגט ער מיך אַוועקזעצן צו זיך אויף די קני, זיך שפילן מיט מיר און פרעגן רעטענישן. אַז איך בין אָבער געקומען דעם ערשטן מאָל צו אים אין חדר, האָב איך אים כשוט נישט דערקענט. ער איז מיר שוין גאָר קיין פעטער גישט און איך בין נישט אים קיין פלימעניק. ער האָט מיך זאָגאַר אַוועקגעזעצט נידעריקער פון מענדלען, דעם אָרעמען סטאָליאַרס יינגל (דערזעלביקער, וואָס מיט אים איז געשען די מעשה ביים „מויק" אין חדר). דערמיט האָט ער מיר משמעות געגעבן צו פאַרשטיין, אַז אין חדר איז נישטאָ קיין קרובהשאַפט, אַז דאָ עקזעסטירן נישט קיין אייגענע און פרעמדע, קיין רייכע און אָרעמע, — נאָר בלויז תלמידים.

רבי לייזערקע האָט ווי געהעריק אָפּגעשאַצט די הייליקייט און פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון זיין טעטיקייט און האָט איר געווויסנ־האַפט אויסגעפירט.

געאַרבעט האָט ער אין חדר פון 9 פרי ביז 9 אין אָוונט (מיט אַ גאַנץ קליינער הפסקה אויף מיטאָג און אויף מעריב דאַוונען). שטריינג צו זיך גופא, איז רבי לייזערקע אויך געווען מיט אונז שטריינג, האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן קיין מאנקירן און קיין פאַרשפעטיקן. ער האָט אָפּגעשאַצט זיין ווערט, האָט זיך גע־האַלטן בכבודיק און געפאָדערט פון אונז אַבסאָלוטע אַכטונג, הכנעה און אויפמערקזאַמקייט. די דיסציפלין האָט ער, איבעריגנס, אונטערגעהאַלטן נישט מיט קלעפּ, נאָר מיט זיין אימפּאָזאַנטער פערזענלעכקייט און זיין שטריינגן בליק. ער האָט נישט ליב גע־האַט קיין שום פשרות, קאָמפּראָמיסן; זיינע פעסטגעשטעלטע סדרים און רעגעלן זיינען געווען אומבאַרירלעך.

זיין געגנשטאַנד האָט ער מסביר געווען גוט, זיך אַראָפּלאָזנדיק צום קינדערשן שכל; דערפאַר אָבער האָט ע־ שוין געפאָדערט לאָגישע תשובות, און קוים האָט דער תלמיד נישט געוואוסט די לעקציע, פלעגט ער זיך בייזערן, זידלען. איבעריגנס, איז אין

זיין לעקסיקאָן געווען נישט מער ווי איינאיינציק זידל־וואָרט:
אי־ווי־אַן! וואָס האָט באַטייט: „טעמפּער מוח"; ערגער איז גע־
ווען — „איוואַן בן איוואַן! (טעמפּער מוח אין קוואַדראַט), אָבער
שענדלעכער ווי אַלץ איז געווען דער אויסגעשריי „איוואַן איוואַ־
נאָוויטש איוואַנאָווסקי!!!" (טעמפּער מוח פון דער העכסטער
מדרגה, אין קוב).

איך בין געווען אַ רודף אחר הכבוד, און פאַרדייען דעם שענד־
לעכן צונאָמען אין וועלכער ס'איז מדרגה, וואָלט פאַר מיר געווען
שרעקלעך, דערצו בין איך פון דער נאַטור געווען ווייך, פלעג
לייכט אַרונטערפאַלן אונטערן פרעמדן איינפלוס, און איך האָב
אָנגעשטרייגט מיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט און מיינע גייסטיקע
קרעפטן, כדי צו באַפרידיקן די שטרייגע פאָדערונגען פון מיין
לערער. אַ דאַנק דעם האָב איך פאַרן יאָר געמאַכט גרויסע
פאָרשריטן אין דעם למוד, וואָס איז פאַר מיר לחלוטין געווען
ניי; דערדאָזיקער יאָר איז אָבער פאַר מיר געווען איינער פון
די שווערסטע. איך האָב זיך געפילט אומגליקלעך. טאָג אויס, טאָג
איין, פון פרימאָרגן ביז שפּעט אין אָוונט האָב איך זיך געפונען אונ־
טער אַ שטרייגער דיסציפּלין, אונטער דער שאַרפסטער השגחה פון
שטריינגן מענטאָר, אַריינגעדרונגען אין ווערטער אין זאַצן, וועלכע
נאָר איין גאָט ווייס, ווער ס'דאַרף זיי האָבן. טריקענע דעם מח
און פאַרענטפערן פראַגן, וועלכע זיינען מיר לגמרי פרעמד, —
דאָס אַלץ איז פאַר מיר געווען כקריעת ים־סוף.

---

אָ, וואָס פאַר אַ תּענוג דער שבת איז!
שוין פרייטיק אינדערפרי איז די דיסציפּלין אין חדר געווען אַ
שוואַכערע. רבי לייזערקע איז עפּעס גאָר אַן אַנדערער. און
12 אַזייגער, ווי נאָר ס'האָט זיך דערהערט דער קול פון „שול־קלאַ־
פּער", פלעגט דער רבי תיכף אַראָפּוואַרפן פון זיך און פון אונז
דעם שווערן עול און — מאַרש אין באָד אַריין.
אַ גליקלעכער שליטוועגס!

און יענעם מאָמענט פלעג איך זיך פילן אין דער לאַגע פון אַן אַרעסטירטן, וועלכן מ'האָט נאָר וואָס אַרויסגעלאָזן פון תפיסה. פרייהייט! אין משך פון גאַנצע אַנדערטהאַלבן טעג נישטאָ נישט קיין רבי, נישט קיין גמרא; נישטאָ די טענות און מענות צווישן די קונים און די פאַרקויפער, נישטאָ קיין אָקסן, קיין קי... ס'ווילט זיך אַפילו נישט טראַכטן מכח זיי! אַרויסשלאָגן זיי לגמרי פון קאָפּ! און לאָמיך זיין „איוואַן-איוואַנאָוויטש"! דעם פרייטיק, פאַרשטייט זיך, פלעג איך אויסנוצן אינגאַנצן: זיך געשפּילט מיט די חברים, געשטיפט, זיך געבאָדן. און ווי ס'קומט דער אָוונט, גיי איך אין קלויז אַריין.

גאָט איינציקער, ווי אַנדערש זעט גאָר אויס דידאָזיקע קלויז! די אַלטע, ריין אָפּגעשייערטע מעשענע לייכטער לויכטן ווי גאָלדענע, און די מענגע פייערן צעגיסן זיך אומעטום מיט זייער רייכער, אָנגענעמער ליכטיקייט. און די באַלעבאַטים? זיי איז ממש נישט צו דערקענען! געקומען די שבת-מלכה און זיי באַשאָנקען אַלע מיט דער „נשמה יתרה"—מיט דער פרײלעכער, שטאָלצער נשמה, וועלכע איז לגמרי נישט ענלעך אויף זייער געוויינלעך שפּלדיקער, דערשלאָגענער, וואָכעדיקער נשמה. וואו זיינען אַהינגעקומען זייערע איינגעבויגענע רוקנס, זייערע ביטער-זויערע, פינסטערע פּנימער? יום-טובדיק אויסגעפּוצטע שטייען זיי אויף זייערע ערטער מיט שטאָלץ אויפגעהויבענע קעפּ און לויכטנדיקע געזיכטער. זיי האָבן אַראָפּגעוואָרפן פון זיך אַלע דאגות און ווילן גאָר מכוח זיי נישט טראַכטן. אויף גאַנצע פיר און צוואַנציק שעה זיינען זיי, זייערע ווייבער און קינדער פאַרזאָרגט מיט כל טוב, אַפילו דער גרעסטער אָרימאַן האָט חלה, פלייש און צימעס — די, וואָס האָבן קיין געלט נישט געהאַט, האָבן זיי גוטע מענטשן פאַרזאָרגט. די הענדלער ווען נישט דאַרן די מוחות, וואו צו כאַפּן אַ פּאָר רובל אויף קויפן סחורה, די מלווים וועלן נישט מאָנען זייערע חובות; אַפילו סיאָמקע דער „סאטסקי" וועט נישט האָבן די חוצפה צו שלעפּן די קישנס און די לייכטערס פאַר נישט איינגעצאָלטע שטייערן, — אַפילו אָט דער רשע ווייס וואָס איז אַזוינס שבת.

יאָ, איצט איז אויס דאגות, אויס דלות, אויס גלות! אַלע זיינען מיר גליקלעכע בירגער אין אַ גליקלעכער און אַ פרייער רעפּובליק. און דאָס אַלץ אַ דאַנק דער כלה־שבת, וועלכע ווערט באַלד דערשיינען בעצמה וכבודה. אָט איז זי דוד־יאָסל מקבל פנים, ער באַגעגנט די כלה מיט אַ וואונדערבאַרן נגון, און מיר אַלע, אַלט און יונג, זינגען מיט.

לכה דודי לקראת כלה. א. אז. וו.

די אומזיכטבאַרע כלה איז טאַקע געקומען, ווייל דוד־יאָסל און מיט אים דער גאַנצער עולם, דרייען זיך אויס צום טיר, בוקן זיך און זינגען: באי כלה, באי כלה.

נאָכן דאַווענען גיי איך אַהיים. און אין שטוב איז אַן אמתער גן־עדן: ציכטיק, ליכטיק. די לייכטער, דער עסצימער, די קיך־געשיר — אַלץ גלאַנצט; די פּאָדלאָגע אין די לאַנגע הילצערנע ביינק זיינען ריין אָפּגעוואַשן. אויפן טיש אַ שניייווייסער טישטוך; די וואונדערבאַרע געפלאָכטענע חלות באַהאַלטן זיך ווי פאַרשעמט אונטערן פּישטעכל מיט אַן אויסגעהאָפטענער העברייאישער אויפשריפט: „לכבוד שבת". געלויבט און געבענטשט זאָלן זיין די ווייבערשע הענט, וועלכע האָבן געאַרבעט אָן אַן אויפהער פון דאָנערשטיק אָן. איצט שטראַלן זייערע פּנימער, זיי זיינען צופרידן מיט זיך און מיט זייער אַרבעט. בעת מיר מענער זיינען געווען אין שול, האָבן זיי זיך פאַר דער צייט געוואַשן, געקעמט און אויסגעפּוצט.

נאָר אויף מיין מאַמעס געזיכט מערקט זיך דער שלעכט באַהאַלטענער אומעט; נישטאָ דער מאַן, נישטאָ דער פאָטער פון די קינדער. באַזונדערס פילט זי זיין אָפּוועזנהייט איצט.

דער שבתדיקער טיש — איז אַ מזבח, און מ׳מוז האָבן אַ כהן — און דאָס איז דער מאַן, דער פאָטער פון די פאַמיליע.

אָבער אויך ביי אונז אין שטוב פראַוועט מען דעם שבת, ווי ביי אַלע, מיט דער געהעריקער פייערלעכקייט. די כהונה פירט דער שכן, וועלכער פאַרנעמט אַ טייל פון אונזער הויז, און די שבת־דיקע סעודה עסט מען ביי אַ שותּפותדיקן טיש.

אונזער לאָקאַטאָר — איז אַ מענטש אַ בכבודער, אַ ירא־שמים און אַ תלמוד־חכם, איינער פון די „שיינע יידן“, וועלכע לאָזן גערן איבער פאַר זייערע ווייבער די דאגות־פרנסה, אַלע עסקים א. אז. וו. די ווייב איז אַן אשת־חיל, אַ בריה. זי פירט די באַלעבאַטישקייט, זיצט אין געוועלב, פירט דעם מסחר, פאָרט אויף ירידים; זי שרייבט אונטער וועקסלען, קאָנטראַקטן, מיט איין וואָרט, זי איז די פאָרשטייערין פון הויז, פון דער פירמע. אים אָבער קאָן גאָר די „וועלט“ נישט; דאָרט האַלט מען אים בלויז פאַר אַ הוספה צו דער ווייב און מ׳רופט אים מיט איר נאָמען: עליע חאַשעס, משהקע דינהס א. אז. וו.

זיין אָרט, זיין יחוס — איז אין קלויז. דאָרט גיט מען אים אָפּ כבוד פאַר זיין פרומקייט, פאַר זיין לומדות און דאָרט איז ער איינער פון די „ראשי־הקהל“. באמת איז ער אַ ליידיקגייער, אָבער דאָס שטערט אים לגמרי נישט צו זיין די ערשטע פּער־זענלעכקייט ביי זיך אין הויז. די ווייב האָט צו אים קיין טענות נישט: ער פאַרנעמט זיך גישט מיט מסחר, ווייל ער איז פעאיק צו וויכטיקערע ענינים. איבעריקנס, פאַלן דאָך די שטראַלן פון זיין גלאַנץ אויך אויף איר און אויף אירע קינדער, און אויף יענער וועלט — זיי ווייסט דאָס — וועט מען דאָס איר פאררעכע־נען, וואָס זי האָט מפרנס געוועזן אַזאַ צדיק.

דער שכן, אַריינקומענדיק צוזאַמען מיט מיר אין שטוב, זאָגט די־ווייבער אַ ברייטן גוט שבת, וואַרפט אַראָפּ פון זיך דעם אויי־בערשטן מלבוש און איז מקבל־פנים די מלאכים, וואָס קומען אין שטוב אַריין לכבוד שבת.

באכם לשלום, מלאכי השרת,

מלאכי עליון א. אַז. וו.

אַרומקוקנדיק זיך אין שטוב, פאַרשטייט זיך, אַז דער מאַן פילט די פליכט צו באַדאַנקען דער ווייב פאַר איר אַרבעט, פאַר דער מוסטערהאַפטער אָרדנונג. אָבער אַ קאַפּוליער וועט דאָך נישט מאַכן זיין ווייב קיין באַנאַלע קאָמפּלימענטן, אָדער גאָר איר אַ קוש טאָן פאַר פרעמדע אין די אויגן, אָדער אַפילו אין דער

געגנוואַרט פון די קינדער: דאָס וואָלט געווען אַ פּראָפּאַגאַציע פון די הייליקע באַציאונגען צווישן מאַן און ווײַב. און ער דריקט איר אויס דעם פאַרדינטן לויב אויף זייער אַ פיינעם אופן. ער לעזט אויפן קול דעם 31 קאַפּיטל פון משלי־שלמה „אשת־חיל מי ימצא", וואָס זיין אינהאַלט איז אַ לויבגעזאַנג דער זיט־לעכער יידישער פרוי.

דערנאָך מאַכט דער באַלעבאָס אַ פייערלעכן קדוש איבער אַ בע־כער וויין. ער נעמט אַ זופּ וויין און דאָס איבעריקע טרינקען אויס די קינדער.

דער וויין איז, אמת, נישט קיין פויגלדיקער, נישט מעבר לים, נאָר קאַפּוליער אייגענע אַרבעט — פּשוטע צמוקים־וויין — אָבער דאָך וויין.

נאָכדעם הויבט זיך אָן די סעודה גופא. דאָ האָט איר חלה, פיש, לאָקשן, פלייש און צימעס — אַלץ מאכלי־מלכים.

און אויפן אַנדערן טאָג — ווידער די קלויז מיט די תפלות און געזאַנג, און ווידעראַמאָל אַ סעודה נישט ערגער פון דער נעכטי־קער, כאָטש אין אַן אַנדער סטיל. קודם־כל בראָנפן, נישט פיל, צו האַלבע גלעזעלעך. דער עיקר איז, אייגענטלעך, נישט דער בראָנפן, נאָר דאָס פאַרבייסן; דאָס איז עפּעס אַזוינס, וואָס צייכנט זיך אויס אי מיטן טעם אי מיטן ריח. עס באַשטייט פון רעטעך, צומישט מיט ציבעלע און גענזן־שמאַלץ.

דאָס איז איינער פון די אמתע קאַפּוליער דעליקאַטעסן. איך האָב נישט בדעה דאָ צו שילדערן דעם טעם און דעם ריח פון דעמ־ראָזיקן פאַרבייסן — אַ טעם און אַ ריח איז בכלל שווער צו שילדערן מיט ווערטער, דאָס מוז מען אַליין דורכמאַכן.

דאָס איז אָבער, אַזוי צו זאָגן, די הקדמה צו דער סעודה. באַלד הויבט זיך אָן די סעודה ממש. דאָ איז אויפן ערשטן פּלאַן דער „טשאָלנט", וואָס זיין מראה איז, ווי דער משרר דריקט זיך אויס, „אפשר אַ פּשוטע, דאָך אָבער האָט ער וואונדערבאַרע אייגנ־שאַפטן".

אין גאַנצן באַשטייט ער פון גערשטענער קאַשע געקאָכט מיט פלייש און פרייטיק פאַררוקט מען אים אין אַ קאָכעדיקן פאַר־

מאַכטן אויוון, אָבער צומאָרגנס, שבת, האָט ער ממש אַ טעם גן־עדן. איך וועל דאָ נישט ריידן בפּרוטרוט וועגן טעם פון „טשאָלנט“. דאָס האָט שוין פאַר מיר געטאָן דער דיכטער און גאַסטראָנאָם היינריך היינע, צו אים שיק איך אָפּ מיינע לעזער. איך וויל נאָר דאָס זאָגן, אַז היינע, איבערגייענדיק צום קריסטנ־טום און עסנדיק אין די פּאַריזער רעסטאָראַנען די בעסטע מאכלים, האָט ביזן טויט נישט געקאָנט פאַרגעסן אין „טשאָלנט“ און האָט שטאַרק באַדויערט, וואָס ער האָט זיך מיט אים צושיידט.

דערנאָך, אַלס דעסערט, קומט דער „קוגל“. נו, דאָס ווייסט איר שוין אַליין, וואָס פאַר אַ מאכל דאָס איז. ווער האָט נישט געהערט מכּחן קוגל?
נאָך אַזאַ קייזערלעכן מיטאָג גייען די עלטערע מענטשן שלאָפן, און מיר, קינדער, נוצן אויס די צייט ווי מיר פאַרשטייען.
יאָ, פּראַכטפול איז די שבת־מלכּה און דעריבער איז טאַקע אַזוי שווער מיט איר זיך צו שיידן. די זון לאָזט זיך שוין אַראָפּ צו מערב צו פון האָריזאָנט, און מיך באַפאַלט אַ שרעקלעכער אומעט. יעדער רגע דערנענטערט מיך צו די פּיינלעכע וואָכעדיקע טעג, וואָס זייער אָנקומען איז אומפאַרמיידלעך ווי דער טויט.
אָבער וואָס אַרט עס דער זון. זי שפּרייזט זיך — אַ שטאָלצע, אַ ליכטיקע, אַ האַרצלאָזע, זי שפּרייזט מיט מעסיקע, אָבער זיכערע טריט, נישט ווילנדיק אָדער נישט וועלנדיק וויסן, וואָס זי ברייננגט מיר...
ס'קומט אָן דער בין־השמשות. איך קום אין קלויז, ווידער אַ מעטאַמאָרפאָזע! די פרייע, גליקלעכע רעפּובליק איז פאַרשוואונדן, און אירע געוועזענע בירגער האָבן זיך ווידער פאַרוואַנדלט אין אומגליקלעכע קנעכט. זיי טראָגן נאָך די יום־טובדיקע קליידער, אָבער די מלבושים פּאַסן זיך שוין גאָרנישט צו זייער אַראָפּגע־לאָזענע קעפּ, צו די אומעטיקע פּנימער און די אויסגעבויגענע רוקנס, אויף וועלכע ס'דריקט עפּעס ווי אַ מין שווערע משא. אין דער בין־השמשותדיקער פינסטערניש הערן זיך די האַרצרייסנדיקע קרעכצן און זיפצן. דוד־יאָסל, דער אייגענער שמש און חזן,

וואָס נעכטן אין דער צייט האָט ער אַזוי משמח געווען די הערצער מיטן זיסן געזאַנג לכבוד שבת, זאָגט איצט אויסנווייניק תהלים, און די קאַפּיטלעך האָט ער צוגעקליבן אַזוינע אומעטיקע, די נגונום אַזעלכע טרויעריקע! זיין שטים ציטערט; די טרערן שטיקן אים. אָט האָט ער אַרויסגערעדט די ווערטער: „שובו רשעים לשאולה" — און האָט זיך צעוויינט. נאָך אים האָבן זיך אַ סך אַנדערע צעוויינט.

כדי איר, מיינע יונגע לעזער, זאָלט וויסן, פאַרוואָס האָבן דוקא דידאָזיקע ווערטער פון תהלים אַזוי שטאַרק באַרירט די הערצער פון די קאַפּוליער קלויז-באַלעבאַטים, מוז מען אייך זאָגן, אַז די רשעים, וועלכע ווערן געפּייניקט אין גיהנם פאַר זייערע חטאים, ווערן צייטווייליק באַפרייט, ווי נאָר ס'קומט דער ערב שבת. שבת פאַרנאַכט אָבער רופן אויס די גיהנם-משחתים, די מלאכי-חבלה, דעם איבערגעדערמאָנטן פסוק און די אומגליקלעכע מוזן זיך אומקערן אין גיהנם אַריין און אין משך פון דער וואָך ווידער ליידן די שרעקלעכסטע יסורים, און פון רחמנות צו די-דאָזיקע אומגליקלעכע מתים פאַרגיסן אַלע ביטערע טרערן.

און אַ סך, צווישן זיי אויך איך, פאַרשטייען אונטערן דאָזיקן פסוק זיך אַליין, — אָט באַלד גייען מיר אויך צוריק אין אונזער פינסטערן גיהנם.

אין קלויז איז שוין שטאַרק פינסטער, מ'איילט זיך אָבער נישט צו דאַווענען מעריב, וואָס דאָס באַשטעטיקט שוין אָפיציעל דעם סוף פון שבת. אָבער וואָס העלפט דאָס, אַלץ מוז דאָך האָבן אַ סוף. און אָט דערהערן זיך די ווערטער פון דער וואָכעדיקער תפילה: „והוא רחום יכפר עון..." א. אז. וו.

די ווערטער פון דערדאָזיקער תפלה האָבן תמיד דערוועקט אין מיר אַ געפיל פון גרויס מיטלייד. גאָט מיינער, דידאָזיקע בעסטע מענטשן, וועלכע זיינען מקיים אַלע מצות פון דער תורה, האַלטן זיך נאָך פאַר זינדיקע, וועלכע קאָנען יעדע מינוט פאַראורטיילט ווערן צו די שווערסטע שטראָפן, און זיי זיינען מתפלל צום שטרענגן ריכטער, ער זאָל זיי מוחל זיין זייערע חטאים!..

נאָך מעריב גיי איך אַהיים. אויך דאָ האָט זיך שטאַרק געביטן די דעקאָראַציע. אין שטוב ברענט אַ קליינע הלבנה ליכטל, דער טיש איז אָן אַ טישטוך. די מאַמע האָט שוין אָנגעטאָן די וואָכע־דיקע קלייד; זי זיצט און רעכנט וויפיל און פון וועמען ס׳קומט איר געלט, וועמען און וויפיל זי איז שולדיק. זי איז פאַרדאגהט, אין כעס, נישט וויסנדיק אַליין אויף וועמען און פאַרוואָס.
יאָ, אַוועק איז די שבתדיקע נשמה! פאַרשוואונדן די שבתדיקע מלאכי־השלום, און זונטיק כרי אין חדר אַריין, אין גיהנם!
אָבער ביי רבי לייזערקען אין חדר האָבן זיך אויך געטראָפן גוטע טעג. דאָס איז געווען דעמאָלט, בעת אין תלמוד פלעגן זיך טרעפן אגדה־ערטער, ד. ה. אַזעלכע, וואו ס׳ווערן איבערגעגעבן עטישע כללים, משלים, פאַנטאַסטישע לעגענדעס, דערציילונגען מכּחן אַמאָליקן גלאַנץ פון דער יידישער מלוכה, די מאַכט פון יידישן פאָלק, וועגן זיינע ליידן אין די גלות־לענדער און די גליקן, וועלכע וואַרטן אויף אים אין דער צוקונפט.
דידאָזיקע אגדות זיינען פאַר מיר געווען אָאַזיסן אין גרויסן מדבר פון דער הלכה (דער געזעצגעבערישער טייל פון תלמוד). זיי האָבן מיר גערעדט צום האַרצן, האָבן געשפייזט מיין פאַנטאַזיע. אַנדערע מלמדים פלעגן געוויינלעך דורכלאָזן דידאָזיקע ערטער, האַלטנדיק זיי פאַר נישט וויכטיק. רבי לייזערקע אָבער האָט זיי צוגעגעבן אַן ערנסטע באַדייטונג. ער האָט אַליין שטאַרק ליב געהאַט אַגדה און פלעגט איר ליינען מיט געפיל און מיט התלהבות. ערב תשעה־באב פלעגט ער שטענדיק לעזן מיט זיינע תלמודים די פאַרשידענע לעגענדאַרע מעשיות מכּח די יידישע ליידן, בעת טיטוס האָט באַלאַגערט ירושלים, און יעדן מאָל האָט ער זיי געלעזן, אַזוי ווי זיי וואָלטן פאַר אים זיין לגמרי נייע און פלעגט פאַרגיסן ביטערע טרערן, ווי דידאָזיקע געשעענישן וואָלטן פאָרגעקומען איצט פאר זיינע אויגן.
אַריינפאַלנדיק אין התלהבות, פלעגט רבי לייזערקע פאַרמאַכן די גמרא, אַראָפּנעמען די ברילן און אָנהויבן אימפּראָוויזירן, דער־ציילן עפּיזאָדן פון דער יידישער געשיכטע. דערציילט האָט ער פון יידישע פאַרפאָלגונגען אין מערב־אייראָפּע, מכּחן לעבן פון

די יידן אין כמעלניצקיס צייטן, וועגן מאַסן יידן, וועלכע מ'האָט פאַרברענט אָדער געפערטלט פאַר עלילת-דם-בלבולים א. אז. וו. שילדערנדיק דעם אומענדלעכן מאַרטיראָלאָג פון יידישן פאָלק, פלעגט ער מיט ליבע און האַרציק ריידן וועגן די מאַרטירער, וועלכע האָבן אָפּגעגעבן זייער לעבן אויף קדוש-השם.

— אָט, — האָט ער געזאָגט, — אָט דאָס איז אַ שיינער, אַ זיסער טויט! נאָר מיר פאַרשטייען די גאַנצע זיסקייט און שיינקייט פון אַזאַ טויט. פון די געצנדינער האָט אים פאַרשטאַנען נאָר איין בלעם. דערדאָזיקער גרויסער בלינדער האָט מיט זיין נביאישן אויג געקוקט ווייט אין דער צוקונפט און, דעצזעענדיק טויזנטער און מיליאָנען יידן — מאַרטירער פאַר זייער גלויבן, האָט ער אויסגעשריען: „שטאַרבן זאָל מיין נשמה מיטן טויט פון דידאָ-זיקע צדיקים! זאָל מיין טויט ענלעך זיין אויף זייער טויט!“ און פאַר דידאָזיקע גאָלדענע ווערטער האָט דערדאָזיקער געצנ-דינער זוכה געווען צו האָבן דעם גרעסטן כבוד: זיין נאָמען און זיינע רייד זיינען געבליבן אויף אייביק אין דער הייליקער תורה.

בעת רבי לייזערקע האָט געפירט אַזעלכע געשפּרעכן פלעגן זיך זיין געוויינלעכע שטרייגקייט און פאָרמאַליזם פאַרוואַנדלען אין מילדקייט און גוטמוטיקייט. קיין דיסציפּלין האָט נישט עקזיסטירט; געזעסן זיינען מיר ווער און וואו מ'האָט געוואָלט: איינער אויפן באַנק, דער צווייטער אויפן פענסטער, אונטערכאַפּנדיק יעדן וואָרט. און זיינע ווערטער האָבן טיף אַריינגעדרונגען אין אונזערע קינדערשע נשמות. זייער אָפט פלעגט ער זיך אָפּשטעלן אויף די דעמאָלדיקע געשעענישן, אויף די „גזרות“, אויף דער רעקרוטן-פראַגע, אויף די קאַנטאָניסטן.

ריידנדיק מכח דידאָזיקע גזרות, פלעגט רבי לייזערקע ממש אַרויס פון די כלים און אָנפאַלן ווי איוב אויף גאָט אַליין. באַלד אָבער פלעגט ער זיך כאַפּן צוריק. די אַלע ליידן, האָט ער געזאָגט, באַווייזן נאָר ווי גאָט האָט אונז ליב און אַז ער זאָרגט ווי אַ פאָטער וועגן אונזער מאָראַלישער ריינקייט: אין שמעלצאויוון

דייניקט מען נישט קיין אייזן, נאָר דאָס איידעלע גאָלד, מ'שלייפט נישט קיין פשוטן שטיינדל, נאָר אַ טייערן ברילִיאַנט.

דער פעטער רבי לייזערקע איז געווען אַ ריכטיקער אָפּטימיסט און שאָוויניסט. ער איז געווען איבערצייגט, אַז יידן זיינען „אתה בחרתניקעס" — „דער ייד איז דער אמתער בירגער פון דער ערד". ער לעבט אויף איר פון אדם הראשונס צייטן, אַלע איבריקע פעלקער אָבער זיינען צייטווייליקע, צופעליקע געסט. די פלשתים, מואבים, אשירים, בבלים — יעדעס איינע פון דידאָזיקע פעלקער — איז געקומען, אָנגעהולטאַיעט, אָנגעוויל־דעוועט, אָנגעגזלט און פאַרשוואונדן געוואָרן, קיין זכר פון זיי נישט געבליבן. מיר אָבער, טריי דעם בורא עולם, לעבן ביז איצט און וועלן אייביק לעבן. „הקול — קול יעקב, והידים — ידי עשו" שטייט אין דער תורה און וועגן ישמעאל זאָגט זיך: „ער וועט זיין אַ ווילדער מענטש, ידו בכל ויד כל בו". ביי ישמעאלן און ביי עשון ליגט דער גאַנצער כח אין די הענט, ישראלס קראַפט איז אָבער — אין תפלה, אין גאָטס וואָרט, אין דער תורה.

סיאָמקע האָט מיר אַ מאָל געשלעפט פאַרן באָרד, מיינט איר אפשר, אַז איך האָב זיך באַליידיקט? ס'הויבט זיך גאָרנישט אָן! איך האָב דערפון לגמרי גאָרנישט פאַרלאָרן נישט אין מיינע אויגן, נישט אין די אויגן פון פרעמדע. איך בין געבליבן לייזערקע און ער סיאָמקע. איך וויים, סיאָמקע איז שטאַרק — איך וועל זיך מיט אים נישט בייטן. איך בין גליקלעכער פון אים!

---

VIII

## ביי שאול דעם זייגערמאַכער אין חדר.

אפלערנענדיק אַ יאָר אין חדר ביים פעטער רבי לייזערקע, בין איך געוואָרן אַזאַ בקי אין דער שפּראַך און אין די תלמודישע פּלפּולים, אַז איך האָב שוין געקאָנט איבערגיין אין אַ העכערן חדר צו שאול דעם זייגערמאַכער.

די פאַרייניקונג פון צוויי אַזעלכע פאַרשידענע פּראָפעסיעס אין איין פערזאָן קומט אויס אַביסל אומגעלומפּערט; שאול איז אָבער גלייכצייטיק געווען אי אַ גוטער זייגערמאַכער אי אויך א גוטער מלמד און האָט גלייך ליב געהאַט ביידע פּראָפעסיעס, אַזוי אַז ס'איז שווער געווען צו זאָגן וואו ס'האָט זיך ביי אים געענדיקט דער זייגערמאַכער און אָנגעהויבן דער מלמד.

וואָס אָנבעלאַנגט דעם צוזאַמענגיסן פון דידאָזיקע צוויי פּראָפעסיעס, איז'ס געווען מעגלעך אַ דאַנק שאולס גאַנץ באַזונדערע פּעדאַגאָגישע מעטאָדן, מכּוח וועלכע איך וועל ריידן שפּעטער.

שאול, וועלכער איז נאָך אין יענער צייט געווען גאָר אַ יונגער מאַן פון אַ יאָר דרייסיק, האָט געפונען חן אין די אויגן פון די קאַפּוליער נישט אַזוי צוליב זיין תלמודישער ערודיציע, ווי צוליב זיין פאַך.

תלמודיסטן זיינען אין קאַפּוליע געווען אַ סך, און אַ זייגערמאַכער איז ער געווען איינער.

פון אַ מלאכה האָט מען אין קאַפּוליע בכלל ווייניק וואָס געהאַלטן — אָבער אַ זייגערמאַכער, דאָס איז לגמרי אַן אַנדער זאַך דערצו דאַרף מען שכל, מ'מוז קאָנען קאָמבינירן, מיט איין וואָרט מ'דאַרף „אַ קאָפּ“. דערצו האָבן זיך די קאַפּוליער שטאַרק געוויטיקט אין אַ זייגערמאַכער.

אין רייד, נאַטירלעך, מכוח די יידישע קאַפּוליער בירגער.
די אָרטיקע פּויערים האָבן קיין זייגערס נישט געדאַרפט; זיי האָבן געוואוסט די צייט לויט דער זון אָדער אינסטינקטיוו, — ס'פאַרשטייט זיך נאָר בערך, אומגעפער, אָבער פאַר זיי איז'ס געווען גאַנץ גענוג.
לגמרי אַן אַנדער ענין איז'ס פאַר די יידן, וואָס ביי זיי ווערט די צייט שטריינג באַשטימט דורכן רעליגיעזן ריטואַל אויף שעהן און מינוטן. וואָס וואָלטן די קאַפּוליער געטאָן אָן שאולן, ווען צוליב וועלכער ס'איז סיבה זאָלן זיך פּלוצלונג אַלע זייגערס אין שטאָט אָפּשטעלן — דאָס איז זיך גאָר שווער פאָרצושטעלן אין די שולן וואָלט מען נישט וויסן, ווען צו דאַווענען, דער שול-קלאַפּער וואָלט נישט וויסן, ווען צו רופן אין באָד אַריין, די ווייבער — ווען ליכט צו בענטשן, די באַלעבאָסטעס — ווי זיך צו באַגיין מיטן פלייש, וועלכע מ'מוז פאַרן קאָכן ווייקן און זאַלצן אַ געוויסע צייט; מיט איין וואָרט, ס'וואָלט אַרויסגעקומען אַזאַ מהומה, אַז גאָט זאָל שומר און מציל זיין. ט'איז דעריבער קיין וואונדער נישט, וואָס שאול איז געווען אַזאַ מיוחס.
מיט זיין אויסזען און מיטן כאַראַקטער איז שאול געווען לגמרי דער היפּוך פון מיוחסדיקן, מרה-שחורהדיקן און נערוועזן רבי לייזערקע. ער איז געווען אַ יונגערמאַן אַן עניותדיקער, גוט-מוטיקער, געדולדיקער און נישט קיין גרויסער פאַרשוין. זיין געדולט האָט ער צוגעגעבן זייער אַ גרויסע באַדייטונג, באַ-הויפּטנדיק, אַז אויב ער איז באמת, ווי מ'זאָגט, אַ גוטער זיי-גערמאַכער און אויך אַ גוטער לערער, האָט ער'ס צו פאַרדאַנקען הויפּטזעכלעך דערדאָזיקער מעלה זיינער.
ער איז געווען דער מיינונג, אַז פּעסט זיינען נאָר די ידעות, וועלכע מ'באַקומט דורך אייגענער אַרבעט. דעם לערער האָט מען, לויט זיין מיינונג, געדאַרפט האָבן בלויז אין די אַלטע צייטן, בעת ס'זיינען נאָך נישט געווען קיין ביכער; אין אונזער צייט, ווען ס'עקזיסטירט אַ בוך, איז דער לערער אַ לוקסוס. בכלל דאַרף דער לערער נאָר זיין דער לייטער, דער וועג-ווייזער.

לויט זיין אָנזיכט אויפן למוד, האָט דריבער שאול צוגעוויינט זיינע תּלמידים צו זעלבשטענדיקער אַרבעט. שוין אייניקערמאסן באַקאַנט מיט דער שפּראַך און מיט די פּשטלעך פון תּלמוד, — און נאָר אַזעלכע תּלמידים פלעגט ער אָננעמען אין חדר — האָבן מיר געמוזט געמיינזאַם און מיט דער הילף פון רש״יס קאָמענטאַרן אַליין דורכגיין דעם פאָרגעגעבענעם שעור. ער אָבער, זיצנדיק ביים זעלבן טיש, וואָס מיר, זיך פאַרנעמענדיק מיט זיינע זייגערס און אינסטרומענטן, פלעגט ער אַכטונג געבן אויף אונזער אַרבעט.

ביים געמיינזאַמען צוגרייטן דעם שעור פלעגן מיר זיך אָפט אָנשטויסן אויף שוועריקייטן און ס'האָבן זיך אָנגעהויבן וכּוחים מכּוחן פאַרשטיין דעם, זין פון דעם אָדער יענעם זאַץ.

שאול, אַריינגעטאָן אין זיין אַרבעט, פלעגט זיך אָנפאַנגס נישט אַריינמישן אין אונזערע וכּוחים, לאָזנדיק אונז אַליין זיך אויסוויקלען פון דעם שווערן ענין. אַז דאָס איז אָבער אונז נישט געלונגען, פלעגט ער, ווי נישט ווילנדיק, אַרויסוואַרפן אַ וואָרט און דערמיט אונז אַרויפפירן אויפן ריכטיקן זין, און דעמאָלט האָבן מיר שוין געקאָנט אַליין ווייטער פירן אונזער אַרבעט.

נאָך מיטאָג האָט מען אָפּגערוימט פון טיש די זייגערס און אינסטרומענטן און דער זייגערמאַכער האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ מלמד. און דער לערער איז לגמרי געווען ענלעך אויפן זייגערמאַכער: דיזעלבע גלייכגילטיקייט, דיזעלבע געזעצטקייט, דיזעלבע ערנסטקייט. איבעריקנס, איז דער לערער געווען מער ענלעך אויף אַן עלטערן חבר, און דאָס לערנען—אויף אַ חברשן שמועס.

„נו, בחורים, איר זייט שוין אַביסל באַהאַוונט אין דערדאָזיקער טעמע, לאָזט מיך אויך זיך באַקענען מיט איר!״

און אָפּוועגנדיק יעדן וואָרט, אַריינטראַכטנדיק אין יעדן זאַץ, האָט ער זיי צוזאַמען מיט אונז רואיק אנאַליזירט, אַרויסגעפונען זייער מהות, פעסטגעשטעלט די פּרינציפּיעלע אונטערשיידן פון ביידע מיינונגען, אָפּטמאָל פאַרגלייכט ביידע שאלות מיט אַנדערע

אנאלאגישע, ביז די באהאַנדלטע טעמע פלעגט פאַר אונז ווערן אינגאַנצן קלאָר, אַלזייטיק דורכגעאַרבעט און אינגאַנצן אויסגע־שעפּט.

די פוילע תּלמידים פלעגט ער יאָגן צו דער אַרבעט נישט מיט סטראַשונקעס, נאָר מיטן אָנווייזן אויפן נוצן פון לערנען.

– איך ראַט אייך דאָס אַלס פריינט, און פאָלגן אָדער נישט – דאָס איז שוין אייער זאַך. מיין זאַך איז׳ס לחלוטין נישט; פאַר אייער פעולה נעם איך נישט אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכ־קייט: איך קריג דאָך נישט קיין געצאָלט פאַרן לערנען.

– וואָס הייסט איר קריגט נישט? פלעגט איינער פון די תּלמידים אַ פרעג טאָן: – אונזערע עלטערן צאָלן אייך דען נישט?

– זיי צאָלן, אָבער נישט פאַרן לערנען, נאָר פאַר דער צייט, וואָס מיר גייט אויף דעם אַוועק. פאַרן לערנען טאָר מען קיין געלט נישט נעמען: גאָט האָט אונז געגעבן די תּורה אומזיסט, און אומזיסט מוזן מיר איר אויך געבן אַנדערע.

איבער מיין צייט אָבער בין איך אַליין דער באַלעבאָס, ס׳געהערט מיר און מיין ווייב און קינדער, וועלכע איך מוז מפרנס זיין. און אָט די צייט, וועלכע איך גיב אייך אָפּ, פאַרקויף איך און באַקום פון אייערע עלטערן אַזויפיל, וויפיל איך וואָלט פאַר דער צייט פאַרדינט, באַשעפטיקנדיק זיך מיט מיין מלאכה.

ריכטיק אַזוי האָט געהאַנדלט דער ירושלימער ריכטער קאַרנאָ. לויט זיין פּראָפעסיע איז ער געווען אַ האָלצהעקער און די טעג, ווען ער איז געווען פאָרזיצער אין געריכט, פלעגט ער נאָך יעדער דין־תּורה אויסרעכענען וויפיל האָט ער פאַר דער צייט געקאָנט פאַרדינען מיט האָלצהאַקן און פלעגט פאָדערן, אַז אַזויפיל, נישט ווייניקער, זאָל מען אים באַצאָלן. קארגאָ האָט אויך גענומען געלט פאַר דער צייט, און נישט פאַרן פּסק־דין, – ווייל דאָס איז אַ הייליקע אַרבעט, פאַר וועלכע מ׳טאָר קיין געלט נישט נעמען.

די פרייע צייט האָט שאול פאַרבראַכט מיט אונז אין שפּילן, וועלכע שאַרפן דעם מוח, איבערהויפּט אין שאָך־שפּיל, וואָס אין דעם איז ער געווען אַ בקי און אַ פאַרברענטער ליבהאָבער.

צייטנווייז פלעגט ער פירן מיט אונז געשפרעכן, וואָס זייער ציל איז געווען צו אַנטוויקלען ביי אונז דעם יראת־הכבוד און די ליבע צום תלמוד.

פירן דידאַקטישע שיחות איז ער קיינמאָל נישט מיד געוואָרן. באַוונדערס גערן פלעגט ער ריידן מכּוח דער אַכטונג פון די תלמודיסטן צו פיזישע אַרבעט בכלל און צו האַנטווערק און מלאכה בפרט.

„נישט ווי איצט ביי אונז, יידן, וואָס יעדער הענדלער, שיינקער אָדער פשוטער ליידיקגייער קוקט פון אויבן אַראָפּ אויפן בעל־מלאכה. וואָס אָנבעלאַנגט מיר, האָב איך ליב מיין פאַך נישט בלויז אַלס ערלעכן מיטל צום לעבן, נאָר אויך צוליב דעם, וואָס דורך אים האָב איך זיך צוגעוויינט צו אָרדנונג און געדולד. אויסערדעם, פאַרשאַפט מיר מיין אַרבעט דעמזעלבן פאַרגעניגן, ווי דאָס לערנען תלמוד, ווי דאָס שאָך־שפיל. קוקט זיך איין, קינדער, אויף מיין וואונדערשיינע באַשעפעניש, — פלעגט ער זאָגן מיט אַנטציקונג, אָנווייזנדיק אויפן זייגער, — פריער זיינען זיי געווען בלויז טויטע, טרוקענע שטיקלעך מעטאַל, ענלעך אויף די עצמות היבשות, וועלכע דער נביא יחזקאל האָט געזען אין עמק, און אָט האָב איך זיי, דידאַקטישע שטיקלעך מעטאַל „געגעבן לעבן, באַדעקט מיט פלייש, איבערגעצויגן מיט אַ הויט, אַריינגעלייגט אין זיי גייסט און זיי האָבן אויפגעלעבט." ווי די עצמות היבשות ביי יחזקאל הנביא! זאָגט, מיט וואָס אונטערשיידט זיך דאָס פון אַ לעבעדיק באַשעפעניש? דערזעלבער קלוגער פנים, דיזעלבע טעטיקע הענט, פיס, דאָסזעלבע קלאַפּעדיקע האַרץ! אַ שאָד, וואָסן מיר ווייסן נישט די נעמען פון די חכמים, וועלכע האָבן דערפונען דאָס שאָך־שפיל און דעם זייגער־מעכאַניזם! ווער זיי זיינען נישט געווען, יידן צי געצנדינער, איך פאַל פאַר זייער גרויסקייט! אפשר נישט מיט זייער הייליקייט, אָבער מיט זייער ברייטן מעוף, מיט דער טיפקייט פון זייער שכל, מיט דער ראַפינירטקייט פון די קאָמבינאַציעס זיינען זיי נישט געשטאַנען נידעריקער פון די גרעסטע גאוני־התלמידים..."

אין שאולס חדר בין איך אַזוי אַריין אין געשמאַק פון תּלמוד, האָב זיך אַזוי שטאַרק מיט אים פאַראינטערעסירט, אַז איך האָב אים אָפּגעגעבן אין חדר מיין גאַנצע פרייע צייט. שבת און יום-טוב פלעג איך זיצן אין קלויז און מיט גרויס התמדה לערנען גמרא. פון דאָנערשטיק אויף פרייטיק פלעג איך אָפּזיצן די גאַנצע נאַכט, כדי אָנצעיאָגן די פאָר דורכגעלאָזענע פרייטיק-דיקע שעה. די קלויז האָט מיך צוגעצויגן ווי מיט איר רייכער ביבליאָטעק, אַזוי אויך מיט איר פאַרשידנאַרטיקער באַפעלקע-רונג–מיט די אָרטיקע און פרעמדע קלויז-לערנער, צווישן וועלכע ס'האָבן זיך אָפּט געפונען בחורים מיט אויסערגעוויינלעכע פע-איקייטן.

פון דידאָזיקע בחורים-נע-ונדניקעס, האָט מען זיך געקאָנט דער-וויסן זייער פיל אינטערעסאַנטעס מכּחן לעבן פון פאַרשידענע שטעט און מענטשן און זיך אָנהערן אַ מאַסע מעשיות און וויצן. נישט קוקנדיק אויפן אָפּגעזונדערטן און מאָנאָטאָנעם לעבן פון דידאָזיקע יונגע לייט, פלעגן אין זייער סביבה אָפּט פּאָרקומען וואונדערבאַרע געשיכטן, נישט תּמיד אַזעלכע שיינע, אָבער לכל הדעות פּיקאַנטע. אָט איז, למשל, געווען אַ מעשה מיטן „סמאַרגאָ-נער". דער סמאַרגאָנער (די „פּרושים" און ישיבה-בחורים האָט מען נישט גערופן מיטן אייגענעם נאָמען, נאָר נאָך דעם שטעטל) איז אָנגעקומען צו אונז אַלס 17 יאָריקער בחור און האָט זיך תּיכּף דערוואָרבן די אַלגעמיינע ליבע מיט זיין שכל, מיט דער התמדה און מיט זיין פריילעכן, אָפענעם כאַראַקטער. און טאַקע דעריבער זיינען אַלע געוואָרן איבערראַשט, אַז אין אַ חדשים דריי נאָך זיין קומען, האָט מען אָנגעהויבן באַמערקן ביי אים משונהדיקע עובדות: ער איז אַרומגעגאַנגען אַ פאַרחלומטער, געלאָפן פון מענטשן, ארומלויפן משוגענע הועיות הין און צוריק איבערן קלויז, אָדער זיך פאַרקלייבן אין אַ ווינקל, אויסמיידנדיק די חברים; פּלוצלונג פלעגט ער אָן אַ שום סיבה זיך פאַנאַנדערוויי-נען אָדער אָן אַ שום גרונד זיך פאַנאַנדערלאַכן.

ס'איז געווען קלאָר, אַז אין אומגליקלעכן סמאַרגאָנער האָט זיך אַריינגעכאַפּט אַ דבוק (אַ רוח-רעה). „דבוקים", ווי ס'איז באַוואוסט

זיינען פאַראַן פאַרשידענע, אָבער אַלע שלעפּן זיי דעם מענטשן צו עפּעס נישט גוטעס. צו וואָס האָט געשלעפּט דער „דבוק" אונזער סמאַרגאָנער, איז אַ צייט לאַנג געבליבן אַ סוד, נישט קוקנדיק אויף אַלע שטאַרקע באַאָבאַכטונגען פון די חברים. סוף כל סוף איז אָבער באַשלאָסן געוואָרן אויפצודעקן דעמדאָזיקן סוד, ס'מעג זיין וואָס ס'וויל זיך. און ס'האָט זיך טאַקע ענדלעך איינגעגעבן. קודם כל האָט מען באַמערקט, אַז שבת לאָזט דער „דבוק" דעם בחור צורו און צייטנווייז אַפילו אין דער וואָכן, ווי ס'דערנענטערט זיך דער שבת, ווערט אונזער סמאַרגאָנער פרייליכער. דערנאָך האָט מען באַמערקט, אַז אָן אַ שום גרונט שפּאַצירט ער אונטערן שטאָט, און פאַרקוקט זיך אויף ליפּאס שיינק, וואו ער פלעגט עסן שבת. צום סוף האָט מען באַמערקט, אַז איינמאָל ביי נאַכט, ליגנדיק אויפן באַנק, האָט ער פון שלאָף ווילד געקושט די קישן, איבערחזרנדיק כסדר דעם נאָמען ביילינקע. איצט איז דער ענין געוואָרן קלאָר: דער „דבוק" שלעפּט דעם סמאַרגאָנער צו ביילקען, ליפּא דעם שיינקערס טאָכטער. און טרויעריקער ווי אַלץ איז געוועזן דאָס, וואָס אין ביילקען האָט זיך אַריינגעכאַפּט אַ גלייכער „דבוק" און האָט געצויגן איר צו אים, צום סמאַרגאָנער.

דערוויסנדיק זיך מכּח דעם אומגליק, האָט ליפּא אָנגענומען אַלע געהעריקע מיטלען: אָפּגעזאָגט דעם סמאַרגאָנער פון שבת, האָט שטרייננג פאַרבאָטן דער טאָכטער זיך צו ווייזן דעם סמאַרגאָנער אויף די אויגן.

ס'האָט אָבער קיין זאַך נישט געהאָלפן. להיפך, ס'איז נאָך ערגער געוואָרן. די פאַרכאַפּטע פון די „דבוקים" פלעגן זיך באַגעגענען ביינאַכט אונטערן שטאָט.

ס'האָבן נישט געהאָלפן נישט דער מאַמעס געבעט, נישט דעם טאַטנס קלעפּ און אַפילו נישט דעם קדרס סגולות. אַ שרעקלעכער אומגליק!

האָט גאָט אַריינגעגעבן ליפּאן אַ דעה זיך וועגדן נאָך אַן עצה צו דער רבצין שיינדל די אַלמנה, אַ פרוי זייער אַ קלוגע און אַ גאָטס-פאָרכטיקע. שיינדל איז געוועזן אַלט און הינקנדיק,

פלעגט זי דעריבער קיינמאָל נישט אַרויס פון שטוב, אָבער נישט־קוקנדיק אויף דעם, האָט זי געוואוסט פון אַלץ וואָס ס'טוט זיך אין שטאָט, וואָס וועמען ס'טוט וויי, פון וואָס ווער ס'האָט צער און עגמת־נפש און פאַר אַלע צעבראָכענע הערצער האָט זי גע־האַט אַ טרייסט און אַן עצה. און שיינדל, אויסהערנדיק ליפאַן, האָט אים געזאָגט: „זאָרג נישט, ליפּא, ס'איז פאַראַן אַ מיטל, און אַ מיטל אַ ריכטיקער: מאַך ביילקען חתונה מיטן סמאַרגאָנער און וועסט זען, די „דבוקים" וועלן זיך תיכף אָפּטראָגן.

מ'האָט שיינדלען געפאָלגט, געשווינט געשריבן תנאים, געפּראַ־וועט אַ חתונה און די קראַנקהייט ווי מיטן האַנט צוגענומען, ווי קיינמאָל נישט געווען. קיין שום טרויער־אָנפאַלן אָדער היסטע־רישן לאַכן האָט מען מער ביים סמאַרגאָנער פון יענער צייט אָן נישט באַמערקט, און קושן די קישן אַודאי און בודאי נישט.

און ביילינקע איז זיך אויך לגמרי גענעזן געוואָרן. אין משך פון פיר יאָר קעסט אויפן פאָטערס טיש, האָט זי באַשאָנקען איר מאַן מיט צוויי צווילינגען — דערנאָך האָבן זיי געעפנט אַ געוועלבל און זיך געלעבט בהרחבה, ווי גאָט האָט זיי געבאָטן. די „דבוקים" זיינען אַוועק ווי גאָר קיינמאָל אויף דער וועלט נישט געווען.

דידאָזיקע מעשה האָב איך דאָ איבערגעגעבן אַזוי ווי איך האָב זי געהערט און לאָז עס איבער דעם לעזער גופא איבערצוזעצן איר אויפן מאָדערנעם לשון. דאָס וואָרט „ליבע" האָט דעמאָלט אין דער יידישער שפּראַך נישט עקזעסטירט, ווייל ס'האָט נישט עקזעסטירט דער באַגריף וועגן דעמדאָזיקן געפּ־ל. אמת, יעדן פרייטיק פלעגן מיר לייענען דעם וואונדערבאַרן ליבע־הימן „שיר השירים", וואו ס'ווערט אַזוי מייסטערהאַפט געשילדערט די שיינקייט פון דער פרוי, וואו מיר זעען דעם אויסדרוק פון אַ ברענענדיקער, ליידנשאַפטלעכער ליבע, אָבער די קאָמענטאַטאָרן האָבן אונז שוין לאַנג געלערנט צו באַטראַכטן דאָסדאָזיקע פייערדיקע ליבע־ליד, אַלס אַן אַלעגאָריע, וואו ס'ווערט געשיל־דערט דער ליבע־בונד צווישן יידישן פאָלק מיט גאָט.

דער געפיל פון ליבע, וועלכער איז נישט פרעמד געווען דער מענשהייט אויף אַלע אירע אַנטוויקלונגס־שטופן, וועלכן ס׳האָט אויך געקאָנט דאָס אַלטע פרייע יידנטום — דאָסדאָזיקע געפיל איז לגמרי פאַרטריבן געוואָרן פון יידישן גלות־לעבן דורכן אויסערלעכן דרוק, דורכן אייביקן שרעק פאַרן מאָרגנדיקן טאָג און דורכן שווערן קאַמף פאַר דער אָרעמער עקזיסטענץ. און אויב ס׳האָט זיך ביי וועמען ס׳איז יאָ אַמאָל מיט אַ באַזונדערער קראַפט אַרויסגעוויזן דאָסדאָזיקע געפיל — האָט מען דערויף געקוקט ווי אויף אַ דערשיינונג אין אומנאָרמאַלע, אַ פּאַטאלאָגישע, אַ פּסיכאָפּאַטישע — אָדער ווי אַזעלכע דערשיינונגען האָבן דעמאָלט געהייסן — אויף אַ „מעשה שטן“, אַ „דבוק“.

קיין ריטערלעכע ליבע, וועלכע דערגייט ביז צו מסירת־נפש, וואָס איז גרייט אויף די גרעסטע קרבנות, ביז צו אַ פאַרברעכן — האָט זיך נישט געקאָנט אַנטוויקלען ביי די יידישע בחורים פון יענער צייט—נישט ביי יענער אייגנאַרטיקער דערציונג, נישט אין אַ צייט, ווען חתונה האָבן איז געווען אַ מוז און דוקא וואָס יינגער.

די יינגלעך און די מיידלעך האָבן זיך דערצויגן אָפּגעזונדערט און פאַרשידנאַרטיק: די יינגלעך אין די חדרים, וואו זיי זיינען געזעסן איבער די ספרים טעג און נעכט, די מיידלעך אין שטוב אָדער אין געוועלב אַלס העלפערינס פון די מאַמעס אין מסחר אָדער באַלעבאַטישקייט; געלערנט האָבן זיי ווייניק אָדער טאַקע גאָרנישט, אַזוי אַז די פאַרשידענע געשלעכטער האָבן זיך זעלטן באַגעגנט און איינער דעם צווייטן לגמרי נישט פאַרשטאַנען. און איידער נאָך דידאָזיקע פאַרשידנאַרטיקע און איינער דעם צווייטן פרעמדע יונגוואַרג האָט זיך געשטעלט אויף די פיס, איידער זי האָט נאָך באַוויזן פיזיש און גייסטיק זיך צו אַנטוויקלען, איידער ס׳האָט נאָך אָנגעהויבן אין איר צו ריידן דאָס בלוט — זיינען זיי שוין געלעגן אין די אָרעמס פון הומענעון.

אויפן חתונה מאַכן די קינדער האָבן די עלטערן געקוקט ווי אויפן פאַרענדיקן זייער דערציונג און גלייכצייטיק, ווי אויפן יסוד פון זייער קינפטיקן גייסטיק־סאָציאַלן לעבן.

אַזאַ וויכטיקן ענין איז געווען אומעגלעך איבערצולאָזן דעם ווילן פון יונגוואַרג: דערמיט האָבן זיך באַשעפטיקט די עלטערן, און די אַממייסטן דערין פאַראינטערעסירטע פערזאָנען – חתן־כלה האָבן דאָ לגמרי געשפּילט אַ פּאַסיווע ראָל.

ס׳פלעגט טרעפן, אַז החתן־כלה האָבן צום ערשטן מאָל געזען איינער דעם אַנדערן אונטער דער חופה. אַלץ, וואָס מ׳האָט גע־דאַרפט איינאָרדנען: זעאונגען, אונטערהאַנדלונגען א. אז. וו. אַלץ האָבן אָפּגעטאָן די עלטערן מיט דער הילף פון ספּעציאַ־ליסטן, פּאַרמיטלער־שדכנים. דאָ פלעגט גענומען ווערן אין באַ־טראַכט דער קאַפּיטאַל, בכלל די מאַטעריעלע פאַרזאָרגונג פון פּאָרפאָלק, און נאָך מער ווערט האָט מען געלייגט אויפן שכל, לומדות, אָרנטלעכקייט און יחוס, – דידאָזיקע מעלות האָט מען געוואויגן, געשאַצט, געקויפט און פאַרקויפט פון דער אויקציאָן?

לאַגג וואַרטן מיטן חתונה מאַכן קינדער האָט מען געהאַלטן פאַר זייער ריזיקאַליש: דער פייער פון תאוה, אויסוואַקסנדיק ביים בחור, קאָן זיך אַרויסרייסן מיט אַ משונהדיקער קראַפט און אָנ־מאַכן ווער ווייס וואָס פאַר אַ צרות. מ׳האָט דעריבער געמוזט דאָסדאָזיקע פייער באַצייטנס מעסיקן, לאָקאַליזירן אים אויף אַ היימישן אופן און אויסנוצן פאַר אַ גאָטגעפעליקן ענין – לקיום המין.

דער פייער, וואָס איז אויף דעם אופן לאָקאַליזירט און אויסגע־נוצט געוואָרן – איז געוואָרן אַ הייליקער פייער. די יידישע פאַמיליע איז געווען אַ הייליגטום און דאָס פאַמיליען־לעבן אַ מזבח.

נאָכן תלמוד נאָך איז דאָס חתונה האָבן צו 18 יאָר אַ חוב (בן שמנה־עשרה לחופה). ס׳פלעגן זיך אָבער אין יענער עפּאָכע טרעפן פאַלן, וואו מ׳האָט חתונה געמאַכט קינדער פון דרייצן, פערצן יאָר. אויף דעם סמך האָט דער יידישער היסטאָריאגראַף מ. א. גינצבורג זיך אויסגעדריקט, אַז „דער ייד האָט נישט קיין קינד־הייט, נישט קיין יוגנט; פון שויס פון דער מוטער גייט ער

איבער אין שויס פון דער פרוי". ס'איז, נאַטירלעך, אַ גיפערבאַ־
לע. דידאָזיקע גיפערבאָלע האָט אָבער געהאַט אַ פּאַקטישן יסוד
אין גינצבורגס עפּאָכע: אין אָנפאַנג פון ניקאָלאַי דעם 1־טנס
רעגירונג האָט זיך פאַרשפרייט אַ קלאַנג, אַז ס'גרייט זיך אַ גע־
זעצפּראָיעקט, וועלכער וועט פאַרווערן יידן חתונה צו האָבן פרי־
ער ווי צו 21 יאָר.

דערדאָזיקער קלאַנג האָט אַרויסגערופן אַזאַ בהלה צווישן די
ליטווישע און ווייסרוסישע יידן, אַז אין משך פון אַ קורצער צייט
האָט מען חתונה געמאַכט אַלע יינגלעך און מיידלעך, אָנהויבנ־
דיק פון פינפיאָריקע קינדער. פאַר דערדאָזיקער צייט פון אַ
מין עפּידעמישן שגעון, וועלכע איז באַוואוסט אונטערן נאָמען
„בהלה", האָבן די יידן אין משך פון לאַנגע יאָרן טייער באַצאָלט.
נאָך די חתונות־בהלה האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה גטן, וועלכע
האָט זיך געצויגן צענדליקער יאָרן.

נאָר ווי משונהדיק ווילד, ווי אומנאַטירלעך, ווי ענלעך אויף אַ
סוחרישן אָכמאַך ס'זאָל נישט האָבן געווען דאָסדאָזיקע חתונה
מאַכן יונגע מענטשן לויטן ווילן פון די עלטערן, מיט דער הילף
פון שדכנים — מוז איך באַהויפּטן, — אויב איך ריזיקיר אַפילו
אַז מיינע יונגע לעזער און לעזערינס זאָלן מיך אָנרופן פּאַראַ־
דאָקסאַל—און איך זאָג עס אויפן גרונט פון לאַגיאריקע באַטראַכ־
טונגען, אַז אין פאַמיליען־לעבן, וואָס האָט זיך געבויט אויף
אזעלכע יסודות, איז אין די גוטע אַלטע צייטן געווען מער
טריישאַפט, מער איבערגעגעבנהייט, מער געגנזייטיקע אַכטונג, און
אויב איר ווילט, אויך מער פּאָעזיע און ליבע, ווי אין פאַמיליען־
לעבן פון איצטיקן דור, וואָס ס'הויבט זיך אָן דורך דער אייגע־
נער וואַל נאָך אַ לאַנגיאָריקער באַקאַנטשאַפט מיט שטילע באַגע־
געענישן אין ליכטיקע לבנה־נעכט, אָפטמאָל נאָך העלדישע דועלן
און נישט ווייניקער העלדישע אַרויסגנבענען די טעכטער פון די
עלטערן און די ווייבער פון די מענער. דער ריטערלעכער און
בכלל דער אייראָפּייאישער ראָמאַן פאַרקניפּט זיך און ווערט גע־
שפּילט אָן חתונה האָבן, און מיטן מאָמענט פון דער חתונה קומט
געוויינלעך דער עפּילאָג, דער ס ו ף פ ו ן ר אָ מ אַ ן; ביי אונז

אָבער, פאַרקערט, האָט זיך דער ראָמאַן אָנגעהויבן מיטן מאָמענט פון חופה שטעלן. דאָס יונגע פּאָרפאָלק — (איך רייד דאָ נישט וועגן די זעלטענע צופאַלן פון פּריצייטיקע חתנות, נאָר מכּוח געוויינלעכע פון 17–18 יאָריקע — מיט ריינע נשמות*), נישט קיין אויסגעהולטייעטע, נישט קיין אויסגעלעבטע, נישט אָפּגע־געבן די קרעפטן אָן אַ זייט, אין קאַפע־שאַנטאַנען, באַזונדערע קאַבינעטן און נאָך אַזעלכע הייזער — קומענדיק צום ערשטן מאָל אין באַרירונג מיט פּערזאָנען פון אַ צווייטן געשלעכט, יונגוואַרג מיט כאַראַקטערן נאָך נישט קיין געשטעלטע, מיט געוויינהייטן נאָך נישט קיין פעסטע, פלעגן זיי זיך גיך איינער צום אַנדערן צוגעוויינען, צופאַסן, צובינדן ; דער שטאַרקער גלויבן אין דער הייליקייט פון פאַמיליען־לעבן, דער נאַטירלע־כער אינסטינקט, די געמיינזאַמע עקאָנאָמישע און פאַמיליען־אינטערעסן, — דאָס אַלץ האָט געשאַפן אַ פעסטן צובונד צווישן די יונגע מאַן און ווייב, האָט זיי געמאַכט פאַר אַ נויטווענדיקע דערגענצונג איינער דעם אַנדערן, האָט אין זיי אַנטוויקלט קרובישע ליבע, יענע ליבע, וואָס מיט יאָרן ווערט זי נישט אָפּגעשוואַכט, נאָר פאַרשטאַרקט.

נאַטירלעך, האָבן זיך אויך דעמאָלט געטראָפן נישט קיין גע־לונגענע שדוכים ; ס'האָט געטראָפן, אַז דאָס יונגע פּאָר האָט זיך בשום אופן נישט געקאָנט איינלעבן, איינשטימען מיט די כאַראַקטערן, האָבן געפילט אַ ווידערווילן איינער צום אַנדערן ;

---

*) די אינטימע באַציאונגען צווישן מאַן און ווייב (בין איש לאשתו) זיינען אונז, חדר־יינגלעך, נישט געווען פרעמד : די יידן פון אַלטערטום, ווי אַלע אַלטע פעלקער, האָבן אין דער הינזיכט געהאַלטן פון דעם כּלל, וואָס די רוימער האָבן אויסגעדריקט אין די ווערטער : naturalia non sunt turpia. די תּורה און דער תּלמוד האָבן אָנגערופן די זאַכע מיט זייערע ריכטיקע נעמען. דאָס האָט פונדעסטוועגן נישט אויפגעוועקט פּריצייטיק אונזער פאַנטאַזיע, נישט געווירקט שלעכט אויף אונזערע עטישע געפילן. שעמעוודיקייט און צניעות זיינען געווען די באַזונדערע שטריכן פון דער יידישער יוגנט אין יענער צייט. קיין גראָבע, ציניש ווערטער האָט מען נישט געהערט אפילו צווישן עמי־הארצים.

אָבער דערצו האָבן מיר דאָך אַ קאַראַקטיוו: דער „גט" — דער ביליקער און לייכט צוטריטלעכער יידישער גט.

און אַז איך קלער וועגן דעם, אַז בעת דער אַלטער, אומרעפאָר־מירטער אָרדנונג פון יידישן לעבן זיינען אין מיין געבורטס־שטעטל צווישן יידן נישט געווען נישט קיין אַלטע בחורים, נישט קיין אַלטע מיידלעך, וועלכע זיינען פאַראורטיילט אויף די עלטערע יאָרן אויף אַ צעלאָזן, טרייסטלאָזן און הילפלאָזן לעבן, אַז ס'זיינען נישט געווען קיין אומגעזעצלעכע קינדער, וועלכע האָבן נישט געקאָנט זייערע טאַטעס, אַז ס'איז נישט געווען די שענדלעכע פראָסטיטוציע און דער שרעקלעכער שאַנדפלעק פון דער אַרישער אייראָפּע — דער סיפילים, הויב איך באמת אָן צו צווייפלען אין פראָגרעס, אין די „פרוכט פון דער קולטור" און באַדויער אונזער יוגנטדור, צוקוקנדיק זיך, ווי ער פאַרשווענדט איינס נאָכן אַנדערן די בעסטע ווערטן פון זיין אַלטער קולטור.

אַן ערגערע מעשה ווי מיטן סמאַרגאָנער האָט געטראָפן מיט אַן אַנדער „פרוש". דאָס איז געווען אַ מענטש אין מיטעלע יאָרן, אַ געזונטער, אַ שטאַרקער, מיטן אויסזען ענלעך מער אויף אַ פור־מאַן ווי אויף אַ תלמיד־חכם, אָבער באַלד דעם ערשטן טאָג האָט ער שוין געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט מיט זיין אויפ־פירונג.

ער האָט גענומען אויף זיך אַ נדר צו שווייגן און פלעגט נישט ענטפערן אויף קיין שום פראַגן. איבעררייסן דאָס שווייגן פלעגט ער נאָר שבת, אבער אויך דעמאָלט האָט ער געענטפערט קורץ, לאקאניש און דאָס נאָר אויף העברייאיש. און אַזוי איז טאַקע נישט געלונגען צו דערגיין וועך ער איז און פונוואַנען.

און להיפך פון אַנדערע „פרושים", האָט מען איס נישט גערופן נאָכן שטעטל, נאָר פשוט „דער פרוש". באַזעצנדיק זיך אין קלויז, האָט ער זיך פאַרקליבן אין אַ פינסטערן ווינקל הינטערן אויוון און פלעגט דאָרט אָפּזיצן גאַנצע טעג איבער ספרים, בעיקר אי־בער ספרי־קבלה, נישט האָבנדיק קיין שום מגע־משא מיט די

חברים און נישט טיילנדיק זיך מיט זיי נישט מיט די געדאַנקען, נישט מיט די ידיעות.
אין דעמזועלביקן ווינקל פלעגט ער שלאָפן, אונטערלייגנדיק צו־קאָפּנס אַ מין וואונדערלעכן פּעקל, וואָס קיינער האָט אים נישט געטאָרט אָנרירן. זיין גאַנצע האַלטונג און זיינע לאַנגע, הייסע תּפילות האָבן אַרויסגערופן אַ חשד, אַז ער איז אַ נסתּר, אַ „למד־וווניק". די קאַפּוליער האָבן זיך צו אים באַצויגן מיטן גרעסטן יראת־הכּבוד און האָבן זיך ממש געשלאָגן פֿאַרן גליק צו האָבן אים שבת ביים טיש און אַז ער האָט זיך אַמאָל, ווי כּלאחר־יד אַרויסגערעדט, אַז ער איז אַן אַלמן און דערצו אָן קינדער, האָבן עטלעכע פון די אָרטיקע אַלמנות גלייך אָנגעהויבן שיקן צו אים שדכנים. אויף איינעם פון דידאָזיקע שדוכים האָט טאַקע דער „פּרוש" מסכּים געווען און ס'האָט שוין געדאַרפט זיין חתונה. פּלוצלונג איז צו אונזער פֿאַרוואונדערונג געשען אָט וואָס.
אין איין שיינעם טאָג זיינען אַראָפּגעקומען קיין קאַפּוליע צוויי „עגונות" (ווייבער, וואָס די מענער האָבן זיי אַוועקגעוואָרפן). יעדע פון זיי האָט זיך שוין אַרומגעשלעפּט יאָרנלאַנג איבער דער וועלט אויפן חשבון פון יידן בני־רחמנים, זוכנדיק איר מאַן.

באַגעגענענדיק זיך אויף איין אָרט, האָט איינע דער אַנדערער דערציילט איר אומגליק. שטעלט אייך פאָר זייער שרעק, אַז פון די קעגנזייטיקע אויספרעגענישן און דאָס שילדערן זייערע מע־נער האָבן זיי פאַרשטאַנען, אַז זיי זוכןביידע דעמזועלבן שאַר־לאַטאַן, וועלכער האָט זיי ביידן אָפּגענאַרט, באַגזלט, באגנבעט — און אַוועקגעוואָרפן.
פון יענער צייט אָן האָבן שוין ביידע אומגליקלעכע געוואַנדערט צוזאַמען און, אָנקומענדיק קיין קאַפּוליע, האָבן זיי זיך — וויסנ־דיק, אַז דער מנוול שפּילט אומעטום די ראָל פון אַ „פּרוש" — קודם־כּל אַריינגעריסן אין קלויז. אונזער „פּרוש", דערזעענדיק דידאָזיקע ווייבער, איז געוואָרן ווייס ווי קאַלך, האָט זיך אַ הויב געטאָן און אַ כאַפּ געטאָן זיין פּעקל, האָבנדיק בדעה זיך אַרויסצומאַכן. אָבער די ווייבער האָבן אים אָנגעכאַפּט און מיט

קולות: „גזלן, רוצח, הולטיי״! האָבן זיי דערציילט פאַר די דער־בייאיקע מכּוח זיינע שיינע מעשים און געבעטן, מען זאָל זיי העלפן. דער „פּרוש״, זעענדיק, אַז ער איז אַ פאַרפאַלענער, איז אַוועק, באַגלייט פון אַ מחנה „פּרושים״ און בחורים, מיט זיינע ביידע ווייבער, צום רבֿ, וועלכער האָט אים געצוואונגען תּיכף אָפּגטן ביידע. ביים רבֿ האָט מען אויך געמאַכט אַ רעוויזיע אין זיין פּעקל. דאָרט האָט מען געפונען עטלעכע הונדערט רובל, וואָס דער רבֿ האָט אים געהייסן צעטיילן צווישן ביידע פרויען. נאָך דער מעשה איז אונזער „פּרוש״ נעלם געוואָרן פון קאַפּוליע און איז ווי אין וואַסער אַריין.

---

IX

## די ערשטע אַפּיקורסים.

אין יאָר 1857 האָט אין קאַפּוליער קלויז געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט אַ 15־יאָריקער בחור מיט אַ קלוגן טונ־קעלן פּנים, וואָס זיצנדיק אין קרייז פון זיינע חברים, פלעגט ער, אָנשטאָט צו לערנען די בלאַט גמרא, שאַרף קריטיקירן, ממש ווי אַ פּסיכאָלאָג כאַראַקטעריזירן אַלע אָנגעזעענע קלויז־באַלע־באַטים, די נכבדי העיר, חוזק מאַכן פון אַלץ אַרום, און דערביי אַרויסזאָגן אַזעלכע אָנשויאונגען, וואָס ביז אַהער האָט עס אין קאַפּוליע נאָך קיין ילוד־אשה נישט געהערט.

„זייער יראת־השמים — איז מצות אנשים מלמדה, — פלעגט ער זאָגן מיט די ווערטער פון ישעיהו הנביא, אָנווייזנדיק אויף די מתפּללים. — קיין שום אייגנס, זייערס, האָבן זיי נישט אין דער נשמה. זיי דאַרפן און ווילן מכּוח קיין זאַך נישט קלערן, אַלץ

איז שוין פּאַר זיי לאַנג דורכגעקלערט, אָנגעשריבן און פעסטגע־
שטעלט. און ביי אַלעמען פון זיי איז אַלץ די אייגענע: די
סליחות, די תּפילין לויט איינעם און דעמזעלבן מוסטער, די
יאַרמולקעס און קאַפּאָטעס לויט איין פאַסאָן! און דאָך דאַרף
מען נאָר אַריינקוקן אין זייערע קליינע נשמהלעך און גלייך דער־
זעט מען, אַז יעדערער פון זיי איז עפּעס אַ מין באַזונדערע
בריה. יעדער פון זיין זייט האַלט זיך גרויס, אָבער יעדער אויף
זיין שטייגער. יעדערער האָט זיינע פּאַרדינסטן. איינער איז
אַ תּלמיד־חכם, דער אַנדערער, כאָטש אַן עם־הארץ, אָבער זיין
טאַטע, זיין זיידע אָדער זיין עלטערזיידע געווען אַ ייד אַ למדן.
איינער איז אַ גביר — דאָס איז דאָך אויך אַ פאַרדינסט! דער
צווייטער כאָטש אַן אָרימאַן, איז ער אָבער אַמאָל רייך געווען,
אָדער איינער פון זיינע אבות איז געווען אַ ייד אַ גביר. מיט
איין וואָרט, אַלע זיינען זיי, אַזוי צי אַזוי, וויכטיקע מענטשן,
גרויסע מיוחסים.

— אָט קוקט נאָר אָן „נח דעם קרומע האַלז“, גאָט מיינער. וואָס
פאַר אַ מיני באַשעפעניש פאַרמאָגסטו דאָ אין קלויז! זיין קאָפּ
דאַכט זיך, וועט אָט באַלד אינגאַנצן אַראָפּפאַלן פון דעם קרו־
מען, אויף אַ זייט אויסגעדרייטן האַלז און ער קרימט נאָך
דעם פּנים און מאַכט בעתן דאַווענען אַזעלכע משונהדיקע
העויות! און וואָס ווינט ער, וואָס בעט ער ביים בורא־עולם?
אַז ער זאָל מיט אים טאָן זיין גרויסן חסד און צושטעלן אים
און זיין קאָסאָקער ציפּע די טעגלעכע פּאָרציע קרופּניק; ווייטער
פון קרופּניק גייט דאָך נישט בכלל די קאַפּוליער פאַנטאַזיע!
און מער האָט טאַקע דער בורא־עולם נישט וואָס צו טאָן, נאָר
פאַרזאָרגן מיט קרופּניק די קאַפּוליער פאַרזעענישן!

—און אָט איז לייבקע דער „קדוש“ אַ גליקלעכער מענטש, נישט קוקנ־
דיק אויף זיינע שרעקלעכע מערידן! ער, בעת ער דאַוונט, קלאָגט
זיך נישט, ווינט נישט, פאַרקערט, ער לייכט אינגאַנצן. ס׳לייכט
אַפילו דער בייל ביי אים אויפן שטערן! קיין וואונדער נישט,
ער איז דאָך עפּעס אַ מקורב מיט גאָט! אַז אויף אים וואַרט
אויף יענער וועלט די גרעסטע כבודים, אין דעם איז ער פעסט

פאַרזיכערט. אַפילו לייבקעס ווייב, כאָטש זי איז נישט מער ווי אַ זינדיקע אשה, רחמנא ליצלן, אַפילו זי פאַרשטייט זיינע פאַר־דינסטן, און זי היט אים אָפּ, קאָרמעט אים מיט ציגנמילך און דערלויבט אים אָפּזיצן אין קלויז טעג און נעכט. און לייבקע, אָפּשאַצנדיק די פאַרדינסטן פון זיין ווייב, האָט איר אַרויסגע־געבן אַ פאָרמעלן כתב, אַז ער טרעט איר אָפּ אַ העלפט פון די כבודים, וואָס זיינען צוגעגרייט פאַר אים אין גן־עדן. און אויב מ'זאָל נעמען אין אכט די גרויסע מיינגע כבודים. וועלכע וואַרטן דאָרט אויף אים און די קורצקייט פון מענטשלעכן לעבן אין פאַרגלייך מיט דער אייביקייט, וועט איר פאַרשטיין ווי מילד לייבקע האָט באַלוינט זיין ווייב און ווי טייער ער האָט נעבעך באַצאָלט פאַר די ציגנמילך!

– וואָס איז עפּעס געוואָרן מיט שייצן? טוט נאָר אַ קוק, דער־דאָזיקער קמצן האָט געבראַכט אַ גאַנצן פונט ליכט און זיי דער־לאַנגט דעם שמש פאַרן קלויז! וואָס איז אַזוינס געשען? אַהאַ! איך פאַרשטיי: היינט איז דער טיראַזש פון דער פוילישער לאָטעריע, און ער וויל אונטערקויפן דעם בורא־עולם, אַז ער זאָל אים מזכה זיין מיט אַ געווינס. און אָט בעט ער זיך ערשט ביי גאָט: גאָטעניו, טייערער גאָטעניו, דו האָסט איצט די בעסטע געלעגנהייט מיך גליקלעך צו מאכן, מיך, דיין געטרייען קנעכט! אָט האָב איך דיר געבראַכט אַ מתנה, אַ פונטעלע ליכט, באַצאָלט 15 גראָשן מזומנים ממש. און וואָס פאַר אַ ווערט האָבן ביי דיר אַ צען, פופצן טויזנט – דערצו איז דאָך דאָס געלט נישט דיין אייגנס, דו גיסט עס נישט פון דיין קעשענע. איך אָבער וועל פאַרן דאָזיקן געלט קריגן פאַר מיין רבקהלען אַ חתן א למדן. דו וועסט אויך הנאָה האָבן! איך שווער אייך ביים בייל פון לייבקע דעם „קדוש“, אַז מיט די דבורים ממש שמועסט ער זיך איצט דורך מיט גאָט! דער גנב, אָפּנאַרן וויל ער גאָט אַליין! פאַר אַ פונט חלבנע ליכט – אַ גרויסן געווינס! איבעריגנס, איז די מעשה שטאַרק אין ספק. פון געווינס וועט גאָרנישט ווערן, די 15 גראָשן זיינען אַרויסגעוואָרפן און ער וועט אויף זיך שפּעטער רייסן די האָר.

— און אָט איז לייזערקע, — זיינע השגות זיינען שוין פון אַ העכערן סאָרט! וואָס טויג אים אַ קרופּניק אָדער אַ געווינס! ער דאַרף משיחן! איך שטעל מיר פאָר משיחס פאַרוואונדערונג, אַז אים זאָל איינפאַלן אַהער צו קומען. וואָס וואָלט ער געקאָנט אונ־טערנעמען, וועלכע אַקציעס דורכפירן, וואָס פאַר אַ מלוכה בויען אָט מיט דידאָזיקע שקעלעטן, מיט די אויסגעטריקנטע גופים און מיט די צעדרייטע מהות? ער וואָלט זיי אָנשפּייען פולע אויגן, דאָס קאָן איך אייך פאַרזיכערן און פאַרזאָגן אַ צענטן אַהער אַ פוס אַריינצושטעלן!

— דיך טאַקע האָב איך ליב, — ווענדט ער זיך צום גוטמוטיקן גראָבן שמעון דעם בעקער, וועלכער איז נאָר וואָס אַריין אין קלויז און טוט אים אַ נעם פאַר דער געלער באָרד: וואָס פאַר אַ פליי־צעס, וואָסערע לאַפּעס! ס׳אַר אַ באָרד און ס׳אַר אַ בויך! אָט דאָס איז אַ יוסטער באַלעבאָס! דו מיין טייערער שמעון, האָסט אַלץ געננג, נאָר מאַרך אַ ביסל צו ווייניק, ס׳איז אָבער לגמרי געננג אויף צו באַקן גוטע בייגל. און דיינע בייגל, מ׳מוז דיר זאָגן דעם אמת, זיינען זייער געשמאַקע. איך האָב זיי זייער ליב און דיך האָב איך אויך ליב. דו ביסט אַ מענטש אַ גאַנצער, אַ געזונטער, אַן אַרבעטסמענטש, נישט ווי אָט די הייליקע לײדיקגייער! אַ טלית האָסטו אַ גרויסן, און אַ סדור אַ גראָבן — זייער אַ גראָבן, אָבער דערמיט ענדיקט זיך שוין טאַקע דיין גאַנצע „פרומקייט“. אָפּגעדאַוונט וויפל און וואָס מ׳דאַרף, און אַ סוף! מער האָסטו מיט גאָט קיין עסק נישט. אָפּגעבענדיק אים וואָס אים קומט, נעמסטו זיך רואיק פאַר דער שיסל קרופּ־ניק, און ווייטער צו דער אַרבעט! ווייטער באַקן בייגל! אַ וואוילער יונג, שמעון, אַ כוואַט!

ווער זשע איז געווען דערדאָזיקער בחור און פון וואַנען האָבן זיך צו אים גענומען דידאָזיקע דרייסטע רייד? דאָס איז געווען גרשון, דער זון פון אויבנדערמאנטן רב, רבי בער. פאַרלירנ־דיק דעם פאָטער שוין אַלס קינד, איז ער געוואקסן אָן השגחה און אָן דערציאונג. דער ייגל איז געווען באַגאַבט מיט אַן עס־טעטישן געפיל און מיט אַ שכל נישט קיין געשווינטן, אָבער מיט

אַ טיפן און אַן אַנאַליטישן. געלעזן האָט ער נישט פיל, אָבער אין דעם, וואָס ער האָט געלעזן, האָט ער געזוכט טיפקייט, יסודות. ער האָט נישט ליב געהאַט קיין אומדייטלעכקייט, פאַרנעפלטעס, אָבער קוים האָט ער אָנערקענט און פעסטגעשטעלט ביי זיך אַ מיינונג, האָט ער זיך שוין געהאַלטן דערביי ביזן סוף. צו זיינע איבערצייגונגען האָט ער זיך באַצויגן ערנסט און איז גרייט געווען צו קעמפן פאַר זיי מיט דער גאַנצער ווערלט.

בישטערנדיק זיין פאָטערס ביבליאָטעק, האָט דער 15=יאָריקער גרשון געפּאַקט פיר ביכער, פון וועלכע קאַפּוליע האָט ווייניק וואָס געוואוסט און דעריבער האָבן זיי אים טאַקע שטאַרק פאַר= אינטערעסירט. דאָס זיינען געווען: „אמונות ודעות" פון רבנו סעדיה גאון, „מלות=הגיון" (לאָגיק) פון רמ"בם, אָנגעשריבן אויפן גרונט פון אַריסטאָטעלס לאָגיק מיט מענדעלסאָנס קאָמענטארן, „פעדאָן" מענדעלסאָנס, אַ חבור=וכוחים וועגן השארת=הנפש, אַריינגעלייגט אין מויל פון סאָקראַטוסן און „שירי תפארת" פון נפתלי הערץ וויזעל — אַ פּאָעמע וועגן יציאת מצרים. דידאָזיקע ביכער זיינען אומבאַדינקט גוטע, און דאָך קאָן איך אַ סך מענטשן, וועלכע האָבן זיי דורכגעלייענט און זיינען רואיק אי= בערגעגאַנגען צו דער טאָג=אָרדנונג.

די וואַרעמע געפילן, דער ריינער סטיל, די דערהויבענע גע= דאַנקען און דער וואוילקלאַנג פון די ריפמען פון דערדאָזיקער פּאָעמע האָבן אים אזוי אַנטציקט, אַז ער האָט זיך מיטן דאָזיקן בוך נישט געקאָנט שיידן, האָט איבערגעגעבן זיין אינהאַלט יעדן, וועמען ער האָט באַגעגנט, באַהויפּטנדיק מיט אַ פעסטער זיכערקייט, אַז ער איז אָנגעשריבן דורך דער אינטואיציע פון רוח=הקדש און דאַרף פאַרנעמען אַן אָרט ווי די ספרי=הנביאים.

נישט ווייניקער, אויב נישט מער האָבן אויף אים געווירקט די דריי אויבנדערמאָנטע ביכער פון פילאָזאָפישן אינהאַלט. אין זיי האָט ער זיך אַנטציקט מיט דעם פאַר אים לגמרי נייעם טראַכ= טירן די העכערע וועלט=פראַגן, וועלכע שטיצט זיך נישט אויף דער טראַדיציע אין נישט אויף דער אַנטפּלעקונג (גלוי=השכינה)

נאָר אויפן שכל, און דוקא אויפן שכל דעם פרייען, דעם זעלבסט-הערשנדיקן, וועלכער גויטיקט זיך גישט אין קיינעם און אָנערקענט איבער זיך נישט קיין שום הערשאַפט, נישט קיין גרענעצן, אויסער די געזעצן פון לאָגישן דיינקען. פון דערשיינונגען פשוטע, דער-וויזענע דורכן נסיון און אויפגעפּאַסטע דורך אונזערע פינף חושים, ויינען דידאָזיקע דיינקער ביסלעכווייז, אויפן וועג פון קלאָרע לאָגישע מסקנות, פון וועלכע מ׳טאָר אויף קיין האָר נישט אָפּ-טרעטן, ווי פון מאַטעמאַטישע טעאָרעמען, נישט אויף רעכטס, נישט אויף לינקס, זיינען זיי, דידאָזיקע דרייסטע דיינקער, דער-גאַנגען צו דער לייזונג פון די העכסטע טעאָלאָגישע און פילאָ-זאָפישע פּראָבלעמען, צו די סודות פון דער יצירה, צו גלוי-השכינה! דינען גאָט און טאָן גוטס נישט אויפן סמך פון טראַדיציע אָדער פון בלינדן גלויבן, נאָר אויפן גרונט פון אינערלעכער איבערצייגונג, וועלכע ווערט דערגרייכט דורכן באַגרייפן דעם מהות פון גאָט, דעם קוואַל פון גוטן, — אָט דאָס איז דעם מענטשנס העכסטער אידעאַל! דעמדאָזיקן אידעאַל האָבן רעאַליזירט דורך זייער לעבן און טעטיקייט דער רמ״בם און מענדעלסאָן, און נאָך מער זייערע פּראָטאָטיפּן — אַריסטאָטעל און סאָקראַטוס. סאָקראַטוס, וועלכער האָט זיין גאַנץ לעבן געשטרעבט צום אמת און האָט אים אומעטום פּראָקלאַמירט, סאָקראַטוס, וועל-כער האָט אָנערקענט זיין גערעכטיקייט און זיין פּאַרצוג איבערן המון, וואָס האָט אים באַשולדיקט און האָט רואיק אויסגעהערט זיין טויט-אורטייל; סאָקראַטוס וועלכער איז מיטן שכל דערגאַנ-גען צום באַגריף פון השארת-הנפש און אויפן גרונט פון זיין אומדערשיטערלעכער איבערצייגונג אין דערדאָזיקער אָנערקענטער וואָרהייט — טרינקט ער אויס רוהיק דעם בעכער גיפט — דאָס-דאָזיקע בילד איז תמיד געשטאַנען פאַר גרשונס גייסטיקן בליק און האָט פאַר אים געדינט אַלס מוסטער דאָס נאָכצוטאָן.

ווי משונה-ווילד, ווי קליינלעך האָבן אויסגעזען אין די אויגן פון אונזער יונגן פילאָזאָף — ביי אַזעלכע נייע אָנשויאונגען — אַלע געגנשטאַנדן, וואָס מ׳האָט דאָ שטודירט אַרום אים אין קלויז,

ווי נישט׳ק און לעכערלעך זיינען פאַר אים געווען די אַלע קלויז-באַלעבאַטים מיטן גרויסן זיך, מיט זייער אָפּשטאַמונג, מיט זייער לומדות און פרומקייט, ווי קליינלעך זיינען זייערע שטרע-בונגען, ווי אומווירדיק זייער לעבן! און אָט האָבן מיר געזען ווי גרשון, זיצנדיק אין קלויז, מאַכט חוזק פון דער גאַנצער סביבה. ער האָט געוואוסט, אַז אַליין פאַרשטייט ער נאָך להלוטין גאָרנישט פון דעם וואָס ס׳איז נויטווענדיק, כדי צו האָבן רעכט זיך צו האַלטן פאַר אַן אָנהייבער פון רמ״בם אָדער פון מענ-דעלסאָנען, און דאָך האָט ער געקוקט פון אויבן אַראָפּ אויף דער גאַנצער סביבה, רופנדיק זיי מיט פאַראַכטונג „דער המון״.

און געהאַלטן האָט ער זיך גרעסער פון זיין סביבה דערמיט, וואָס ער האָט אַנערקענט זיין אומוויסנהייט אין דער צייט, וואָס אַנדערע האָבן וועגן זיך אַפילו נישט געטראַכט. ווען ס׳איז, ווי נאָר ער וועט האָבן די מעגלעכקייט, וועט ער זיך, נאַטירלעך, אַ נעם טאָן צו שטודירן פאַרשידענע וויסנשאַפטן און שפּראַכן. אָבער לעת עתה האָט ער זיך באַנוגנט מיטן פּראָפּאַגאַנדירן זיינע אידייען, מיט זיינע פּירושים אויף די פיר ספרים, וועלכע ער האָט ממש פאַרגעטערט און מיטן חוזק מאַכן פון „המון״, וואָס איז פאַר אים געוואָרן אַן אינערלעכע באַדערפעניש.
איך בין געווען אַ צעניאָריקער יינגל, בעת גרשון איז צום ערשטן מאָל אַרויסגעטרעטן אויף דער קאַפּולייער אַרענע און דעריבער האָב איך קיין אַנונג ניט געהאַט מכוח די סודות פון דער נייער תורה און אַלץ, וואָס איך שרייב דאָ מכוח דערדאָזי-קער לערע, האָב איך זיך דערוואוסט מיט עטלעכע יאָר שפּעטער, בעת איך בין געוואָרן אַ גלייכבאַרעכטיקטער מיטגליד אין דער קאַפּולייער קהילה.
צוגעצויגן האָט מיך דעמאָלט גרשון בלויז מיט זיינע דרייסטע רייד און מיט זיין כאַראַקטעריסטיק פון דער אַרומיקער סביבה.

דער קרייז פון גרשונס צוהערער און אָנהייבער איז לכתחילה באַשטאַנען פון צוויי בחורים; דאָס זיינען געווען

עלינקע, בערקע דעם חזנס זון און חיים-מיישקע חיה-שרהס. פון דידאָזיקע צוויי בחורים איז חיים געווען דער אמתר טרייער אָנהייגער פון גרשונס אידייען. און באַלד זיינען זיי געוואָרן זייער נאָנטע חברים, כאָטש זיי האָבן זיך שטאַרק אונטערגעשיידט איינער פון אַנדערן מיטן כאַראַקטער און נייגונגען. גרשון, ווי מיר האָבן געזען, איז געווען אַ בחור אַ פייערדיקער, אַ לוסטי-קער, חיים אָבער אַ פלעגמאַטישער און אַן אומעטיקער; דער ערשטער אַן אָפנהערציקער, אַ דברן און אַ זאָרגלאָזער, און דער צווייטער – אַ פאַרשלאָסענער, אַ שווייגעדיקער און אַ פּאָרזיכ-טיקער; דער ערשטער האָט געהאַט כּאָטישע פעאיקייטן, דער צווייטער מאַטעמאַטישע. גרשון, ווי טורגעניעווס רודין, איז געווען אַ מענטש פון ווערטער און נישט פון מעשים, זיין גאַנץ לעבן האָט ער געשפּילט די ראָל פון אַ וועקער, אָבער וועקנדיק אַנ-דערע צו אַרבעט, צום לערנען און פּראָגרעס, איז ער אַליין נישט אַוועק ווייטער פון זיינע געליבטע ספרים. חיים אָבער, איבערנעמענדיק גרשונס אַנשויאונגען, האָט געצויגן פון זיי די געהעריקע קאָנסעקווענצן און האָט אויסגענוצט יעדן צופאַל צו פאַרווירקלעכן זיינע טעאָריעס אין לעבן.

בעת גרשון, דער אידעאַליסט-פאַנטאַזיאָר, האָט זיך געפּלפּולט, האָט דער פּראַקטישער חיים אומאויפהערלעך געאַרבעט און מיט פעסטע שריט געגאַנגען צו זיין באַשטימטן ציל. און געענדיקט האָבן זיי זייער לעבן אויף גאַנץ פאַרשידענע אופנים: גרשון – אין איינ-זאַמקייט און אָרעמקייט, חיים-מיישקע חיה-שרהס אָבער אַלס שטאָ-טישער דאָקטאָר, מיט ראַנגען און אָרדענס.

וואָס אַנבאַלאַנגט דעם דריטן מיטגליד פון דאָזיקן חוט המשלש – עלינקען, האָט ער געירשנט פון זיין טאַטן בערקע דעם חזן זיין שיינעם קלוגן פּנים און זיין ליבע צו מוזיק און האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין שום נייגונג צו ספּעקולאַטיווער פילאָזאָפיע. אים האָט אינטערעסירט נישט גרשונס אידעאָלאָגיע, נאָר זיינע הומאָריסטישע רייד און די כאַראַקטעריסטיק פון די שטענדיקע קלויז-באַזוכער, ווייל אויך אים, דעם לעבנסלוסטיקן עלינקען, איז געווען איינג אין דער שטיקנדיקער קאַפּוליער אַטמאָספערע.

גרשון אָבער האָט געפונען אין אים אַ פּאָפּוליאַריזאַטאָר פון זיינע אַנזיכטן; אַן אַרטיסט פון גאָטס גענאָד, פון דער נאַטור, האָט עלינקע סצעניש פאָרגעשטעלט די העלדן פון גרשונס סאַטירע, מייסטערהאַפט נאָכמאַכנדיק זייערע ווערטער, מאַניערן און באַוועגונגען, אַזוי אַז די קאַפּוליער האָבן ריכטיק געקוקט אויף עלינקען נישט ווי אויף אַן אַפּיקורס, נאָר ווי אויף אַ קונדס. שפּעטער איז עלינקע אָנגעקומען אין בערלינער קאָנסערוואַטאָריום, און נאָכן ענדיקן — באַקומען אַ פּאָסטן פון אַ סינאַגאָגעקאַנטאָר אין איינער פון די דייטשע שטעט און דערצו, ווי איך האָב געהערט, האָט ער נאָך אויסגעפירט די ראָל פון אַ טענאָר אינם כאָר פון אָרטיקן טעאַטער.

---

## X

## דער סקאַנדאַל, די פּליטה פון די אַפּיקורסים.

גרשונס טעאָריע האָט ארויפגעלייגט אויפן מענטשן די פליכט פון זעלבסטפּאַרפּאָלקאָמונג, וואָס איז באַשטאַנען אין השגת־הבורא דורך זיינע באַשעפענישן, קורצער געזעגט — אין שטודירן „חכמה“, ד. ה. נאַטורוויסנשאַפט, פיזיק, מאַטעמאַטיק, אַסטראָנאָמיע און אַנדערע וויסנשאַפטן; און מחמת דידאָזיקע וויסנשאַפטס־צווייגן זיינען געווען ווייניק אַנטוויקלט אין דער יידישער ליטעראַטור, דעריבער איז יעדערער געווען מחויב צו לערנען אייראָפּייאישע שפּראַכן. מ׳מוז אומבאַדינקט אויך קאָנען וועלכע ס׳איז מלאכה, כדי צו פאַרדינען מיט ערלעכער אַרבעט דאָס שטיקל ברויט און נישט פאַלן צו לאַסט אויף דער געזעלשאַפט און זיין אָפּהייניגיק פון „המון“.

וואָס אָנבעלאַנגט צו שטודירן וויסנשאַפטן און שפּראַכן, האָט מען עס נישט ווילנדיק געמוזט אָפּלייגן אויף אַ אומבאַשטימטער צייט, ווייל אין קאַפּוליע איז עס ממש געווען אוממעגלעך. אָבער אַ מלאכה? אַ מלאכה קאָן מען זיך דאָך לערנען אַפילו אין קאַ-פּוליע.

צו דערדאָזיקער פראַגע האָבן זיך גרשון און חיים באַצויגן גאַנץ ערנסט. אַנאַליזירנדיק אַלע מלאכות, וועלכע געפינען זיך אין קאַפּוליע, האָבן זיי קיין איינציקע נישט געפונען קיין פּאַסענדע פאַר זיי: איינע איז אַ צו שווערע, די צווייטע — נישט קיין ריינע, און יעדע פון זיי, כדי צו שפּייזן אַ פאַמיליע, מוז איינ-שלינגען דעם גאַנצן מענטשן, נישט לאָזנדיק אים קיין פריי-צייט אויף זעלבסטאַנטוויקלונג.

אָט פאַרוואָס זיי האָבן זיך אַזוי שטאַרק דערפרייט, אַז קאָזליאַק דער רופא האָט זיי פאָרגעלייגט זיך אויסלערנען ביי אים מאַכן זייף. (איך האָב שוין דערציילט, אַז איינע פון קאָזליאַקס ספּע-ציאַליטעטן איז געווען די אויסאַרבעטונג פון קאָסמעטישע זייפן). קאָזליאַק האָט זיי געגעבן דעם רעצעפּט פון די נויטיקע מאַ-טעריאַלן, דאָס איז אָבער פאַר זיי געווען ווייניק: זיי האָבן גע-מוזט כאָטש איינמאָל זען די קונסט וויאַזוי מ'פּראָדוצירט זייף אין דער פּראַקטיק, צו וואָס קאָזליאַק איז, נאַטירלעך, מסכים געווען. דערביי האָט ער זיי געמאָלדן, אַז צו דערדאָזיקער אַר-בעט מוז מען האָבן אַ פאַבריק מיט אַ ספּעציעלן אויוון, אָבער מחמת אַזאַ אויוון איז אין קאַפּוליע נישט בנמצא, קאָן ער דעמ-דאָזיקן נסיון דורכפירן אין וועלכער ס'איז קוזניע. אין אַ היימישן אויוון איז דערצו, ראשית, צו ווייניק אָרט — והשנית, וועט דאָס חלב, וואָס גייט אַריין אין צוזאַמענשטעל פון זייף, טריף מאַכן דעם אויוון און מ'וועט נישט טאָרן אין אים קאָכן קיין עסן.

אין אַ הויז, וואו מ'וואוינט, האָט מען אויסערדעם נישט געקאָנט מאַכן דעמדאָזיקן נסיון שוין צוליב דעם, וואָס באַשעפטיקן זיך מיט אַ מלאכה און בעיקר מיטן חברן זיך מיט קאָזליאַקן וואָלט שטאַרק געשאָדט דער אַזוי שוין אויך גענוג קאָמפּראָמיטירטער

רעפּוטאַציע פון גרשונען מיט חיימען. דידאָזיקע אַרבעט — דאָס האָבן פאַרשטאַנען אַלע דריי חברים—מוז אָפּגעטאָן ווערן בסודי סודות און מיט דער גרעסטער פאָרזיכטיקייט.

אונזערע בחורים האָבן אָנגעהויבן פירן געהיימע אונטערהאַנדלונגען מיט אַ באַקאַנטן יונגן יידישן שמיד, וועלכער האָט זיי טאַקע דערלויבט דורכצופירן דעמדאָזיקן נסיון ביי אים אין קוזניע, גאָר נאָנט פון שול־הויף. אַלץ איז איינגעאָרדנט געוואָרן אויפן בעסטן אויפן, און אין אַ פינסטערער נאַכט, פון שבת אויף זונטאָג, בעת אַלע קאַפּוליער זייַנען געלעגן אין די אָרעמס פון מאָרפייען, האָט קאזליאַק מיט זיינע תלמידים געבראַכט צו שלעפּן אין קוזניע אַריין אַלע צוגעגרייטע מאַטעריאַלן, אַ קעסל, אַ פאָרמע און אַלץ, וואָס איז נויטיק אין אַ זייף־פאַבריק. דער שמיד האָט געמאַכט פייער און די אַרבעט איז אַוועק מיטן טראַסק. די פּראָבע איז געוועזן זייער אַ געלונגענע. ס'זיינען אַרויסגעקומען צוועלף שטיקלעך, שיין פאָרמירטע שמעקעדיקע זייף, וועלכע מ'האָט תיכף צעטיילט אויף גלייך צווישן אַלע אָנטייל־נעמערס אין דערדאָזיקער אַרבעט און דידאָזיקע האָבן אונזערע ניי־געבאַקענע בעלי־מלאכות אַ צייט לאַנג אָפּגעהיט ווי עפּעס אַ מין הייליקטום. ס'האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז אַלץ איז ווי ס'דאַרף צו זיין, אויסגעלאָזט האָט זיך אָבער דער גאַנצער ענין אויף גאָר אַ מאוסן אויפן. מ'זאָגט אַ גלייכווערטל: פון אַ יידן קאָן מען זיך נישט באַהאַלטן, — און אויך דאָסמאָל האָט זיך באַשטעטיקט דאָסדאָזיקע גלייכווערטל. עפּעס אַ יידענע, וואָס האָט דאָרט געוואוינט אין שכנות, איז איינגעפאַלן אין מיטן דער נאַכט אַרויסגיין אויפן גאַס, און, באַמערקנדיק אַ פייער אין קוזניע דריי אַ זייגער ביינאַכט, האָט זי זיך שטאַרק פאַרוואונדערט, ווייל ביינאַכט האָט מען אין קוזניע קיינמאָל נישט געאַרבעט.

תיכף האָט זי זיך דערמאָנט, אַז ס'איז שבת־צו־נאַכט, בעת די „שדים“ פאַרכאַפּן די גאַנצע מאַכט מיטן אשמדאי און לילית אן דער שפּיץ. קאָכנדיק אין אַ קעסל פאַרשידענע שרצים, פּייערן זיי זייערע משונהדיקע העסלעכע חתוגות, פּראַוועו זיי־

ערע מאוסע ארגיעס. מיט גרויס פרייד איז זי צוגעגאַנגען שטילערהייט צו דער צוגעשלאָסענער קוזניע און — האָט ווירקליך דערהערט ווי ס'קאָכט און זידט עפּעס אין אַ קעסלי איצט איז איר די מעשה געוואָרן קלאָר און זי האָט געשווינט אויפגעוועקט עטלעכע פון אירע שכנות, כדי זיי איבערצוגעבן דידאָזיקע שרעקלעכע נייס. יענע זיינען, באַטירלעך, תיכף געקומען צו לויפן, כדי זיך אַליין צו איבערצייגן אין דער ריכטיקייט פון דערדאָזיקער משונהדיקער מעשה, — און זיי זיינען געקומען, געזען און זיך איבערצייגט. אָבער ווי גרויס איז געווען די פאַרוואונדערונג פון דידאָזיקע ווייבער, אַז ס'האָט זיך פּלוצלונג אַ עפן געטאָן די טיר פון קוזניע און פון איר זיינען אַרויס קאָזליאַק, גרשון און חיים! אַז קאָזליאַק איז אַ טריפענער ביין, אַז גרשון און חיים זיינען „אפּקורסים" — דאָס האָבן זיי געוואוסט, אָבער אַז זיי האָבן אין דער שטיל עסקים מיט שדים — דאָס האָט זיי שוין קיינמאָל נישט געקאָנט איינפאַלן. די פאַקטן האָבן דאָך אָבער גערעדט פאַר זיך. פון דער אַנדערער זייט קאָן מען זיך לייכט פאָרשטעלן דעם שרעק פון אונזערע זייפנזידער, בעת זיי האָבן זיך באַגעגנט, אַרויסגייענדיק אַלס זיגער פון קוזניע — פּנים אל פּנים מיט אַ האַלב טוץ ווייבער. אַלע דריי האָבן אויסגענוצט די פינסטערניש און געמאַכט פיס. אָבער וואָס איז געווען ווייטער? קאָזליאַק האָט זיך אויסגעלאַכט פון דער גאַנצער מעשה, וואָס פאַר אַן עסק האָט ער בכלל מיט די קאַפּוליער יידן! מיט די יונגע לייט אָבער איז גאָרנישט פרייליך געווען. ווייזן זיך אין קלויז, אויפן גאַס אָדער אַפילו אויף די אויגן פון זייערע אייגענע אינדערהיים איז ממש געווען אוממעגלעך. און זיי האָבן באַשלאָסן צו מאַכן פּליטה, און האָבן עס טאַקע מקיים געווען און זיינען אַנטלאָפן נאָך אין מיטן דער נאַכט.

---

אַז איך בין אויפן צווייטן טאָג אינדערפרי געקומען אין קלויז דאַווענען, איז דאָרט געווען אַ שרעקלעכע מהומה. מ׳האָט לגמרי פאַרגעסן און דאַווענען און גרופּנווייז זיינען דער עולם באַלעבאַטים געשטאַנען, זיך געקריגט, געאַמפּערט, געמאַכט מיט די הענט. איינע, ווי די ווייבער די עדות־זאָגערינס פון דאָזיקן וואונדערבאַרן אינצידענט, האָבן פּשוט געזען אין דער־דאָזיקער נאַכט־אסיפה אַ יחוד, אַ באַהעפטונג מיטן רוח הטומאה. „קאזליאַק איז פּעגר אויף אַלץ"! האָבן זיי געטענהט. אָבער זיי זיינען געווען אין דער מינדערהייט. די איבעריקע האָבן אָפּגע־לייקנט די מעגלעכקייט פון אַזאַ קאָנטאַקט. אָבער צו וואָס־זשע האָבן זיי זיך באמת פאַרקליבן אין קוזניע נאָך האַלבע נאַכט און דערצו נאָך מוצאי־שבת קודש ? קאזליאַק פאַרזיכערט, אַז ער האָט זיי געלערנט קאָכן זייף. לאָמיר אָננעמען, אַז ס׳איז אמת. ווי פּאַסט עס אָבער פאַר אַזעלכע קלויזניקעס, און דערצו נאָך פאַר די זין פון רבי בער און מיישקע חיה־שרהס זיך צו פאַרנעמען מיט זייפנזידעריי ? דאָס איז אַן אמתער סקאַנדאַל !.. איינער דעם אַנדערן האָט פאָרגעוואָרפן, פאַרוואָס מ׳האָט דידאָזיקע אַפּיקורסים אַזוי לאַנג געהאַלטן אין קלויז. „איך האָב פּאָרויס געזאָגט, גע־וואָרנט, מ׳האָט מיר נישט געפאָלגט ! האָט געזאָגט לייבקע דער „קדוש" איך וואַש אָפּ די הענט, מיין געוויסן איז ריין !"
דער וכוח האָט אָנגענומען אַ גאַנץ אַנדער כאַראַקטער און טאַקע גאָר אַ שאַרפן, בעת אין דעם ענין האָט זיך אַריינגעמישט דער דיקער לייזער שמעלקעס. דאָס איז געווען אַ ייד, וואָס האָט גע־שטאַמט נישט פון יחוס און אַ קליינער למדן, דערפאַר איז ער אָבער געווען אַ רייכער באַלעבאָס, אַ שיינקער און אַ בעל־אַכסניה, פון וועלכן ס׳האָבן שטאַרק געהאַלטן די קאַפּוליער בירגער און די אַרומיקע פּויערים. זיינע באַזוכער האָבן אים שטאַרק ליב געהאַט און אָפּגעגעבן אים גרויס כבוד, ווי פאַר דער גוטער קוואַ־ליטעט פון זיין בראָנפן, אַזוי אויך פאַר זיין קלוגן „יידישן קאָפּ"! זיי פלעגן זיך תמיד ווענדן צו אים נאָך עצות און מיט

משפטים מכח פאַמיליע־אָנגעלעגנהייטן אָדער שכנישע מיספאַר־
שטענדנישן און האָבן אים געקרוינט מיטן נאָמען „דער באַטקע
סמעלק״. אַ דאַנק דעם האָט רבי לייזער שמעלקעס געהאַט וועגן
זיך זייער אַ הויכע מיינונג, און מבטל געמאַכט בתכלית הבטול
די לומדים און מיחסים פון קלויז. זיין גאַנצע לומדות איז באַ־
שטאַנען דערין, וואָס ער האָט אַריינגעקוקט אין ספר „חיי־אדם״
(אַ זאַמלונג פון ריטועלע און סינאַגאָגאַלע דינים, צונויפגעשטעלט
פאַר עמי־הארצים אין אַ לייכטער שפּראַך, אָן דיסקוסיעס, אָן
ציטאַטן און אָן איבערגעשפּיצטע באַווייזן). שטאָלצירן איז דאָ
נישט געווען מיט וואָס: אין קאַפּוליע האָבן כמעט אַלע שוסטער
און שניידער געלערנט דעם „חיי־אדם״, לייזער שמעלקעס האָט
זיך אָבער שטאַרק געגרויסט מיט זיין לומדות, דערביי האָט ער
געשטעלט די אויטאָריטעט פון „חיי־אדם״ העכער פון אַלע
קאָדעקסן, און בעת אין קלויז זיינען אין געוויסע שבתים פאָר־
געקומען וכוחים מכוח דעם, צי דאַרף מען זאָגן „צדקתך״ אָדער
נישט (ווייל ס׳עקזעסטירט וועגן דעם אַ מיינונגספאַרשידנהייט
צווישן די קאָדעפיקאַטערן (סיסטעמאַטיזאַטאָרן), האָט זיך לייזער
שמעלקעס, — שטיצנדיק זיך אויף זיין „חיי־אדם״ — אַנטקעגן
געשטעלט דער מיינונג פון די אָרטיקע לומדים, האָט געשריגן,
געקלאַפּט מיט די קולאַקעס אין שטענדער אַזוי לאַנג, ביז מ׳האָט
אים נאָכגעגעבן.

באַזונדערס האָט זיך געגעבן צו פילן־זיין גרויסקייט, עקשנות
און פאַרריסנקייט דעם קהלסמאַן רבי חיימקען, וועלכן לייזער
שמעלקעס האָט פיינט געהאַט תכלית שנאה אי אלס גבאי אי אַלס
„יחסן״ און בעיקר אַלס אייגנטימער פון אַ ערשטקלאַסיקן האָטעל,
וואוהין ס׳פלעגן פאַרפאָרן די פריצים און באַאַמטע! אין קהלס־
שטיבל אויף די אסיפות האָט לייזער שמעלקעס, אַלס דעמאַגאָג
און לידער פון דער אָפּאָזיציע, ממש פאַרביטערט רב׳ חיימקען
דעם לעבן מיט זיינע פּראָטעסטן און טענות. און לייזער שמעלקעס
האָט אויך אויסגענוצט דעם אומגליקלעכן צופאַל אין קוזניע זיך
נוקם צו זיין אין זיין שונא און, זיך ווענדנדיק צו רבי חיימקען,
האָט ער געשריען: „און דער קהל ביי אונז, צו וואָס עקזעסטירט

ער? פאַרוואָס האָט איר נישט, חשובער רבי חיימקע, דער ראש העיר — פאַרוואָס האָט איר נישט אָפּגעגעבן דידאָזיקע אַפּיקורסים פאַר זעלנער, אָנשטאָט די עניוותדיקע, גאָטספאָרכטיקע בחורים, וועלכע איר גיט אָפּ מיט אייערע הענט?

דידאָזיקע פראַגן האָבן געפונען אַן אָפּקלאַנג ביי אַלע מיטגלידער פון דער קהל־אָפּאָזיציע, וועלכע האָבן מיט שום אין מויל גע־שטיצט זייער לידער. רבי חיימקע, וועלכן מ׳האָט אַ נאָמען גע־געבן „דער גרויסער מקונן״, אָבער מיטן זעלבן רעכט האָט ער זוי מאָלטקע, פאַרדינט דעם נאָמען „גרויסער שווייגער״, האָט אויף אַזעלכע שאַרפע פאָרוואורפן געמוזט איבעררייסן זיין שווייגן. ער האָט געענטפערט, און ווי תמיד קורץ, אָבער שאַרף: „אַ, דערדאָזיקער „חיי־אדמניק״ האָט זיך שוין אָנגענומען פאַרן „צדקתך״! דאָס איז נישט געווען בלויז שאַרף, נאָר אויך זייער בייסנדיק: דער „חיי־אדמניק״, מיט אַנדערע ווערטער, דער מענטש, וועלכער קען נאָר דעם „חיי־אדם״, ד. ה. דער עם־הארץ נעמט זיך אָן פאַרן „צדקתך״, ד. ה. פאַר גערעכטיקייט,—דער עם־הארץ פאַרטיידיקט די גערעכ־יקייט! רבי חיימס אָנהייגער האָבן זיך שטאַרק צעלאַכט און דאָס איז געווען ווי בוימאייל אויפן פייער, און לייזער שמעלקעס חסידים האָבן אָנגעהויבן שטאַרק זידלען רבי חיימקען. ס׳האָבן זיך דערהערט אויסרופן: „מענטשנפרעסער״! „בלוטזויגער״! פאַר אונזערע בלוטיקע געלט פאָרט ער זיך ווי אַ פריץ קיין מינסק, שטעלט זיך אָפּ אין בעסטן האָטעל און עסט מעדני־מלך״! אַן אָפּגעריסענער אָרעמער שניידער, דערצו נאָך אַ כבד־פה, האָט זיך דורכגעשטופט דורכן גאַנצן עולם און מיט אויסגעגלאָצטע אויגן האָט ער אַרויסגעזאָגט פאָלגענדיקע שבועה: „איך זאָל אַזוי זוכה זיין צו הערן שופר של משיח, ווי א־י־ך האָב געזען, ווי חיימקע האָט געגעסן ל־ל־לאָקשן מיט צ־צ־צימעס אום דערוואָכן״! דידאָזיקע ווערטער האָבן אַרויסגערופן אַ שטאַרקן געלעכטער נישט נאָר ביי רבי חיימקעס פאַרטיי, נאָר אַפילו ביי דער אָפּאָזיציע און „אַלץ פאַר אונזער געלט״! האָט געשריגן דער שניידער אין איין קול. דער עולם האָט זיך נאָך שטאַרקער צעלאַכט, ווייל אַלע האָבן געוואוסט, אַז דערדאָזיקער אביון האָט

נישט בלויז קיין גראָשן נישט געצאָלט אין דער קהלשער קאַסע,
נאָר פלעגט אַליין באַקומען שטיצע אויף שבתים און ימים־טובים.

רבי חיימקע האָט אויסגענוצט דידאָזיקע פריילעכע שטימונג און,
וועגדנדיק זיך צו זיינע געגנער, האָט ער געזאָגט: „און וואָס ווילט
איר פון מיר האָבן, רבותי? אויב „באַטקאַ סמעלק“ וויל דוקא
אָפּגעבן פאַר אַ זעלנער דעם זון פון רבי בערן זכרונו לברכה,
טאָ זאָל ער אַרויסשיקן נאָך אים זיינע לאַפּיטוטן — ער האָט
זיי געגנוג! — זאָלן זיי אים כאַפּן און אָפּגעבן; איך, ווי איר
ווילט אייך, איך וועל רבי בערס זון פאַר קיין זעלנער נישט
אָפּגעבן!“
לייזער שמעלקעס איז אויפגעשפרונגען ווי אַן אָנגעצונדענער.
די ווערטער „באַטקאַ“ און „לאַפּיטוטן“ — דאָס מיינט ער דאָך
די פויערים אין לאַפּטשעס, וועלכע באַזוכן זיין קרעטשמע! און
לייזער שמעלקעס האָט, האַקנדיק מיט די קולאַקעס, מיטן שטעקל,
אויסגעשריגן: „מיינע לאַפּיטוטן זיינען בעסער פאַר דיינע פּריצים־
די האָלעדריגעס! בעסער פאַר דיינע שפּיאָנען, רוצחים און כאַ־
פּערס!“ אָבער אומזיסט! ער און זיין פּאַרטיי האָבן שוין געהאַט
אַ מפּלה, נאָך וועלכער זיי האָבן מער נישט געקאָנט אויפהויבן
די קעפּ — און אַלץ אַ דאַנק דעם כבד־פּה. און דוד יאָסל,
אויסנוצנדיק די קורצע שטילקייט, האָט אַ זאָג געטאָן די ערשטע
ווערטער פון תפילת־שחרית: „מה טובו אהליך יעקב משכנתיך
ישראל!“ „ווי גוט זיינען דיינע געצעלטן, יעקב! דיינע וואוינונ־
גען, ישראל“! אַלע האָבן זיך אַ כאַפּ געטאָן, אַז ס׳איז שוין באמת
צייט צו דאַוונען, זיינען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען אויף זייערע
ערטער און אָנגעהויבן נאָכזאָגן נאָך רבי יאָסלען.
אַ תפילה באַרואיקט די געמיטער פון די מענטשן. דערין האָב איך
זיך איבערצייגט אין יענעם אומגעוויינלעכן טאָג. נאָכן דאַוונען
האָבן די באַלעבאַטים, ווי ס׳וואָלט קיינמאָל קיין זאַך נישט גע־
שען, גאַנץ בהרחבהדיק זיך דורכגעשמועסט מכוח די אַקטועלע
פראַגן, וועגן די מקחים אויף גערשטן, זאַלץ און אַנדערע כראָ־
דוקטן און זיינען דערנאָך בשלום אַוועק אַהיים.

בנוגע דער מעשה אין קוזניע האָט מען נאָך אַ צווײ, דרײ טעג וואו נישט וואו מכוח דעם דערמאָנט, אָבער שוין לגמרי אין אַזאַרט, און דערנאָך לחלוטין פאַרגעסן. און ס'איז קיין וואונדער ישט: יעדערער פון די קאַפּוליער באַלעבאַטים האָט געהאַט גע־נוג אייגענע דאגות און האָט זיך נישט געקאָנט לאַנג עסקן מיט אַן ענין, וואָס אים פּערזענלעך האָטס ווייניק וואָס באַרירט.

אָבער דער שרעק האָט גרויסע אויגן. גרשון און חיים האָבן זיך גאַנצע דרײ יאָר געוואַלגערט אין דער פרעמד, מורא האָבנדיק זיך צו ווײזן פאַר די קאַפּוליער אויף די אויגן, אָפּזוגענענדיק זיך מיט טרערן אויף די אויגן. אין יענער קאַטאַסטראָפאַלער נאַכט האָבן זיך די חברים אַוועקגעלאָזט אין פאַרשידענע ריכטונגען: חיים קיין סלאָנים און גרשון קיין וואָלאָזשין, כדי אָנצוקומען דאָרט אין דער באַרימטער ישיבה. די גלות־צײט האָט יעדערער פון זײ דורכגעמאַכט אויף אַן אַנדער שטײגער. פאַרן לאָגישן און פאָרזיכטיקן חימן איז די צײט אַוועק גאַנץ גינסטיק. באַ־זעצנדיק זיך אין סלאָנימער קלויז, האָט ער זיך געלעבט מיטן געוויינלעכן לעבן פון די קלויזניקעס, — „געגעסן טעג", געלערנט תלמוד, נישט אַרויסזאָגנדיק פאַר קײנעם זײנע אַנשויאונגען. לגמרי דער היפך איז געשען מיט גרשונען. ער האָט נישט גע־קאָנט ליידן קיין צביעות, ער האָט נישט געקאָנט נישט באַ־אָבאַכטן, נישט דײנקען און נאָך ווייניקער - נישט טײלן זיך מיט זײנע באָאָבאַכטונגען און געדאַנקען מיט אַנדערע. און אַרײנגעפאַלן איז ער בונו לבינו נישט אין עפּעס אַ קלויז, וואו די תלמודים האָבן נישט איבער זיך קיין שום השגחה, נאָר אין דער וואָלאָזשינער ישיבה מיט איר פעסטגעשטעלטן רעזשים און דער שטרײנגסטער דיסציפּלין. אין דער ישיבה האָבן זיך געפונען אַן ערך 300 בחורים, וועלכע האָבן זיך דאָ צע־נויפגעקליבן פון פאַרשידענע שטעט אין ליטע, פוילן, זשמוד און קורלאַנד, כדי זיך צו פאַרפולקומען אין וויסנשאַפט אונטער דער לייטונג פון רבי יצחקן, דעם גרעסטן תלמודישן אויטאָרי־טעט פון יענער צײט.

די אָרעמע תּלמודים האָבן באַקומען שטיצע פון די סומען, וועלכע מ׳פֿלעגט יעדן יאָר אויפצוזאַמלען אין די לענדער פון דער גאַנצער וועלט אויף אויסצוהאַלטן דידאָזיקע ישיבה. און קיין געלט אומזיסט גיט מען נישט. פון די, וועלכע פֿלעגן באַקומען שטיצע, האָט מען געפאָדערט אַ באַזונדערע התמדה, פֿלייס און אַ פולשטענדיקע הכנעה. דאָס אויג פון שטריינגן משגיח האָט נישט דורכגעלאָזן די קלענסטע קליינינקייט, זיינע מיטהעלפער זיינען געווען פון צווישן די שטודירנדיקע גופא.

גרשון פֿלעגט באַקומען אַ סובסידיע פון $1_{1/2}$ רובל אַ חודש. מיט דערדאָזיקער סומע האָט ער קוים געקאָנט שטילן זיין הונגער, אָבער נישט דערפון האָט ער געליטן, ער האָט זיך ממש געוואָרגן אין דער שטיקנדיקער אַטמאָספער פון טרוקענעם תּלמודיזם, פון דער פּאָליציייאישער אויפזיכט און באַרויבן דאָס פרייע וואָרט. פאַרלירנדיק דעם לשון, האָט זיך גרשון גענומען צו דער פעדער און ביי זיך אין דירה פֿלעגט ער זיצן גאַנצע נעכט און אויסגיסן אויפן פּאַפּיר זיינע געדאַנקען און געפילן, וועלכע האָבן אים נישט געלאָזן רוען. ער פֿלעגט שילדערן די פיגורן פון זיינע נייע באַקאַנטע און אין דערדאָזיקער בילדער־גאַלעריע האָט דער פאַרהאַסטער משגיח פאַרנומען דעם אויבנאָן.

פּראָבירנדיק צום ערשטן מאָל זיינע קרעפטן איבערצוגעבן שריפטלעך זיינע געדאַנקען, איז גרשון אַליין געוואָרן אַזוי איבערראַשט מיט דער שיינקייט פון זיין סטיל און דער בולטקייט פון די געשילדערטע פיגורן, אַז ער האָט נישט געקאָנט ביישטיין דעם נסיון נישט צו ווייזן וועמען ס׳איז פון זיינע ישיבה־חברים דידאָזיקע שריפטן — און ס׳פאַרשטייט זיך, אַז ער איז נכשל געוואָרן. אין מיטן דער נאַכט האָט מען ביי אים געמאַכט אַ שטריינגע רעוויזיע און אים האַרט באַשטראָפט: ער האָט תיכף געמוזט פאַרלאָזן וואָלאָזשין.

פון וואָלאָזשין איז גרשון אַוועק קיין קאַרלין, וואו ס׳האָט געוואוינט זיין עלטערער ברודער, שפּעטער דער קאַרע־ליצער רב. דער ברודער האָט אים פאַרזאָרגט מיט „טעג״

און איינגעאָרדנט אין אָרטיקן קלויז. גרשון האָט פריי אָפּגעאָטעמט. ווייטער האָט ער זיך דערפילט ווי אַ פיש אין וואַסער, אין זיין געוויינלעכער ספערע. דערצו האָט ער זיך דאָרט באַלד דערוואָרבן אַ חבר און אַ לערער אין דער פערזאָן פון אַן אָרטיקן יונגן מענטשן, מ. א. שאצקעס, דעם שפּעטער-דיקן מחבר פון „המפתח", וועלכער האָט זיינער צייט געמאַכט אַ גרויסן טומל און איז עפנטלעך — אופן באַפעל פון דעם פאַנאַטישן מגיד רבי נחומקע — פאַרברענט געוואָרן אויפן גראָדנער שולהויף. שאַצקעס האָט געהאַט שוואַכערע פעאיקייטן פון גרשונען אין זין פון פילאָזאָפישן דיינקען, דערפאַר איז ער אָבער געווען אַ גרעסערער בקי אין תלמוד, איבערהויפּט אין הגדה, וואו צוזאַמען מיט די שיינע מאָראַלישע סענטענצן און די קאָסטבאַרע היסטאָרישע ידיעות, געפינען זיך אָפטמאָל אויך אומפאַרשטענדלעכע מעשיות, משונהדיקע היפערבאָלעס און אַזעלכע וואונדערבאַרע מיינונגען מכח דער אַרומיקער וועלט, וועלכע שטייען לחלוטין אין געגנזאַץ מיט דער רעאַלער ווירק-לעכקייט. צו אַן ערנסטער קריטיק איבער דער הגדה איז שאַצקעס נישט דערוואַקסן. צו דעם האָבן אים געפעלט פּאָזיטיווע ידיעות, איבערהויפּט דאָס וויסן פון געשיכטע בכלל און די גע-שיכטע פון די סעמיטישע פעלקער בפרט. ס'האָבן אים געפעלט די קענטעניש פון די סעמיטישע שפּראַכן, און די שפּראַכן פון די רוימער און גריכן און זייער מיטאָלאָגיעס ס'האָט אים אויך געפעלט די וויסנשאַפטלעכע מעטאָדע אויף דורכצעאַרבעטן די-דאָזיקע אוראַלטע דיינקער.

ווי אַ סך קריטיקער און קאָמענטאַטאָרן פון יענער צייט, האָט אויך שאַצקעס נישט פאַרשטאַנען, אַז יעדער ליטעראַרישער ווערק, מוז באַטראַכט ווערן אַלס פּראָדוקט פון זיין צייט, אין צוזאַמענהאַנג מיט די באַגריפן, וועלכע האָבן דאַן געהערשט און מיטן צושטאַנד פון דער דעמאָלטיקער וויסנשאַפט, און אַז מ'טאָר נישט, למשל, באַשולדיקן דעם מחבר פון 5-טן יאָרהונ-דערט אין דעם, וואָס ער האָט נישט געוואוסט, אַז די ערד איז קיילעכיק, האָט קיין אַנונג נישט געהאַט מכוחן צוציאונגס-

געזעץ, אָדער אַז די ערד באַוועגט זיך אַרום דער זון א. אַז. וו. אָפּשטעלנדיק זיך אויף געוויסע ערטער פון דער הגדה, ווייזט שאַצקעס אָן זייער שאַרף אויף זייער נישט־לאָגישקייט, אויף זייער געגנזאַץ צו די פיזישע געזעצן אין דעם געזונטן פאַרשטאַנד, און כדי צו רעאַביליטירן זייערע מחברים, גיט ער צו דידאָזיקע ערטער גאָר אַן אַנדער כאַראַקטער, אַן אלעגאַרישן, און מאַטערט זיך מיט אַלע כוחות זיי אויפצוקלערן אויפן גרונט פון נייע אַנטדעקונגען און שפּאַרט אַריין מיט געוואַלד אין זייערע ראַמען הויכע פילאָזאָפישע אידייען און אַפילו וואָלטערס געדאַנקען. קיין ווּיסנשאַפטלעכע באַדייטונג האָט שאַצקעסעס ווערק דעריבער לגמרי נישט. ער האָט אָבער אַרויסגערופן אַ פייערלעכן ביִיפאַל ביי די משכילים אין די 60־ער יאָרן פון איין זייט, און אַ ווילדן פּראָטעסט ביי די אָרטאָדאָקסן פון דער אַנדערער זייט. צוליב דעם וואָס די שאלות, וועלכע ער האָט געשטעלט די בעלי־הגדה זיינען געווען קלאָר, שטאַרק און גיפטיק, און די תשובות שוואַך, געמאַטערט. זייער אָנגעשטרענגטקייט איז געווען בולט פאַר יעדערן, אַזוי אז ביים לעזער אין קאָפּ זיינען טאַקע געבליבן בלויז דידאָזיקע שאלות אין זייער גאַנצער גרויס. אויסערדעם זיינען די אָרטאָדאָקסן געווען באַליידיקט פון זיין טבע אַריינצולייגן זיינע אַפּיקורסישע אָנזיכטן אין מויל פון תלמודיסטן, כדי דערמיט צו פאַרדעקן די אַפּיקורסות מיטן אויטאָריטעט פון די חכמי־התלמוד. ווי די מעשה זאָל נישט זיין, די באַקאַנטשאַפט מיט שאַצקעסן האָט גרשונען געגעבן נייעם מאַטעריאַל, האָט פאַר אים געעפנט נייע האָריזאָנטן. געמיינזאַמעס מיט גרשונען איז אויך געווען ביי שאַצקעסן זיין קריטישע באַציאונג צום גאַנצן סדר פון געזעלשאַפטלעכן לעבן פון די ליטווישע יידן, וואָס ער האָט מיט דער גאַנצער קראַפט אַרויסגעזאָגט אין די 70־ער יאָרן אין זיין יידישן הומאָריסטישן ווערק „דער יידישער ערב־פּסח“.

די אָפטע פריינטלעכע שמועסן פון שאַצקעסן און גרשונען, זייערע פרייע אַנזיכטן און סאַרקאַזמען האָבן באַלד אַרויסגערופן אַן אומצופרידנקייט ביי די באַלעבאַטים פון קאַרלינער קלויז; מיטן

ערשטן, אַלס מיט אַן אָרטיקן תּושב און דערבײַ אַ געגוג פֿאַר־זאָרגטן אין מאַטעריעלן זין, האָט מען געאָרנישט געקאָנט מאַכן; גרשון אָבער האָט געמוזט פֿאַרלאָזן זײַן נײַע היים און איבער־וואַנדערן אין אַן אַנדער שטאָט. אַזוי האָט ער געוואַנדערט אין אַ משך פֿון עטלעכע יאָר פֿון שטאָט צו שטאָט, פֿון איין קלויז אין אַנדערן — און אומעטום מיטן זעלבן רעזולטאַט. נאָר דידאָ־זיקע אַלע ענוים און וואָגלענישן זיך, האָבן אים אויף אַ האָר נישט אויסגעבעסערט, און די ברידער האָבן באַשלאָסן אים וואָס גיכער התונה צו מאַכן. די ווײַב, האָבן זיי געזאָגט, וועט בײַ אים אָפּנעמען דעם פֿײַער, אָפּשלאָגן דעם חשק פֿון חוזק מאַכן און פֿילאָזאָפֿירן, וועט אים צווינגען צו ווערן געזעצט, בכלל צו ווערן „אַ מענטש“.

---

XI

## נײַע אײַנדרוקן. שדכנים. דער לערער דער בעל־פּלפּול.

אויף מיר, צו יענער צײַט אַ צוועפֿיאָריקער יינגל, האָט דער אָנהויב פֿון דער השכּלה־באַוועגונג אין קאַפּוליע נישט געהאַט קיין שום השפּעה. אײנס האָב איך נישט גאַנץ קלאָר פֿאַרשטאַנען, אַז נישט אַלץ איז אַזוי גלאַטיק, אַזוי פּשוט, אַז ס'זײַנען פֿאַראַן פֿאַרשידענע אַנזיכטן, פֿאַרשידענע מיינונגען מכּוח דעם וואָס ס'געשיט און וואָס מ'פּראָפּאַגאַנדירט און דער אַרומיקער סביבה.

און מײַן למוד איז זיך בּינו לבינו געגאַנגען אויפֿן געוויינלעכן שטייגער. פֿון די אויבנדערמאָנטע גמרא־מלמדים בין איך כּסדר איבערגעגאַנגען צו רביים פֿון אַ העכערער מדרגה.

יענע האָבן זיך שוין נישט באַנוגנט בלויז מיטן דערקלערן דעם תּלמודישן טעקסט, זיי האָבן זיך טאַקע באַמיט צו שאַרפן מיין שכל דורך די שאַרפזיניקע מפרשים צום „תּלמוד און תּוספות" און דער ראפינירטן „מהרש"א" (די ראשי-תּיבות פון באַרימטן אָסטראָגער רב רבי שמואל איידלס). ס'פלעגט טרעפן, אַז מיר האָבן שוין גוט דורכגעאַרבעט דעם טעקסט מיט דער הילף פון „רש"י" און „תּוספות", אַז די פראַגע, וועלכע האָט באַשעפטיקט די גרויסע מוחות און האָט געדינט אין משך פון לאַנגע יאָרן אַלס געגנשטאַנד פון הייסע דיסקוסיעס צווישן די חכמי-ירושלים און חכמי בבל, אַז דידאָזיקע פראַגע האָבן מיר סוף-כּל-סוף ווי ס'איז געלייזט און די גאַנצע טעמע איז פאַר מיר קלאָר. אָבער אָט קומט דער רבי און ווייזט אָן אויפן מהרש"א. און אָט דער-דאָזיקער מהרש"א שטעלט אַ קשיה, אַ ראַפינירטע, אַ טיפע, מ'מוז שטאַרק אָנשטריינגען דעם מוח און דעם שכל איר צו פאַרשטיין, און פאַרשטייענדיק דערזען, אַז דידאָזיקע קשיה דערהרגעט ממש, איז אַן „אייזערנע", ווי מ'פלעגט זיך אויסדרוקן אויפן חדרשן לשון, וואָס מיט איין קלאַפּ ברעכט זי איין דעם גאַנצן בנין מיט אַלע זיינע נעבן-בנינים. דער רבי פאָדערט אַ תּשובה אויף דערדאָזיקער קשיה, און דאָס איז שרעקלעך שווער, כּמעט אוממעגלעך. פון דערדאָזיקער פיינלעכער לאַגע פירט אונז געוויינלעך אַרויס דער מהרש"א גופא, און זיין תּשובה איז אַזאַ געשיקטע, אַזאַ קונציק שאַרפזיניקע און אַזוי איבער צייגלעך ווי די קשיה אַליין. און איך שפיר דעמאָלט צום מהרש"א די זעלבע דאַנקבאַרקייט, וועלכע איך האָב שפּעטער, שטודירנדיק מאַטעמאַטיק, געשפּירט צום מחבר פון אויפגאַבן-בוך, בעת איך פלעג זיך אָפּמאַטערנדיק איבער אַ שווערער אויפגאַבע, געפינען אין חלק פון די תּשובות די מעטאָדע ווי איר צו לייזן. אָבער אָפטמאָל פלעגט דער מהרש"א קיין תּשובה נישט געבן און אַוועק-שטעלנדיק די שווערע שאלה, האָט ער בלויז לאַקאָניש צוגע-געבן: „ויש לישב" — „מ'קאָן עס אָבער דערקלערן". מ'קאָן! ס'איז לייכט צו זאָגן! און דער רבי זיצט זיך און זאָגט: „אויב דער מהרש"א זאָגט, אַז מ'קאָן געפינען אַ דערקלערונג, קאָן מען;

און אַז מ׳קאָן, מוז מען. מ׳דאַרף נאָר אַרבעטן מיטן מוח!״ און אַ צייט לאַנג האָט מען געמוזט אַרבעטן מיטן מוח, ביז מ׳איז ענדלעך געפאַלן אויף דער ריכטיקער תשובה; ווי גוט האָב איך זיך אָבער געפילט דערנאָך, אַז איך פלעג טרעפן די תשובה! אָפט איז געווען, אַז דער מהרש״א, שטעלנדיק אַ קשיה, האָט צוגע־געבן: „ויש לישב בדוחק״ — מ׳קאָן עס דערקלערן כאָטש שווערלעך״. דעמאָלט האָט מען געהאַט אַ טאָפּעלע אַרבעט: געפינען די תשובה, און שפּעטער אָנווייזן אין וואָס ס׳באַשטייט די נישט גאַנצקייט פון איר.

יאָ, דאָס זיינען געווען ליידן, אָבער ליידן זיסע!

אַז איך בין געוואָרן בר־מצוה, בין איך תיכף געוואָרן אויס־קינד. ביז יענער צייט איז די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר מיינע חטאים געלעגן אויף מיינע עלטערן; פון איצט אָן אָבער, ווי נאָר איך האָב אָנגעהויבן לייגן תפילין, בין איך שוין אַליין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר גאָט מיט מיינע מעשים. גלייכצייטיק פאַררעכנט מען מיך שוין אויך אין צעטל פון די חתנים. די שדכנים האָבן אָפּגעקלאַפּט די שוועלן, פאָרשלאָגנדיק יעדן טאָג נייע כלות. די שדכנים זיינען געווען פאַרשידענע: אָרטיקע און לאַנד־שדכנים. דער ערשטער מין איז אין יעדן שטעטל געווען זייער אַ סך. יעדער דיין, מלמד, קרעמער א. אז. וו. פלעגט זיך כּלאחר יד, פאַרנעמען מיט שדכנות. עמעצן פלעגט פּשוט איינ־פאַלן אַ געדאַנק, אַז דעם קאָן מען שדכנען מיט יענער, — און ער האָט זיך אַ נעם געטאָן צו דער אַרבעט. ווערט מען אָפּוואַרפן זיין פאָרשלאַג — איז אויך קיין אומגליק נישט: ער האָט דער־צו נישט צוגעלייגט, דערפאַר אָבער, אַז ס׳וועט געלינגען דעם ענין דורכצעפירן, וועט זיין ריוח (דער שדכן האָט באַקומען אַ געוויסן פּראָצענט פון נדן). דאָס זיינען געווען מענטשן צופע־ליקע, דילעטאַנטן. גאָר פון אַן אַנדער מין זיינען געווען די לאַנד־שדכנים: זיי זיינען געווען ספּעציאַליסטן אין זייער פאַך, אַן אַרט קינסטלער. אַרומפאָרנדיק איבער די שטעט און שטעט־לעך, האָבן זיי באַזוכט די אָנגעזעענסטע באַלעבאַטים — מיט קיין אָרעמע לייט האָט זיי נישט געלוינט זיך צו עסקן — גע־

פירט אַ סטאַטיסטיק פון אַלע חתנים און כלות, וואָס שטייען „אויפן שטאַל" (ווי מ'פלעגט זיך דעמאָלט אויסדריקן) מיט זייערע יאָרן, מעלות און חסרונות, די אָפּשטאַמונג פון די עלטערן און זייער מאַטעריעלן מצב, דעם סכום נדן, די צאָל יאָרן, „קעסט" א. אז. וו. ביז צו די קלענסטע פרטים. מיט אַזאַ לאַנד־שדכן האָבן זיך גערעכנט אויך די גבירים: ער האָט געקאָנט ברייננען נוצן און מער נאָך שאָדן. אין פאַל, אַז ס'פלעגט געשלאָסן ווערן אַ שידוך אָן זיין פאַרמיטלונג, האָט ער, ווייסנדיק די שוואַכע זייטן פון יעדער משפחה, לייכט געקאָנט קאַליע מאַכן דעם שידוך נאָך פאַר דער חתונה.

דעריבער האָט מען טאַקי אַרום אים אַרומגעטאַנצט, געגעבן כבוד און געלט אויף הוצאות הדרך און אויף פּאָסט־מאַרקן. און ער האָט אָפּגעשאַצט זיין ווערט. אַריינקומענדיק אין שטוב פון גרעסטן גביר, האָט ער זיך געהאַלטן שטאָלץ, מיט זעלבסטווירדע. אזיסצייכנענדיק זיך געווייגלעך מיט זיין רעדנער־קראַפט, פלעגט ער שילדערן דעם חתן, אָדער דער כלה און זייערע משפחות, נישט שפּאָרנדיק קיין פאַרבן. פאַר קיין ריינעם אמת האָט מען ווינע ווערטער נישט געהאַלטן, אָבער צו זיינע גוזמאות האָט מען זיך באַצויגן גלייכגילטיק, נישט באַשולדיקט אים. מ'האָט געוואוסט, אַז דאָס איז איינע פון די נויטווענדיקסטע באַדינגונגען פון זיין פּראָפעסיע. פון שדכן דאַרף מען זיך נאָר דערוויסן די אַלגעמיינע קאָנטורן פון ענין, דאָס איבעריקע וועט שוין דער גביר אַליין דערגיין. איידער ער וועט אָנהויבן אונטערהאַנדלען, וועט ער פריער אַרויסשיקן אין שטאָט, וואו ס'וואוינט דער מחותן זיינע פאַרטרויאונגס־מענער אָדער אַליין אַהין אינקאָגניטאָ אַראָפּ־פאָרן, זיך דערוויסן וואָס אונטערן מינדסטן נאָגל איז פאַרבאָרגן ער מוז וויסן אַלץ, נישט בלויז דעם איצטיקן מצב פון דערדאָזיקער משפחה, נאָר אויך איר עבר, ביזן דריטן, פערטן דור, לויט דער שטייגנדיקער ליניע, ביז צו די אבות אַבותנו, צי איז נישט געווען אַ מאָל אַ פּסול אין דער משפחה, א חולה אויף אַן אָנשטעקנדיקער קריינק, וואָס גיט זיך איבער בירושה א. אַז. וו.

דער שדכן באַליידיקט זיך נישט אויף קיין געַנויע, גרינדלעכע

שאלות, אָבער אַז דער גביר איז אַ צו גרויסער איבערקלויבער, און בלאָזט זיך צו שטאַרק, קאָן ער אים אָפּקלאַפּן גלייך אויפן אָרט און אים דערמאָנען, אַז זיין שני בשני אָדער שני בשלישי — איז אַ משומד אָדער אַ מסור, אָדער אַז זיין עלטער־באָבע איז געשטאָרבן פון שווינדזוכט, אַז זיין זיידע האָט גע־ליטן אויף משוגעת א. אַז. וו. דער גביר בריהט זיך, פּראָבירט עס אָפּלייקענען, אָבער סוף־כל־סוף הויבט ער אָן ריידן מיט אַ טאָן נידעריקער און ווערט ווייכער.

דערזענדיק דעם ערשטן שדכן ביי זיך אין שטוב, איז מיין מאַ־מע געוואָרן זייער שטאָלץ און מלאת־שמחה. ער האָט, ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, געקענט אַלע מיינע מעלות און האָט געבראַכט אויף אויסצוקלויבן אַן ערך פון אַ צענדליק שדוכים, איינער בע־סער פון אַנדערן, איינער אָנציענדיקער פון צווייטן. די מאַמע האָט ביי אים גענומען די אַדרעסן, אָנגעהויבן אַ קאָרעספּאָנדענץ, זיך פאַנאַנדערפרעגנדיק ביי באַקאַנטע מכוח די פּאָרגעשלאָגענע שדוכים און האָט געשטורמט דעם טאַטן מיט אירע בריוו צו קומען וואָס גיכער אַהיים, כדי צו לעזן די פראַגע וועגן אויס־קלויבן פאַר מיר אַ כלה.

בינו לבינו האָט זי געפּאָדערט פון אים אַ גרעסערע סומע געלט אויף אַ ניי, גרעסער הויז, כדי נישט מבויש צו ווערן אין פאַל, אַז ס'וועט אָנקומען אַ מחותן. און דער טאַטע האָט געשיקט געלט, און מ'האָט געקויפט אַ הויז און אַזעלכע מעבל, וואָס קאַפּוליע האָט עס קיינמאָל אין די אויגן נישט געזען, אָבער אויסקלויבן אַ כלה האָט זיך דער פאָטער אָפּגעזאָגט, ווייל ער האָט עס גע־האַלטן פאַר פריצייטיק.

דאָס האָט דער מאַמען שטאַרק באַאומרויִקט און, ווענדנדיק זיך צו מיר, פלעגט זי מיך אָפט פרעגן: „וואָס קלערט זיך עפּעס דער טאַטע? אפשר גאָר וואַרטן ביז וואַנען ביי דיר וועלן אויסוואַקסן וואָנסן“?! דאָס איז געווען איינע פון די וויכטיקסטע פראַגן: באַקומענדיק וואָנסן, האָט דער חתן פאַרלאָרן די העלפט פון זיין

ווערט. מיר אָבער האָט אייגנטלעך דידאָזיקע פראַגע ווייניק וואָס אינטערעסירט. באַאומרואיקט האָבן מיך דעמאָלט לחלוטין אַנדערע פיל ערנסטערע פראַגן.

---

אין קעסטל, וואָס דער פאָטער האָט איבערגעלאָזט בעת זיין לעצטן באַזוך, האָב איך געפונען ספרים, וועלכע האָבן מיך ממש פאַרוואונדערט מיט זייער אויסערלעכקייט: אַלע זיינען געווען פון אַ קליינעם פאָרמאַט, ס'רוב אַן אַכטל בויגן, די זייטן זיינען געווען נומערירט נישט מיט קיין יידישע אותיות, נאָר מיט אַראַבישע אָדער רוימישע ציפער, און פול מיט סמנים, וואָס איך האָב אַזעלכע קיינמאָל נישט געזען אין דער יידישער ליטעראַטור. בכלל האָט זיך פון זיי געטראָגן עפעס אַ מין נייער גייסט. די מאַמע האָט מיר געזאָגט, אַז דידאָזיקע ביכער האָט דער פאָטער נישט אַריינגעלייגט אין ביכער־שראַנק, ווייל אין קאַפּוליע קענען זיי אויסזען פאַרדעכטיק, אָבער לויט זיין מיינונג וועלן זיי פאַר מיר מיט דער צייט זיין נוצלעך, בעת איך וועל זיך פאַרפולקומען אין ידיעת־התלמוד. דאָס האָט נאָך געשטאַרקט מיין נייגיר און איך האָב מיך צוגעאיילט מיט זיי זיך צו באַקאָנען. דאָס זיינען געווען גאַנצע קאָמפּלעקטן זאַמלביכער: „המאסף", „בקורי־העתים", „כרם־חמד" און „פרחי־צפון", „תעודה בישראל" פון י. ב. לעווינזאָן, די ווערק פון מ. א. גינצבורג: „גלות ארץ החדשה", „די אַנטדעקונג פון אַמעריקע", „הצרפרנים ברוסיה" „די פראַנצויזן אין רוסלאַנד", די פראַנצויזישע רעוואָלוציע" („פי החירות"), אַ זאַמלונג איבערזעצונגען („דביר") א. א., א. ב. לעבענסאָנס שירים, קלמן שולמאַנס ווערק א. אַז. וו.

מיין נייע ביבליאָטעק, וועלכע איז ס'רוב בכלל באַשטאַנען פון דער נײ־העברייאישער ליטעראַטור פון מענדעלסאָנס צייט, איז,

אמת, נישט געווען צוגעפאַסט פאַר קינדער אין מיינע יאָרן, אָבער אַ דאַנק מיינע ידיעות פון תנ"ך אין דער רבנישער ליטע־ראַטור, איז זי פאַר מיר געווען צוטריטלעך. ס'איז געווען אַ מישמאַש פון פאַרשידענע מינים ליטעראַטור, וואָס האָט נישט קיין שום סיסטעמאַטישע, גאַנצע, פאַרענדיקטע ידיעות. אין די זאַמלביכער האָבן צוזאַמען מיט די שירים פיגורירט אויך אַרטיק־לען מכוח פיזישע דערשיינונגען; הומאָריסטישע דערציילונגען, פון טאַלאַנטפולן ערטער–פאַראַלעל מיט באורים פון שווערע ער־טער אין תנ"ך אָדער הגדה.

אַלע ספרים זיינען געווען פון עפּעס אַ מין צופעליקער אָפּ־שטאַמונג; די מחברים פון יענער עפּאָכע האָבן נישט געהאַט קיין שום פלאַנמעסיקייט. יעדערער האָט געגעבן, וואָס ער האָט געקאָנט, איבערזעצט אַלץ, וואָס ס'איז אים אַריינגעפאַלן אין האַנטן אַזוי אַז ס'איז אויסגעקומען צו לייענען מכוח דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע אָדער דעם קריג אין יאָר 1812, נישט האָבנדיק קיין באַגריף וועגן אַלגעמיינער געשיכטע און געאָגראַפיע, לייענען וועגן אַסטראָנאָמיע און קיין שום גרונד־ידיעות פון מאַטעמאַטיק א. אַז. וו. און דאָך האָבן דידאַקטישע ביכער צוזאַמענגענומען געהאַט אַ שטאַרקע השפעה. מער נאָך, ביי זייער גאַנצער צע־שפּליטערונג האָט זיך עפּעס דאָך געשפּירט צווישן זיי אַ מין קרובהשאַפט, אַן איינגער צוזאַמענבונד און אַ געמיינזאַם אָנער־קענטער ציל. אונז, יינגע לעזער, האָט באַצויבערט אין זיי דער נייער אינהאַלט, די שיינע פאָרם, די ריינע שפּראַך, די איינפאַכע שילדערונג, די פילפאַכיקייט פון די באַרירטע פראַגן און די מעטאָדע ווי זיי ווערן טראַקטירט.

פון ענדלאָזן, מאָנאָטאָנעם תלמודישן מדבר האָבן מיר זיך פלוצלונג אַריבערגעטראָגן אין אַ וואונדערבאַרן גאָרטן, פול מיט פרישע, שיינע, פאַרשידנאַרטיקע און פולפאַרביקע געוויקסן. פון דער איינגער, פאַרשטיקטער קלויז־אַטמאָספער האָט זיך אונז געעפנט אַן אויסזיכט אויף גאָטס ברייטע וועלט. דער געפיל, וועלכן די טרוקענע קאַזואיסטיק האָט לגמרי אַטראָפירט, האָט פלוצלונג אויפגעלעבט, די פּאָעזיע, וואָס איז געווען לאַנג פאַר־

וואָרפן און פאַרגעסן, האָט ווידער באַקומען אירע רעכט. די נייע ביכער האָב איך געלעזן איינעם נאָכן אַנדערן, אָפּגעזעסן איבער זיי גאַנצע נעכט; די אַרטיקלען, וועלכע זיינען מיר באַזונדערס געפעלן, פלעג איך איבערלעזן און איבערשרייבן עטלעכע מאָל, די שירים האָב איך געלערנט אויסנווייניק. און זייער שטאַרק האָט זיך מיר געוואָלט מיט עמעצן טיילן מיינע נייע גע־דאַנקען און געפילן, וועלכע האָבן מיך נישט געלאָזן רוען. ווי שטאַרק האָב איך באַדויערט, וואָס גרשון און חיים זיינען איצט נישט אין קאַפּוליע! אָ, זיי וואָלטן ווי געהעריק אָפּגעשאַצט דעם ווערט פון דידאָזיקע ביכער!

מיין פאָטער, באַקומענדיק פון מיר אַ פייערלעכן בריוו מכח די ספרים, וועלכע ער האָט אובערגעלאָזן, האָט מיר באַלד צוגע־שיקט אַ גאַנצן זאַץ פון אַ נייער ביבל־אויפלאַגע אין אַ סך בענדער. אין דערדאָזיקער אויפלאַגע האָבן מיך שטאַרק פאַר־אינטערעסירט, — חוץ די קאָמענטאַרן, וועלכע איגנאָרירן אַלע קבלה־און הגדה־באורים און זוכן דעם ריכטיקן זין פון דער ביבל אויפן גרונט פון אויסגעפּירטע אַרבעטן דורך די בעסטע יידישע און קריסטלעכע עקזעגעטן (ביבל־פאָרשער) און פילאָ־לאָגן — אויך „די הקדמות" צו יעדן ספר פון דער תורה. די מחברים פון דידאָזיקע „הקדמות" האָבן זיך באַצויגן קריטיש צו אַלע ספרים, איבער וועלכע זיי האָבן געאורטיילט, האָבן זיך באַמיט פעסטצושטעלן ווען און דורך וועמען איז דערדאָזיקער ספר צוזאַמענגעשטעלט, האָבן אָנגעוויזן אויף די אינדיווידועלע אייגנשאַפטן און באַזונדערע פעאיקייטן פון זייערע מחברים, אויפן אונטערשייד פון סגנון און אַנשויאונג, אַפילו אויף די גראַמאַטישע פעלער, ווי ס'וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן פשוטע ליטעראַריש־פּאָעטישע אָדער היסטאָרישע ווערק.

דאָס אַלץ איז געמאַכט געוואָרן מיט אַן אויסרייד: דידאָזיקע ספרים זיינען פון געטלעכער אָפּשטאַמונג, זיינען אָנגעשריבן דורך דער אינטואיציע פון רוח־הקדש און אַנטהאַלטן אין זיך פאַרבאָרגענע אידייען; אָבער קוים האָבן זיך דידאָזיקע אידייען פאַרקערפּערט אין מענטשלעכן וואָרט און זיינען דורך פאַרשי־

דענע נביאים פאַרשידנאַרטיק אויסגעדריקט, האָבן מיר דאָס רעכט און די פליכט צו שטודירן דאָסדאָזיקע וואָרט, דידאָזיקע מאַטעריעלע הילע — פון געטלעכן געדאַנק און זיינע פאַרשידענע פאָרמען, איבערלאָזנדיק דאָס אַריינדרינגען אין זיינע סודי־סודות פאַר די העכערע געלערנטע. מ׳קאָן נישט זאָגן, אַז דערדאָזיקער אויסרייד האָט מיך לגמרי באַרואיקט, אָבער פאָרמעל באַשול־דיקן דידאָזיקע מחברים אין אפיקורסות איז געווען אוממעגלעך.

און נישט נאָר פאָרמעל. דער געמיינזאַמער לאָזונג פון די מחברים אין יענער עפּאָכע איז געווען: „תורה וחכמה". תורה און חכמה דאָס זיינען צוויי לייבלעכע שוועסטער, וועלכע מוזן תמיד גיין האַנט ביי האַנט; תורה און חכמה, אָדער אמונה און פאַרשטאַנד, מוזן תמיד זיין צווישן זיך איינשטימיק, און זיי קאָנען אויך נישט ווידערשפּרעכן איינער דעם צווייטן, ווייל ביידע שווימען זיי אַרויס פון איין קוואַל — פון דער געטלעכקייט. תורה און חכמה ווידערשפּרעכן נישט, נאָר דערגענצן איינע די אַנדערע. תורה אָן וועלטלעכע וויסנשאַפטן איז אומבאַגרייפלעך, אמונה אָן שכל גייט אָפּט איבער אין אַבערגלויבן און ווילד־קייט, וואָס איז כמעט ווי געצנדינעריי; דער שכל אַליין אָבער אָן גלויבן, אָן יראת־שמים איז נישט גענינגלעך! נישט תמיד און נישט אומעטום קאָן ער אונז באַשיצן פון די תאוות, וועלכע פאַר־פאָלגן אונז כסדר.

די שטרעבונגען פון דער „השכלה" (אַזוי האָט געהייסן פון מענדעלסאָנען אָן די נייע קולטורבאַוועגונג אין דער ליטעראַטור און אין לעבן) זיינען בכן גאַנץ געזעצלעכע און די „משכילים"— „די קולטורטרעגער" (די רעפּרעזענטאַנטן פון דער נייער באַ־וועגונג) שטייען אויף אַ לגמרי לאָיאַלן באָדן. יאָ, זיי זיינען נישט קיין אַפּיקורסים, ווי ס׳פאַרזיכערן די „מורדי־האור", די פינסטערע כוחות, — באַשליס איך ביי מיר, אַרומלויפנדיק אַהין און צוריק איבערן צימער, קעמפנדיק מיט די פאַרשידענע עלע־מענטן אין מיר גופא. איבעריגנס, האָבן זיי אייגנטלעך קיין שום נייס נישט אויפגעטאָן; דיזעלבע אָנשויאונגען האָבן אויך גע־

האַט, די זײַלן פון דער יידישער וויסנשאַפט, די עמודי־התוך, ווי סעדיעה גאון, רמב"ם, יהודה הלוי, אבן־עזרא און אַ סך אַנדערע, אויף וועלכע די רעפּרעזענטאַנטן פון דער נייער שולע שטיצן זיך טאָקע. און אויב ביי עמעצן קאָן נאָך זיין אַ ספק מכּוח דער געזעצמעסיקייט פון דער נייער שטרעמונג, מוז ער לחלוטין פאַרשווינדן, אַז מ'לייענט איבער דעם ספר „תּעודה בּישׂראל" פון י. ב. לעווינזאָן, וועלכער האָט אַלזייטיק און סיסטע־מאַטיש אויפגעקלערט זיינע גרונט־פּרינציפּן און פּאַרטיידיקט די־דאָזיקע פּרינציפּן געגן אַלע פינסטערע כּוחות מיט דער גאַנצער קראַפט פון זיין טאַלאַנט און ערודיציע.

לעת־עתּה זיינען נאָך אָבער די פעסטונגען פון די מורדי־האור מעכטיק, און די קעמפער פאַר ליכטיקייט, פאַר וואָרהייט נאָך אַזוי שוואַך!... אָבער די צוקונפט געהערט זיי, די־דאָזיקע קעמ־פער, — דערין בין איך איבערצייגט; זיי זיינען שטאַרק דורכן גלויבן אין זייער גערעכטיקייט, אין ענדלעכן נצחון פון דער ליכטיקייט איבער דער פינסטערניש. זיי זאַמלען לעת־עתּה זיי־ערע כּוחות, זאָנדירן אין דער שטיל דעם באָדן, באַטראַכטן ד, פּאָזיציעס, מאַכן אונטערגראָבונגען, מינירן די אַלטע פעסטונג, באַלד אָבער וועלן זיי זיך אָנהויבן שטורמען, און וועלן זי איינברעכן, איינגעמען...

------

אין יענער צייט, בעת ביי מיר איז פאָרגעקומען אַ דאַנק די נייע ביכער, דער אינערלעכער קאַמף, און די איבערקערעניש אין מיינע אנזיכטן אויף דער רעליגיע, אויפן לעבן, איז זיך אין קאַפּוליע דאָס אַרוימיקע לעבן געגאַנגען אויף איר שטייגער, און איך האָב זיך אים געמוזט אונטערוואַרפן. די טעאָריע און די פּראַקטיק זיינען געוועזן לחלוטין צוויי באַזונדערע וועלטן. אַ סך זאַכן פון דער רעליגיעזער פּראַקטיק האָב איך געהאַלטן פאַר

נישט פאַר אַ חוב, אַפילו פאַר לעכערלעך, און דאָך האָב איך נישט געהאַט די דרייסטקייט דאָס דורכצעלאָזן. „הלכה ואין מורין כן" — כאָטש דער דין דערלויבט, זאָגט זיך אין תלמוד. אין אַזעלכע פאַלן — דאַרף מען זיך אָבער נאָך דעם נישט ריכטן, כדי נישט צו באַליידיקן דעם רעליגיעזן געפיל פון המון.
אָבער דידאָזיקע פאָרזיכטיקייט האָב איך מקים געווען בלויז בנוגע דער פּראַקטישער אָנווענדונג פון מיינע איבערצייגונגען, באַהאַלטן די איבערצייגונגען גופא אין זייער קוואַל — די נייע ביכער, האָב איך געהאַלטן פאַר איבעריק.
געהערנדיק צום פּריווילעגירטן קלאַס, בין איך געווען גאַראַנטירט פון פאַרפאָלגונגען. אויב אָבער מיר איז אויסגעקומען צו שטודירן די נייע ליטעראַטור נאָר ביי נאַכט, איז דאָס בלויז צוליב דעם, וואָס דעם גאַנצן טאָג האָב איך ווי פריער געלערנט תלמוד אונטער דער השגחה פון מפלפל לייזער יענקל, מיטן צונאָמען „חריף" — דערזעלבער לאַנגער, אומגעלומפּערטער לייזער-יענקל, מכּוח וועלכן איך האָב שוין פריער דערציילט, אַז ער האָט געהאַט אַ געוווינהייט צו קייען די צונג און די פּאות.
שוין אויף דער ערשטער לעקציע, האָט לייזער-יענקל פאַר מיר אויפגעדעקט די גאַנצע בויגזאַמקייט און פייניקייט פון זיין שכל. אַלס אויסגאַנגס-פּונקט פון זיין „פּלפול", האָט ער גענומען נישט קיין ווירקלעך שווערן אָרט אין תלמוד, נאָר, להיפך, זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ גאַנץ דייטלעכן זאַץ, וואָס וועגן זיין קאָנען קיין צוויי מיינונגען נישט זיין. אָבער דוקא דידאָזיקע פּשטות און קלאָרקייט שטעלן אים אָפּ: ווי אַזוי וועט אַזאַ תלמוד-חכם ווי רבי זבוד זאָגן אַזאַ פּשוטן געדאַנק, וואָס ס'ווייס אים יעדער שוסטער ? ! דאָס איז אוממעגלעך, דעריבער איז דאָ באַהאַלטן גאָר עפּעס אַנדערש. אַנאַליזירנדיק און צוקייענדיק רבי זבודס ווערטער, דערגייט ער אין זיי סוף-כל-סוף צו אַ נייעם געדאַנק, צו אַ נייער הנחה, וועלכע ער שטופּט אַריין דורך געשיקטע פּלפּולים, כאָטש מיט גרויס שווערקייט, אין די ראַמען פון דאָזיקן זאַץ.

דאַכט זיך, שוין גוט, די פשטות באַזייטיקט און דער ענין איז אין אָרדנונג; איז אָבער אַ נייע צרה. די הנחה וואָס לייזער יענקל האָט נאָר וואָס אַנטדעקט און אָנגעבונדן רבי זבודן, ווייזט זיך אַרויס לגמרי דער היפך פֿין דער מיינונג, וועלכע דערזעלבער רבי זבוד זאָגט אַרויס אין אן אַנדער אָרט, און דאָס קאָן מען דאָך אַזוי נישט לאָזן: ס'קאָן דאָך נישט געמאָלט זיין, אַז רבי זבוד זאָל ווידערשפּרעכן זיך גופא; אויסערדעם, געפינט לייזער יענקל, זיך גוט אַרומזעענדיק, אַז די ניי־אַנטדעקטע מיינונג שטייט אין אַ דייטלעכן ווידערשפּרוך מיט דער מיינונג פון ראש־לקיש, וועלכע ער האָט אַרויסגעזאָגט אין אַ צווייטן טראַקטאַט ביי אַן אַנדער פאַל. אַ צרה! ממש נישט אַרויסצוקריכן. לייזער יענקל כעסט. אַלע, ווי ס'ווייזט אויס, האָבן זיך צונויפגערעדט אים אָנצולייגן שטיינער אויפן וועג, צו מאַכן אים צרות! ער ווענדט זיך צו אַנדערע טראַקטאַטן, צו אַנדערע אַנאַלאָגישע פראַגן, קאָנטראָלירט, אַנאַליזירט זיי אין דער האָפענונג צו געפינען אין זיי אַ רעטונג, אַן אויסגאַנג פון דער שטאַרק פאַרוויקלטער לאַגע; נאָר דורכדעם ווערט נאָך דער ענין פאַרוויקלטער, קאָמפּליצירטער. אין פאַרצווייפלונג וואַרפט ער זיך אויף די קאָמענטאַטאָרן: אויפן מהר"ם שיף, אויפן מהרש"א. אָט אין מהרש"א האָט ער שוין כלומרשט געפונען דעם רעטונגס־אַנקער, פּלוצלונג קומט דער „שאגת־אריה" און צעקלאַפּט אויף שטיקלעך די מסקנות פון מהרש"א, און לייזער יענקל אָנערקענט די ריכטיקייט פון „שאגת־אריה" טויזנט און איין ראַיה...

איך באַמי זיך נאָכצוגיין אין מיין געדאַנק נאָך לייזער־יענקלען, און פאַר מיין גייסטיקן בליק אַנטוויקלט זיך אַ שרעקלעך בילד: דער גאַנצער „ים התלמוד" איז אַרויס פון זיינע ברעגעס, די וואַסער־סטיכיע, וואָס איז דאָ גאָרנישט לאַנג געווען אַזוי רואיק, רוישט און ברויזט אָן אַן אויפהער, רייסט אַוועק, צעברעכט און צעמורשט אַלץ, וואָס שטייט אין וועג. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז ס'איז נישטאָ מער קיין רעטונג, נאָך אַ רגע און אַלץ וועט זיך צוריק פאַרוואַנדלען אין פרימיטיוון תהו ובהו... און טאַקע אין דעמדראָזיקן מאָמענט געפינט לייזער־יענקל אַ קאָמבינאַציע, וואָס

אַ דאַנק איר הויבט זיך אָן דער ענין פאַנאַנדערצעוויקלען; נאָך איין אָנשטריינגונג — און אַלע מיספאַרשטענדנישן זיינען באַזייטיקט, אַלץ איי איינגעאָרדנט אויפן בעסטן אופן.

לייזער יענקל ווערט שטיל. ער זיצט אַ פאַרשוויצטער און אַ פאַרמאַטערטער, אָבער זיינע אויגן לייכטן פאַר שמחה.

– אמת אַ קונסטשטיק? ווענדט ער זיך צו מיר מיט אַ צופרידענעם שמייכל.

– אַ קונסטשטיק ווי אַ קונסטשטיק, ענטפער איך! אָבער ווייסט איר, רבי, אויף וועמען איר זייט ענלעך? אויף אַ מענטשן, וועלכער האָט זיך אַליין אָנגעקראַצט אַ מכה, כדי שפעטער איר צו היילן מיט פלאַסטערס. קראַצט נישט, רבי, קיין געזונטן קערפער, און מ'וועט נישט דאַרפן היילן!

– קראַצט נישט! — האָט איבערגעחזרט לייזער יענקל, לאַכנדיק, — אָבער וואָס טוט מען, אַז ס'בייסט?

— דעמאָלט דאַרפט איר היילן די קרעץ.

— פאַר מיינע קרעץ איז שוין קיין רפואה נישטאָ: ס'איז אַ צו אַלטע איינגעוואָרצלטע קריינק, האָט דער רבי טרויעריק געענטפערט.

---

XII

## דער נייער פרוש. די ווירקונג פון „תעודה בישראל“ און „אהבת-ציון“. דיקס יידישע דערציילונגען.

אין קאַפּולער קלויז האָט זיך באַוויזן אַ נייער, זייער אינטערעסאַנטער „פרוש“ — אַ בחור אַ שיינער, אַ בלאָנדער מיט בלויע אויגן, כמעט נאָך אַ קינד (ער איז דעמאָלט אַלט געוועזן 15 יאָר), אָבער שוין אַ באַלעבעסל (אַ מינדעריעריקער מאַן) דאָס

איז געווען יענקל, דער זון פון סטאַראָבינער רב, וועלכער איז געווען באַקאַנט אין דער גאַנצער אונטערן סביבה היכן נאָמען „דער סטאַראָבינער עלוי“, בעת יענקל איז אַלט געוואָרן 13 יאָר, האָט מען אים חתונה געמאַכט מיט אַן 18-יאָריקער דאָרפּיסער מיידל, אַ טאָכטער פון אַ רייכן אַרענדאַר; זי איז אים אָבער נישט געווען צום האַרצן און, אָפּלעבנדיק מיט איר צוויי יאָר, האָט ער זי אַוועקגעוואָרפן און געקומען אַלס פּרוש אין קאַפּוליער קלויז, פּאָרצוזעצן זיין תּלמודישע בילדונג, און האָט דאָ באַגעגנט אַ פריינטלעכן קבלת-פּנים.

יענקל סטאַראָבינער האָט תּיכף אַלעמען פאַרוואונדערט מיט זיין ערנסטקייט, נישט נאָך זיינע יאָרן און אויך מיט זיין אומנאָר-מאַלער הנהגה. ער איז געווען נישט געוויינלעך פלייסיק און, זיצנדיק אין אַ ווינקעלע, האָט ער אָן אַן אויפהער געאַרבעט טאָג און נאַכט, אויסמיידנדיק צו ריידן מיט די חברים. מ׳האָט גע-זען, אַז לויט זיין נאַטור איז ער אַ מענטש זייער אַ לעבעדיקער און אַן אָפּנהערציקער, און אַז אים איז שרעקלעך שווער צו לעבן איינזאַם און שוויינגנדיק, אָבער, ווי ס׳זאָגט זיך אין דער משנה „היום קצר והמלאכה מרובה“—דער טאָג איז קורץ און די אַרבעט גרויס. אַן אַרבעט האָט יענקל אַ מוראדיקע, ער האָט שוין, אמת, געקאָנט אויסנווייניק 400 בלאַט גמרא, אָבער דאָס איז דאָך נישט מער ווי אַ טראָפּן אין ים, און דער טאָג איז אַזוי קורץ – אין-גאַנצן 24 שעה! מ׳האָט דעריבער געמוזט טייער האַלטן יעדע רגע.

וואונדערבאַר איז אויך געווען זיין תּפילה. די פּרושים האָבן גע-וויינלעך נישט צוגעגעבן דעם דאַווענען קיין גרויסע באַדייטונג, און האָבן איבערגעלאָזן פאַר די באַלעבאַטים, פאַר די ליידיקגייער, זיך רייסן דעם האַלז, און אַליין, זיך ווייניק וואָס באַטייליגנדיק אין דער תּפילה בצבור, האָבן זיי זיך אין יענער צייט באַשעפ-טיקט מיטן תּלמוד.

יענקל סטאַראָבינער אָבער פלעגט דאַווענענדיק, וויינען, שרייען, מאַכן משונהדיקע העויות, אָפּט מאָל זיך אַזוי שטאַרק שאָקלען, אַז ער פלעגט צוקלאַפּן דעם שטערן אָן וואַנט. שפּעטער האָט ער

מיר דערקלערט די סיבה פון זיינע ווילדע קולות און וואַרפעינישן בעתן לייענען די וויכטיקסטע תּפילה „שמע“, וועלכע דריקט אויס די אַבסאָלוטע געטלעכע איינהייט. דוקא ביי די ווערטער „שמע ישׂראל ד׳ אלהינו ד׳ אחד“ פלעגט זיך, צו זיין גרויסן שרעק, אַוועקשטעלן פאַר זיינע גייסטיקע אויגן דער שטן המשחית, און וואָס מער יענקל פלעגט צומאַכן די אויגן, וואָס מער ער האָט אים מיט זיינע קולות און וואַרפענישן געטריבן, אַלץ דייטלעכער און בולטער איז פאַר אים געשטאַנען דאָסדאָזיקע שרעקנס־בילד. דערדאָזיקער אומשטאַנד האָט אים אַזוי געמאַטערט, אַז שוין נישט איינמאָל האָט ער זיך געוואָלט נעמען דאָס לעבן.

ווי אַלע פּרשים האָט יענקל געגעסן יעדן טאָג ביי אַן אַנדער באַלעבאָס. שבתים האָט ער געגעסן ביי אונז. אָנפאַנגס האָט זיך יענקל ביי אונזער טיש געפילט נישט אַזוי גוט. אויסער מיר, מיין מוטער און מיינע דריי עלטערע ברידער האָט זיך דאָ אויך גע־פונען די פאַמיליע פון אונזער שכן — נח חוהלעס מיט זיין ווייב און דרייצניאָריקער טעכטערל הינדעלע, אַ שטיפערן און דער ליב־לונג פון אירע עלטערן. נח חוהלעס, וועלכן מ׳האָט אַ נאָמען גע־געבן „דער וויצלינג“, איז, להיפך פון די איבריקע קאַפּוליער, גע־ווען אַ מענטש אַ לעבנסלוסטיקער. פאַרדינענדיק אינגאַנצן צוויי רובל אַ וואָך אַלס בוכפירער ביים אָרטיקן אַרענדאַר, איז ער גע־ווען גאַנץ צופרידן מיט זיין גורל. אויפן פּנים איז ביי אים תּמיד געווען אַ צופרידענער שמייכל, תּמיד האָט ער זיך געוויצלט, גע־מאַכט המצאות. ביים טיש איז ביי אונז דעריבער שטענדיק, בעיקר אָבער שבת, געווען זייער רוישיק, לוסטיק. און דידאָזיקע אַלגע־מיינע לוסטיקייט האָט יענקלען אויפגערעגט. באַזונדערס שווער איז אים געווען דעם ערשטן שבת די אָנוועזנהייט פון דער שטיפע־דישער, שוואַרצאויקיקער הינדעלע, וועלכע איז גראַדע געזעסן אים אַנטקעגן און האָט אים נייגעריק באַטראַכט. אים איז עפּעס געוואָרן מאָדנע מוראדיק; ס׳האָט אים געוואָרפן אין קעלט און אין היץ; יעדע מינוט איז ער געוואָרן רויט און טויט, און ווי ער האָט נישט אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ, ווי ער האָט זיך נישט

באַמיט אויסצעמיידן איר בליק, איר געזיכט, איז איר בילד כסדר געשטאַנען פאַר זיינע אויגן; פונקט ווי יענס שרעק-בילד בעתן דאַוו-נען!.. „פגעת במנול זה, משכהו לבית-המדרש" זאָגט דער תלמוד, ד. ה. דער איינציקער מיטל בייצושטיין קעגן יצר-הרע, קעגן אַלע קערפערלעכע תאוות, איז — דער ספר. יענקל האָט נאַטירלעך, דער-פון געוואוסט, און, אין די ווייטערדיקע שבתים, ווי ער איז נאָר אַריין צו אונז אין שטוב פלעגט ער תיכף אַ כאַפּ טאָן דעם ערשטן בעסטן ספר, פון וועלכן ער האָט נישט איפגעהויבן די אויגן די גאַנצע צייט פון עסן. איינמאָל האָב איך אים בכיון אונטערגערוקט דעם ספר פון קרעמעניצער חכם „תעודה בישראל", און בין ניי-געריק געווען צו וויסן, וואָס פאַר אַן איינדרוק ס'וועט אויף אים מאַכן. איך האָב געוואוסט, אַז דעמדאָזיקן בוך האַלט מען פאַרן שעד-לעכסטן און אַז דער נאָמען „קרעמעניצער" ווי מ'האָט גערופן זיין מחבר — לעווינזאָן, האָט מען תמיד באַגלייט מיט די ווערטער „ימח שמו וזכרו" — אויסגעמעקט זאָל ווערן זיין נאָמען אין דער זכר פון אים.

דעריבער האָב איך קודם-כל, אויסגעריסן דאָס פאָדערבלאַט פון דאָזיקן בוך. יענקל, נישט האָבנדיק קיין שום אַנונג, האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס אַנאָנימע בוך און אָנגעהויבן לייענען די הקדמה. וואָס ווייטער לייענענדיק, האָט ער זיך אַלץ מער אויפגערעגט און זיך געביטן אין געזיכט. „ס'ווירקט, האָב איך געקלערט: אָבער אין וועלכן זין?" איבערלייענענדיק די הקדמה ביזן סוף און דערזעענ-דיק די אונטערשריפט פון מחבר, האָט ער מיך פאַרוואונדערט געפרעגט: „דאָס איז טאַקע דעם קרעמעניצערס ווערק?" איך האָב געענטפערט פאָזיטיוו און אָנגערופן דעם נאָמען פון ווערק. „מ'זאָגט דאָך אָבער, אַז „תעודה בישראל" איז אַפּיקורסות, און דאָ זיינען הייליקע ווערטער?"

— אַזוי אורטיילן מכוח דעמדאָזיקן בוך און זיין מחבר נאָר די, וועלכע האָבן אים נישט געלייענט, אָדער צבועים,—האָב איך גע-ענטפערט.

נאָך מיטאָג איז יענקל, אנשטאָט צו גיין אין קלויז, געבליבן ביי אונז, כדי צו לייענען ווייטער דעם בוך און איז נישט אויפגע-

שטאַנען פון אָרט, ביז ער האָט אים געענדיקט איגגאַנצן. נאָכן לייענען האָט ער זיך אַ הויב געטאָן. און, לויפנדיק אַן אויפגע־רעגטער הין און צוריק איבערן צימער, האָט ער, ווי ס'שיינט, געפירט מיט זיך אַליין אַ קאַמף.

מיר איז באַקאַנט געוועזן דערדאָזיקער קאַמף, דאָסדאָזיקע ראַנגלען זיך צווישן צוויי יסודות, צוויי וועלט־אָנשויאונגען. „ער לעבט איצט איבער אַ קריזיס, האָב איך געטראַכט, קוקנדיק אויף זיין אויפגערעגטן, פאַרשוויצטן געזיכט: וואָס פאַר אַ ווענדונג וועט ער אָבער אָננעמען? מיט וואָס וועט זיך דערדאָזיקער קריזיס ענדיקן? וואָס וועט מנצח זיין—די „השכלה" אָדער די „פינסטער־ניש?"

— יאָ, סוף־כל־סוף בין איך דערגאַנגען! — האָט ער זיך גע־ווענדעט צו מיר.

— וואָס אַזוינס האָסטו זיך דערוואוסט?

— איך האָב זיך דערוואוסט, אַז איך בין אויף א פאַלשן וועג... איך האָב זיך דערוואוסט, אַז ביז איצט בין איך געווען אַ שוטה און אַ רשע!

— אַ שוטה, פאַרשטיי איך, — האָב איך געזאָגט, — אָבער פאַר־וואָס אַ רשע?

— אַ רשע שוין צוליב דעם אַליין, וואָס איך לעב אויף אַ פרעמדן חשבון, — האָט ער געענטפערט.

לעווינזאָן האָט אין זיין „תעודה בישראל" געווידמעט עטלעכע פרקים דער מכה פון יענער צייט, וואָס איז באַשטאַנען און שנאָ־רען, און ליידיקגיין, איבערהויפט צווישן די לומדים אָדער די כלומרשטע לומדים, וואָס האָבן זיך אַרויסגעוואָרפן אויפן אַרבע־טענדיקן המון, אנשטאָט זיך צו פאַרנעמען מיט נוצלעכער, פראָ־דוקטיווער אַרבעט.

פון יענעם טאָג אָן פלעגט יענקל קומען צו מיר יעדן טאָג, מיט גרויס חשק האָט ער געלייענט די ביכער פון מיין אומלעגאַלער ביבליאָטעק, און איז געוואָרן אַן איבערצייגטער קעמפער פאַר דער השכלה, בלייבנדיק דערביי ווי פריער אמתדיק רעליגיעז. ער האָט נישט בלויז געגלויבט אין דער מעגלעכקייט צו פאַר־

איניקן די תורה מיט דער השכלה, נאָר האָט אויך געהאַלטן די בילדונג פאַר אַ חוב, טאַקע אַרויסגייענדיק פון רעליגיעזן שטאַנד־פונקט. שטודירן נאַטור, פילאָזאָפיע, מאַטעמאַטיק, די העברייאישע און די נייע שפּראַכן, מיט איין וואָרט אַלץ, וואָס ס׳גייט אַריין אין פּראָגראַם פון די „משכילים“, און איז דייטלעך פאָרמולירט און באַגרינדעט דורך לעווינזאָנען, איז געוואָרן פאַר אים אַזאַ חוב, ווי דער שטודיום פון תלמוד, ווי דאָס דאַווענען. דער „תעודה בישראל“ איז פאַר אים געוואָרן אַ „משנה־תורה“.

איך בין געווען גליקלעך, וואָס איך האָב געפונען אַ געזינונגס־חבר און דערצו נאָך אַזאַ פעאיקן און אויפריכטיקן, פאַר וועלכן מ׳קאָן אַרויסזאָגן די געדאַנקען און אַרבעטן צוזאַמען. מיט דער מסכּמעס הסכּמה, האָב איך אַנטזאַגט לייזער־יענקל און פאָרגעלייגט מיין נייעם פריינט אויפהערן צו עסן „טעג“, און זיך באַזעצן ביי אונז אין שטוב אויף אַלעם פאַרטיקן, כדי געמיינזאַם זיך צו באַשעפטיקן מיט זעלבסט־בילדונג, אויף וואָס ער האָט זייער גערן איינגעשטימט.

דאָס איז געווען אַ פרייליכע ענדערונג אין אונזערביידנס לעבן: איך האָב זיך סוף־כּל־סוף באַפרייט פון חדר און פון די מלמדים, און ער פון קלויז. ביידע זיינען מיר פלוצלונג געוואָרן אומאָפּהיינגיק, באַלעבאַטים איבער זיך און איבער אונזער צייט, און מוטיק האָבן מיר זיך גענומען פאַר דער אַרבעט.

באַלד איז אויך חיים צוריקגעקומען פון זיין לאַנגן וואַנדערן, און איז צוגעטרעטן צו אונז פאַר אַ געמיינזאַמער אַרבעט. אונזערע למודים האָבן מיר שטריינג איינגעטיילט נאָך די שעהן נאָך, אַזוי, אַז אַ האַלבן טאָג האָבן מיר אָפּגעגעבן דעם תּלמוד און די רבנישע קאָדעקסן און די איבעריקע צייט דער העברייאישער גראַמאַטיק, דעם תנ״ך, דער טעאָסאָפיע און עטיק און אויך דעם געמיינזאַמען לעזן און אַנאַליזירן די נייע דערוואָרבענע ווערק פון דער ניי־העברייאישער ליטעראַטור.

און העברייאישע ביכער מכּל המינים, ווי ס׳האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן, האָט מען געקאָנט באַקומען אַפילו אין קאַפּוליע. קיין ביכער־געשעפטן זיינען אין קאַפּוליע נישט געווען. די מאַ־

גאַזינען, געוועלבער, שיינקען, בכלל אַלע האַנדלס־הייזער האָבן בעיקר עקזעסטירט פון דעם קריסטלעכן המון, און די אָר־טיקע און אַרומיקע קריסטן האָבן זיך אין קיין ביכער נישט געניטיקט. ספרים האָבן נויטיק געהאַט בלויז די יידן און זיי־ערע פאָדערונגען אין דערדאָזיקער באַציאונג האָבן לגמרי באַ־פרידיקט די וואַנדערנדיקע מוכרי־ספרים, וועלכע פלעגן עטלעכע מאָל אין יאָר אָנפאָרן צו אונז אויף זייער מאָגערן פערדל איינ־געשפּאַרט און ווי ס׳איז צונויפגעקלאַפּט וועגל, פול ביז די ברעג־געס מיט ספרים.

דאָס איז געווען דער אונז אַלעמען גוט באַקאַנטער איינגעהוי־קערטער, פרומער ייד, מיטן איראָנישן שמייכל אויפן געזיכט, אַ גוטמוטיקער, אָבער פאַר זיך שוין גאָר קיין נאַר נישט — דער פּראָטאָטיפּ פון דעם איצט אַזוי פּאָפּולערן, אַ דאַנק דעם באַ־גאַבטן קאָפּוליער ש. מ. אַבראַמאָוויטש, מענדעלי מוכר־ספרים. פאַרפאָרנדיק אויפן שול־הויף פלעגט ער תיכף אַראָפּוואַרפן פון זיך די קאַפּאָטע, אויסשפּאַנען זיין פערדל און, אָנשיטנדיק אים אַ ביסל האָבער, אָנהויבן אויספּאַקן זיין סחורה. און סחורה האָט ער פאַר אַלעמען אַ גרויסן אויסוואַל, און די קונים פלעגן אים ממש באַפאַלן ווי בינען. דעם וועגל רינגלט מען אַרום פון אַלע זייטן. דאָ זיינען געווען אַלט און יונג, לומדים און עמי־הארצים, מענער און פרויען. יעדערער דאַרף עפּעס האָבן. און ער, דער גרויסער מומחה, דערקאָנט אויפן פּנים, וואָס יעדערן פאָרצושלאָגן, כאָטש די פאָדערונגען און דער געשמאַק זיינען ביי די קאַפּוליער אין דער באַציאונג געווען זייער פאַרשידנ־אַרטיק.

צו געפינען ביים דאָזיקן יידן מיט דער גרויסער באָרד, מיטן טלית־קטן, ספרים, וואָס האָבן אַ קולטורעלן כאַראַקטער, האָב איך אַמווייניקסטן געהאָפט. פרעגן אָבער מעג מען דאָך. איינמאָל בין איך אַ ביסל אומאַנטשלאָסן צוגעגאַנגען צו אים, אַרומקוקנ־דיק זיך פון אַלע זייטן און שטיל געפרעגט: „צי האָט איר נישט עפּעס אַזוינס?“ ער האָט מיך פאַרשטאַנען, און ווי גרויס איז געווען מיין פאַרוואונדערונג און מיין שמחה, אַז ער האָט שטאַרק

זוכנדיק, כלומרשט אַרויסגעשלעפּט פון וועגל פּאָלגנדיקע ספרים: „מורה נבוכי הזמן“ פון נ. קראָכמאַל, התורה והפילוסופיה“ פון רעדזשנא און „קנאת-האמת“ פון פּ. מיזעס. איך האָב זיך נישט געדונגען, באַצאָלט אים פאַר דידאָזיקע ביכער, און פון יענער צייט אָן איז יעדעס אָנקומען פון דאָזיקן מוכר-ספרים געווען ממש אַ יום-טוב. דורך אים האָבן מיר באַקומען אַלע נייע ווערק, ווי נאָר זיי פלעגן דערשיינען אין רוסלאַנד אָדער אין אויסלאַנד, אַזוי אַז מיר זיינען לחלוטין געווען אין קורס פון דער ניי-העברייאישער ליטעראַטור.

די דריי נייע ביכער, וועלכע מיר האָבן גרינדלעך דורכגעשטודירט, האָבן אונז געגעבן אַ טעמע צו זייער לעבהאַפטע דעבאַטן.

יענקל איז געווען שטאַרק אויפגערעגט פון דער עקסטרעמער פריידיינקעריי און פון דער דרייסטקייט פון די אויסדרוקן ביי די מחברים פון דידאָזיקע ווערק, באַזונדערס ביי מיזעס און רעד-זשנא; אָבער איך און חיים זיינען פשוט געווען אַנטציקט. די דעבאַטן האָבן אָט געטראָגן אַ כאַראַקטער פון הייסע וכוחים, וועלכע זיינען אָפטמאָל דערגאַנגען ביז געגנזייטיקע זידלערייען. דידאָזיקע וכוחים, ווי דאָס געשיט געוויינלעך, האָבן צו קיין זאַך נישט געפירט: איינער האָט דעם צווייטן נישט איבערצייגט, און יעדער איז געבליבן ביי זיין מיינונג.

אונזער פריינטשאַפט האָט אָבער דערפון נישט געליטן. ס'איז שווער זיך פאָרצושטעלן דעם איינדרוק, וועלכן ס'האָט אויף אונז געמאַכט דער ערשטער יידישער ראָמאַן „אהבת-ציון“ פון א. מפּו. פון דער איינפאָרמיק-גרויער, גראָשנדיקער מערקאַנטילער, פיינ-לעך דריקענדיקער און שלחן-ערוכדיק פעדאַנטישער קאַפּוליער אַטמאָספער זיינען מיר עפּעס ווי דורך אַ פאַרכשופטער האַנט איבערגעטראָגן געוואָרן אין אַ וואונדערבאַר שיין לאַנד — אין ארץ-ישראל, אין די צייטן, בעת איר קולטור און פּאָעזיע האָבן דערגרייכט זייער אפּאגיי, אין גאָלדענעם צייט-אַלטער פון מלך חזקיהון און דעם נביא ישעיהו.

פאַר אונזערע אויגן האָבן זיך אויפגעדעקט רייצנדיקע שיינע ביל־
דער, פעלדער מיט הויכע, געדיכטע זאַנגען פון ווייץ און גערשטן
און נאָך זיי כּרמים און פּרדסים, וואו ס'ברעכן זיך די צווייגן
פון דער מעגנגע טרויבן, מילגרוימען און פייגן און נעבן זיי
גאַנצע וועלדער פון עצי־זית. פון איין זייט די גרינע לאָנקעס
פון בשן, וואו ס'פּאַשען זיך סטאַדעס פעטע שעפּסן און קי, גע־
פירט פון זאָרגלאָזע פּאַסטוכער און פּאַסטושקעס, און פון דער
צווייטער זייט די טאָלן: דער עמק־השרון מיט זיינע רויטע רויזן
און ווייסע ליליען און דער עמק־יריחו מיט זיינע באַלזאַם־פּלאַנ־
טאַציעס. און אויף די דאָזיקע הרים וגבעות, טאָלן און לאָנקעס
אונטער די ברענענדיקע שטראַלן פון דער ארץ־ישראלדיקער זון,
וואָס צעקאָכט דאָס בלוט און פּאַררויטיקט די באַקן פון די
בחורים און די בלעטער פון די רויזן, אַרבעט דאָס שיינע, מו־
טיקע, לעבנסלוסטיקע און פרייע פאָלק אונטער דעם וואַכעדיקן
אויג פון די וועלט־ריזן—די ארזי־הלבנון, די דורות־לאַנגע שומרים
פון דאָזיקן וואונדערבאַרן לאַנד און די שטומע עדות פון
דעם געבורט, וואוקס און אַנטוויקלונג פון זיין דרייסטער
אַרבעטזאַמער באַפעלקערונג, וועלכע האָט באַוואַסערט יעדעס
שטיקעלע באָדן מיט זיין שווייס און פּאַרטיידיקט יעדן פוסטריט
מיט זיין בלוט.
און אין ירושלים, אין דער דאָזיקער „רבּתי בגוים, שׂרתי במדינות"
אין דער קייזערלעכער רעזידענץ, מיט איר פּאַרגאָלדעטן בית־
המקדש אויפן הר־המוריה און דעם מגדל־ציון, מיט די הויכע
ווענט און טורמס, מיט די קייזערלעכע הויפן און פירשטלעכע
פּאַלאַצן — אויך דאָרט ברויזט דאָס לעבן, שטראָמט ווי פון אַ
קוואַל, כאָטש דאָרט איז עס שוין אַ סך ראַפינירטער.
די ירושלימער אַריסטאָקראַטיע האָט ליב דעם לוקסוס, איבער־
הויפּט דעם פּרויען־מין, וועלכער טוט זיך אָן אין דמשקער
שטאָפן, און האָט ליב בעת די ימים־טובים צו הערן אין בית־
המקדש די כאָראַל־מוזיק, די מעלאָדיעס פון די משוררים־לויים
און די רעדעס פון די באַגייסטערטע נביאים. אין פאַמיליען־
און געזעלשאַפטלעכע קרייזן ביי בעכערס ווין פון אייגענע

וויינגערטנער פירט מען אַ געשפּרעך מכּוח די אויסזיכטן אויפן גע־עטעניש פון תּבואה און פּרוכט, און אַ לעבהאַפטע דיסקוסיע וועגן פּאָליטיק. ס'ווערן אַנאַליזירט די דרשות פון ישעיהו, וועלכער האַלט אויפן הר־הבית דונערנדיקע שטראָפּרעדעס קעגן שבנא הסופר, וועלכער פירט דעם מלך אויף אַ פאַלשן און גע־פערלעכן וועג. אָט פּראָטעסטירט ער אָדער איז מסכּים צום פרידנס־בונד מיט איינעם פון די שכנישע פעלקער. אָט גייט אויף יהודה דער גרויזאַמער סנחרב מיט זיינע אומגעהויער גרוי־סע מחנות, דראָט מיט נקמה פאַרן אָפּזאָגן זיך פון אַ פּולשטענ־דיקער הכנעה, פאַרן געהיימען בונד מיט מצרים, אָבער די ראשי־ירושלים, איינשטימיק מיט דער נאָר וואָס אויסגעהערטער רעדע פון נביא ישעיהו, ווילן גאָרנישט הערן מכּוח אונטערגעבן זיך אַ פרעמדער, ברוטאַלער קראַפט; זיי זיינען גרייט מיט שווערד און שפּיז צו פאַרטיידיקן די אומאָפּהענגיקייט פון זייער היימלאַנד. נישט דאָס ערשטע מאָל קומט זיי אויס צו פירן דעם קאַמף פאַר זייער פאָטערלאַנד.

נאָך זיכערער איז ביי זיך די יוגנט. קוקט זיך צו צו אַמנונען, דעם שיינעם, העלדישן און איידעלען בחור, דעם העלד פון אונזער ראָמאַן. ווי שיין און זיכער ער זיצט אויף זיין ווילדן, שוואַרצן פערד, און ווי גראַציעז ער טראָגט זיך אויף אים, צו אַנטציקן זיין געליבטע שוואַרצאויגיקע תּמר! אָ דידאָזיקע ליבע, טייערע, אָבער אומגליקלעכע נפשות! שוין פון קינדהייט אָן ליבן זיי איינער דעם אַנדערן, ליבן זיך מיט אַ ליבע — אַ פייערדיקע, אַ דערהויבענע, מיט יענער ליבע, מכּוח וועלכער ס'האָט גערעדט די צווייטע ארץ־ישראלדיקע יפה־פיה שולמית:

שטאַרק ווי דער טויט איז די ליבע,
ווילד ווי דער גיהנם די קנאה.
אירע פיילן זיינען — פיילן פייערדיקע,
זי איז דער געטלעכער פלאַם...

דער שלעכטער גורל, ווי ס'טרעפט זיך אָפט, שמיט קיינן פאַר דידאָזיקע איידעלע, ריינע נשמות. פאַלשע מענטשן מאַכן זיי

שטערונגען אויפן וועג פון זייער פאַריייניגונג, אָבער, ווי ס'האָט געזאָגט טאַקע יענע שולמית:

די גרעסטע וואַסערן קאָנען די ליבע נישט פאַרלעשן
און די מעכטיקסטע וועלן פון די טייכן קאָנען איר נישט פאַרגיסן.

אַלע נסיונות, אַלע ליידן, וועלכע ס'מאַכן דורך אַמנון און תּמר פאַרשטאַרקן נאָר, דערהויבן בלויז זייער ליבע. און מיר, די לעזער, לעבן איבער מיט זיי זייערע ליידן, ווייטאָקן מיט זייער ווייטאָק, וויינען מיט זייערע טרערן. אָבער גאָט איז באַרמהאַר־ציק „ביי אים איז דאָך נישטאָ נישט קיין אמת", און סוף־כל־סוף פאַריייניקן זיך דאָך אונזערע פאַרליבטע, צו אונזער פרייד און צו זייער אומענדלעכן גליק.

וואָס איז עס אַזוינס: אַ חלום, אַ לעגענדע, אָדער די פרוכט פון אַ פוסטער פאַנטאַזיע? פונוואַנען האָבן זיך גענומען דידאָזי־קע וואונדערשיינע בילדער, די העלע פאַרבן, די קערפערלעך־זעליש־מעכטיקע מענטשן, — וועלכע ליבן דאָס לעבן און שעפן פון אים מיט פולע הויפנס.

אָבער ניין, ס'איז נישט קיין פאַנטאַזיע, נישט קיין חלום — דאָס זיינען כסדר רעאַלע בילדער. באַקאַנטע לאַנדשאַפטן און אייגענע מענטשן, גענומען אינגאַנצן, לעבעדיקע פון דער ביבל! ס'זיינעןווירקלעכע יידן!

אָבער אויב זיי זיינען יידן, טאָ ווער זיינען מיר!..

און דידאָזיקע פראַגע פירט אונז אַרויף אויף שווערע, טרויעריקע און אויפרעגנדיקע געדאַנקען...

דעמזעלבן איינדרוק האָט אויף אונז געמאַכט דאָס פראַכטפולע ווערק פון יונגן, באַגאַבטן משורר מיכה לעבנסזאָן „שירי־בת־ציון", אין וועלכן די ליבע און שיינקייט פון דער ארץ־ישראלדיקער נאַטור, דער העלדנמוט און די איידלקייט, די פראַכט פון דער שפּראַך און דער וואוילקלאַנג פון די ריטמען — פלעכטן זיך צונויף אין איין שיינעם, שמעקעדיקן בלומען־שטרויס.

די קליינע הינדעלע, וועלכע פלעגט אָפט זיצן בעת איך האָב געלייענט, האָט זיך שטאַרק געוואונדערט וואָס איך אַנטציק זיך

אַזוי מיטן דאָזיקן ספר: זי איז געוואוינט געווען צו הערן אַ טרויעריקן נגון בעתן לייענען אַ ספר, זען ווי מ׳קנייטשט דער־ביי דעם שטערן, מ׳מאַכט טרויעריקע העויות, און דאָ גאָר אַן אויפשטייג פון גייסט, אַ געלעכטער, התפעלות! איר שטענדיקע, אומאויהפערלעכע בקשה איבערגעבן איר דעם תוך פון וועלכן ס׳איז שיר אָדער אַרטיקל האָב איך געהאַלטן פאַר אומפּאַסענד און אוממעגלעך. צי דען זיינען אַזוינע דערהויבענע מליצות, אַזעלכע טיפע געדאַנקען צוטריטלעך אַ ווייבערשן שכל? יאָ, איך האָב עס ממש געהאַלטן פאַר אַ פּראָפּאַנאַציע אין באַצוג צו די געט־לעכע משוררים איבערצוגעבן זייערע געפילן און געדאַנקען אויפן פשוטן מאַמע־לשון. הינדעלע פלעגט זיך דעריבער זייער אָפט פאַר מיר קלאָגן, וואָס די מיידלעך לערנט מען נישט ביי אונז קיין העברייאיש, ווי די יינגלעך, און אויסער דעם בריוונשטעלער, וועלכן זי האָט שוין איבערגעלייענט און איבערגעשריבן בודאי הונדערט מאָל, האָט זי לגמרי נישט וואָס צום לייענען. איך האָב איר גערן צוגעזאָגט געפינען פאַר איר צום לעזן פּאַסענדיקע יידישע דערציילונגען, און ווי נאָר דער מוכר־ספרים איז ווידער אָנגעפאָרן, האָב איך פאַר איר געקויפט ביי אים צוויי ביכלעך פון אַ. מ. דיק: „חאַצקעלע אַליין“ און „שמעיה גוט־יום־טוב־בעטער“. דידאָזיקע ביכלעך זיינען פאַר מיר גופא געווען אַ נייס, און זייערע נעמען האָבן מיר דערצו שטאַרק פאַראינטערעסירט.

דעמזעלבן אָוונט ביים טיי טרונקען, האָב איך איבערגעלייענט אויפן קול ביידע דערציילונגען אין דער אָנוועזנהייט פון מיין מאַמען, מיינע יינגערע ברידער, נח חוהלעס, זיין ווייב און הינדעלען. דעם איינדרוק, וועלכן דידאָזיקע הומאָריסטישע דער־ציילונגען האָבן געמאַכט אויף מיינע צוהערער איז אין לשער. אַלע, אָן אויסנאַם האָבן זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט, אַפילו די קעכין — אויך זי האָט זיך נישט גערירט פון אָרט און איז אָפּ־געשטאַנען די גאַנצע צייט אויפן שוועל פון קיך אין עס־שטוב, ווי אַ צוגעשמיטע. אַלע האָבן געלאַכט, געכאַפּט התפעלות. הינדעלע איז מיר געווען זייער דאַנקבאַר פאַר דידאָזיקע ביכ־

לעך, זי האָט זיי געלייענט פאַר אירע חברטעס. באַלד זיינען די ביכלעך דורכגעגאַנגען די גאַנצע שטאָט און אומעטום געמאַכט אַ פוראָר.

פון יענער צייט אָן איז דיק געוואָרן אין קאַפּוליע זייער פּאָפּולער. זיינע מעשיות האָט מען געכאַפּט ווי מצה-וואַסער, די נעמען פון זיינע העלדן זיינען געוואָרן גאַטונגס-נעמען, און מיט זייערע איינצעלנע ווערטלעך האָט מען זיך אַרומגעטראָגן.

געלייענט האָט געוויינלעך דידאָזיקע מעשיות די יוגנט אין די שבת-טעג. מיט גרויס הנאה האָבן זיך צוגעהערט די עלטערע ווייבער, וועלכע זיינען געווען באַקאַנט מיט דער יידישער ליטעראַטור; אָבער אויך די ערנסטע לומדים, די פּאַמיליען-פּאָטערס, וועלכע האָבן זיך תמיד באַצויגן מיט פאַראַכטונג צו די „ווייבערשע" ספרים, האָבן זיך גערן צוגעהערט צום לייענען, נישט באַגרייפנדיק די סכנה: ס'זיינען דאָך נישט מער ווי מעשיות. איינער אַ יונגער כוואַט האָט זאָגאַר אַ מאָל איבערגעלייענט אויפן קול „חאַצקעלע אַליין" אין קלויז אויפן באַלעמער, בעת די עלטערע קנאים זיינען דאָרט נישט געווען. די בחורים און פרושים זיינען לכתחילה געווען צעקאָכט פון דערדאָזיקער שרעקלעכער העזה, נאָר צוהערנדיק זיך, האָבן זיי געלאַכט, זיך געהאַלטן פאַר די זייטן, און שוין, נאַטירלעך, אויסגעהערט ביזן סוף.

איך און מיינע חברים זיינען נתפעל געוואָרן פון דער ווירקונג, וואָס דיקס יידישע דערציילונגען האָבן געמאַכט אויפן כּלל. אמת, די ווירקונג איז געווען אַן אויבערפלעכלעכע, נישט קיין טיפע, דערפאַר אָבער אַ ברייטע, און האָט פאַרכאַפּט די מאַסע.

און זעט, מיט וואָס פאַר אַ פשוטן, ביליגן געווער, ער אַרבעט, דערדאָזיקער דיק. מיטן איינפאַכן, אומגעשליפענעם מאַמע-לשון, אָן „מליצות", אָן ציטאַטן, אָן לאָגישע באַווייזן. ער טראַכט אַפילו קיין זאַך נישט אויס, נעמט געוויינלעכע דערשיינונגען, אַלטעגלעכע פיגורן און שטעלט זיי נאָר געשיקט צוזאַמען, גרופּירט זיי

אין דעם בילד, וואָס ער שילדערט, — און ווער ס'האָט אויגן — זעט אויפן בילד די איצטיקע געזעלשאַפט, אירע פעלערן, א רנ שוואַכע זייטן.

---

XIII

## דער ביטערער שרש פון לערנען. די פאַנטאַזיעס מכוח דער ראבינער־שול.

נאָך אַ יאָר אָנגעשטרענגטער אַרבעט, האָט אונזער דריי־לינג אונטערגעצויגן דעם סך־הכל פון זיינע גייסטיקע אוצרות, און האָט אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ. אמת, מיר האָבן גע־מאַכט גרויסע פאָרשריטן אין דער יידישער פילאָזאָפיע פון די ימי הבינים, אין דער העברייאישער שפּראַך און תנ"ך, מיר האָבן זיך באַקאַנט מיטן נייעם גייסט פון דער העברייאישער ליטע־ראַטור, מיר זיינען אָבער נישט אַרויס פון איינגן קרייז פון די טעאָלאָגישע אינטערעסן, מיר האָבן נישט דערוואָרבן קיין שום רעאַלע ידיעות. און דערווערבן זיי איז געווען גאָרנישט לייכט: אין דער העברייאישער ליטעראַטור פון יענער צייט זיינען אַפילו נישט געווען די עלעמענטאַרסטע לערנביכער פאַר מאַטעמאַ־טיק, געאָגראַפיע, געשיכטע און פאַר די איבריקע אַלגעמיין מענטשלעכע וויסנשאַפטן. ס'איז אונז דעריבער געוואָרן קלאָר, אַז קודם כל מוזן מיר זיך באַקענען מיט די אייראָפּייאישע שפּראַכן, און מיר האָבן באַשלאָסן זיך אַ נעם טאָן צום לערנען דידאָזיקע שפּראַכן און פריער ווי אַלץ רוסיש און דייטש. אָבער ווי נעמט מען זיך צו דעם אין קאַפּוליע, וואו ס'איז נישטאָ נישט קיין ביכער און נישט לערער? ס'האָט זיך געדאַכט,

אַז ס'איז פשוט אוממעגלעך. אָבער פאַר בחורים, וואָס האָבן באַ־הערשט דעם תּלמוד, דעם שלחן־ערך, דעם רמב"ם און זייערע פּירושים, — איז נישטאָ קיין אוממעגלעכעס און מוטיק זיינען מיר צוגעטרעטן צום ענין! מיט אַ צייט פריער, האָב איך זיך ביי אַ וואַנדערנדיקן „שרייבער" אויסגעלערנט לייענען און שרייבן דייטש און רוסיש און מיר איז נישט שווער געווען אויסלערנען דיזעלבע חכמה מיינע חברים לויט די אָנפאַנגס־ביכלעך און כּללים, וועלכע זיינען ביי מיר געלעגן באַ־האַלטן. דערנאָך, פאַרשאַפנדיק זיך ווערטער־ביכער רוסיש־דייטש שמידס און דייטש-העברייאיש בן־זאבס, האָבן מיר זיך גענומען אויסלערנען יעדן טעג צוויי זייטלעך פון ווערטער־בוך. מיר האָבן זיך אָבער באַלד איבערצייגט, אַז אויף דעם אופן וועלן מיר ווייט נישט אַוועקגיין און נאָך לאנגע זוכענישן האָבן מיר געקריגן צוויי ביכער, — דייטש און רוסיש; דאָס זיינען געווען: אַ דייטשע איבערזעצונג פון פענעלאָנס טעלעמאַק און בולגאַרינס אַ ראָמאַן „איוואַן וויזשיגין", מיט טעלעמאַקן איז, אַ דאַנק דער קרובהשפּפּס פון דער דייטשער שפּראך מיטן יידיש און דער באַקאַנטשאַפט מיט דער דייטשער איבערזעצונג פון תּנ"ך, דער למוד געגאַנגען זייער גוט.

אויסער דער דייטשער שפּראַך, האָבן מיר זיך, אַ דאַנק טעלעמאַקן, באַקאַנט מיטן לעבן און גלויבן פון די אַלטע גריכן. אַ סך שווערער איז אונז געווען צו באַהערשן „איוואַן וויזשיגינען".

פאַרברייגנדיק אונזער גאַנץ לעבן אין חדר און אין קלויז און נישט קומענדיק אין באַרירונג מיט די שטאָטישע איינוואוינער, האָבן מיר קיין רוסיש וואָרט נישט געקאָנט אַרויסריידן. דעריבער האָבן מיר יעדן רוסישן וואָרט געמוזט זוכן אין שמידס ווערטער־בוך, און אַז מיר האָבן אויך דאָס דייטשע וואָרט נישט פאַר־שטאַנען, האָבן מיר געזוכט אין דייטש־העברייאישן ווערטער־בוך.

און מחמת דידאָזיקע ווערטער־ביכער זיינען נישט געווען קיין פולשטענדיקע, איז אויסגעקומען אַ סך ווערטער — איבערהויפּט פרעמד־ווערטער צו טרעפן נאָכן זין נאָך. ווי די מעשה זאָל נישט

זיין האָבן מיר דידאַזיקע ביכער, נאָך לאַנגער און שווערער אַרבעט, סוף־כל־סוף דורכגעשטודירט. ווי גרויס איז אָבער געווען מיין בושה, בעת דער „סטאַנאָוואָי“ זדראַיעווסקי, — פאַר וועמען מיין מאַמע האָט זיך באַרימט מיט מיינע פאָרשריטן אין דער רוסישער שפּראַך — האָט מיך איינמאָל, זייענדיק ביי אונז אין געוועלב, עקזאַמענירט! דערהערנדיק מיין לייענען, האָט ער זיך געהאַלטן פאַר די זייטן פון לאַכן. דער אַקצענט איז געווען אַ משונהדיקער, און ערגער ווי אַלץ איז געווען דאָס, וואָס אין מיין אַלף־בית זיינען נישט געווען קיין צעשנדיקע קלאַנגען און קיין ווייכע א. אַ. ווייל אַזעלכע קלאַנגען זיינען דאָך נישט בנמצא נישט אין דער ביבל־שפּראַך און נישט אין יידיש. נישט בעסער איז אויך אַרויסגעקומען מיין עקזאַמען פון דייטש, בעת ס׳האָט מיר פאַרהערט מיין מוטערס צווייטער פריינט — אַ דייטש, דער עקאָנאָם פון דעם דערבייאיקן גוט. מיין דייטשע שפּראַך איז געווען אומפאַרשטענדלעך, מיין לייענען אומרעגלמעסיק. די אומגעלונגענע עקזאַמענס האָבן ארויפגעוואָרפן אויף אונזער חברה אַן אמתע מרה־שחורה. נאָך אַ לאַנגן טראַכטן זיינען מיר געקומען צום באַשלוס, אַז דער איינציקער מיטל צו דערגרייכן אונזער ציל — איז אָנקומען אין ווילנער ראַבינער־שול. כאָטש מיר האָבן מכוח דערדאָזיקער שול געהאַט זייער אַ נעפּלדיקע פאָרשטעלונג. אין קאַפּוליע פלעגט מעןריידן, אַז פון דערדאָ־זיקער שול, וואָס הייסט כלומרשט „ראַבינערשע“, קומען אַרויס נישט קיין רבנים, נאָר גלחים.

אָבער צי דען קאָן מען גלויבן דעמדאָזיקן פאַנאַטישן, פינסטערן המון? לויט די באַגריפן פון דערדאָזיקער מאַסע, זיינען דאָך מענדעלסאָן און לעווינזאָן אויך — אַפּיקורסים.

איבריגנס, האָבן מיר אין אַ קורצער צייט אַרום געהאַט די מעגלעכקייט זיך צו באַקענען מיטן כאַראַקטער און דער באַ־שטימונג פון דערדאָזיקער שול.

אַ תלמיד פון לעצטן קלאַס פון דער ראַבינער־שול, יעקב גורליאַנד, (שפּעטער פּאָלטאַווער רב) האָט אַרויסגעגעבן אויף העברייאיש אַ בוך אונטערן טיטל „כבוד־הבית“, וואָס די קאַפּוליער וויצלינ־

גען האָבן אים אָנגערופן „בית־הכבוד". אין דאָזיקן בוך האָט דער מחבר אָנגעגעבן דאָס גענויע פּראָגראַם פון די יידישע און אַלגעמיינע לומדים, האָט געשילדערט מיט העלע פאַרבן, דאָס אינערלעכע לעבן פון דער שול, דעם לערער־פּערסאָנאַל און די ערשטע תלמידים, וועלכע האָבן געענדיקט די ראַבינער־שול. דערדאָזיקער בוך האָט ביי אונז ממש אַרויסגערופן אַן אמתע שמחה. „אָט איז דאָס, צו וואָס מיר האָבן געשטרעבט און ענדלעך דערגרייכט!" האָב איך אויסגערופן מיט די ווערטער פון נביא; דאָס איז באמת אַ „הויז פון כבוד", וואו „תורה" און „חכמה" הערשן מיט דיזעלבע רעכט און מיטן זעלבן גלאַנץ. פון אַלגעמיינע לומדים ווערן געלערנט די מאַטעמאַטישע וויסנשאַפטן, פיזיק, געשיכטע און געאָגראַפיע, די רוסישע שפּראַך און ליטעראַטור, ריטאָריק, (רעדנערקונסט), די דייטשע שפּראַך — אַלץ לויטן קורס פון אַ גימנאַזיע; פון די יידישע לומדים — העברייאיש און כאַלדעאיש, תנ"ך, די וויכטיקסטע טיילן משנה און תלמוד, שלחן־ערוך און רמב"ם, יידישע געשיכטע, יידישע טעאָפאָפיע, גייסטלעכע רעדנערקונסט א. אַז. וו. דאָס פּראָגראַם פון די יידישע לומדים האָט אונז מיט זיין גרויס נישט איבערראַשט. עטלעכע פון דידאָזיקע געגנשטאַנדן האָט יעדערער פון אונז געקאָנט אפשר נאָך אין אַ גרעסערער מאָס. פאַר אונז איז אָבער וויכטיק געווען דאָס באַלויכטן דידאָזיקע געגנשטאַנדן דורך די לערער, וועלכע מיר האָבן בלא ראיה פאַרגעטערט, — דורך די בעסטע רעפּרעזענטאַנטן פון דער נייער העברייאישער ליטעראַטור, ווי קאַצענעלבויגן, דער פאָטער און דער זון, מ. פּלונגיאַנסקי, אידעל שערעשעווסקי און די פּאָעטן א. ב. לעבנסזאָן און ש. זאַלקינד, אונטער דער געמיינזאַמער לייטונג און אויפזיכט פון געלערטן יירן ביים קרייז־„פּאַפּעטשיטעל", דעם באַרימטן שרייבער ש. י. פין. דאָס אינערלעכע שול־לעבן, ווי גורליאַנד האָט געשילדערט, איז איינגעאָרדנט געוואָרן לויטן יידישן געזעץ; דריי מאָל טעגלעך האָבן די תלמידים אונטער דער אויפזיכט פון אינספּעקטאָר און די משגיחים געדאַווענט אין דער שול־סינאַגאָגע, דערביי זיינען אַלע פונקציעס פון דאַווענען, ווי

קריאת־התורה א. אַ. וו. דורכגעפירט געוואָרן דורך די תּלמידים גופא. שבתים און יום־טובים האָבן די תּלמידים געהאַלטן אין סינאַגאָגע דרשות, וועלכע זיי פלעגן צוזאַמענשטעלן לויט די אָנווייזונגען פון די לערער.

גורליאַנד, אָפּגעבנדיק לויבגעזאַנגען דער ווילנער רבינער־שול, איז נישט משקר געווען, אויף וויפיל ער האָט געשילדערט דעם רעגולאַמין פון דערדאָזיקער אינסטיטוציע, דאָס ציל, וועלכן די גרינדער האָבן געהאַט אין אויסזיכט. ווי אַזוי דערדאָזיקער רע־גולאַמין האָט אויסגעזען אין דער ווירקלעכקייט –וועגן דעם וועל איך ריידן שפּעטער, אויפן גרונט פון פּערזענלעכער באַקאַנט־שאַפט מיט דערדאָזיקער לעראַנשטאַלט. דער גלויבן אין געדרוקטן וואָרט איז אָבער דעמאָלט געווען ביי אונז זייער שטאַרק, און פאַרלאָזנדיק זיך לגמרי אויף גורליאַנדן, זיינען מיר געווען אַנטציקט פון דער שול. איבריקנס, האָט אונז גורליאַנד געוויזן בפועל ממש די פּאַרטרעפלעכע רעזולטאַטן פון אונטעררריכט, אָפּדרוקנדיק אויבן אָן אין זיין ספר די העברייאישע שירים פון עטלעכע תּלמידים, וועלכע האָבן געענדיקט די שול, און נעמלעך: יונה גערשטיין, פורער און פּומפּיאַנסקי, וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט דער שיינקייט פון סטיל, מיטן וואוילקלאַנג פון די ריטמען און מיט דער וואַרעמקייט פון געפיל. און די ווילנער ראַבינער־שול האָט טאַקע באמת געקאָנט שטאָלצירן מיט אירע תּלמידים פון די ערשטע שוליאָרן. צווישן זיי זיינען געווען, אויסער די דריי אויבנדערמאָנטע, א. שטיינבערג, ל. לעוואַנדא, ש. מינאר (מאָסקווער רב), קאַהאַן (ווילנער רב), א. וואָל, אליהו שערעשעווסקי, ביילין און אַנדערע. אַלע זיינען זיי געווען מענטשן, וואָס יעדער אויף זיין שטייגער האָט גרויס׳ע פאַרדינסטן פאַר דער יידישער פאָלקסבילדונג און לי־טעראַטור.

נאָכן באַקענען זיך מיט גורליאַנדס בוך איז די ווילנער ראַ־בינער־שול געוואָרן אונזער איינציקער ציל, אונזער געליבט לאַנד, וואוהין מיר האָבן מיט דער גאַנצער קראַפט פון אונזער נשמה געשטרעבט פון אונזער מדבר אַרויס. מיר זיינען שוין

געוועז גליקלעך בלויז דערמיט, וואָס ס'האָט זיך אונז געוויזן און אויסוועג פאַר אונזער לאַגע, וואָס נאָך לאַנגע וואַקלענישן האָבן מיר ענדליך געקאָנט אָננעמען אַ באשלוס מכח אונזער צוקינפט. אָבער פון באַשלוס ביז צו זיין פאַרווירקלעכונג — איז נאָך געוועזן אַ גרויסער שריט. אָנקומען אין ראַבינער־שול האָט געהייסן איבעררייסן די באַציונג מיט דער גאַנצער אַרומיקער סביבה, האָט געהייסן פאַרשאַפן יסורי־גיהנם אונזערע עלטערן, אַרויפלייגן אויף זיי אַ שאַנדפלעק. אָבער — אָפּגעלייגט איז נישט אָפּגעזאָגט; מיר האָבן אַ נדר געטאָן און פריער אָדער שפּעטער — אָבער מיר וועלן אים זיכער מקים זיין.

---

XIV

## די מאַטרימאָניאַלע ענינים.

דערווייל האָט מען געדאַרפט טראַכטן מכוח חתונה האָבן, אייבערהויפּט חיים און יענקל. דער ערשטער איז שוין אַלט געוועזן אַ יאָר צוואַנציק, דער צווייטער זיבעצן. אין קאַפּוליע ביי די יאָרן נאָך זיצן אַ בחור — איז געוועזן אויסגעשלאָסן. אַ פאַמיליע, חתונה האָבן — דאָס איז דער יסוד פון לעבן! אָן אַ פאַמיליע האָט דאָס לעבן קיין ציל, קיין זין נישט געהאַט, און דעריבער איז עס געוועזן אַ חרפה. זיצן אַ בחור — איז שלא כדרך הטבע — דאָס הייסט גיין קעגן דער נאַטור און קעגן די געבאָטן פון גאָט, — דאָס איז אַ חטא. דער מאַן און די פרוי צוזאמען בילדן עפּעס גאַנצעס, באזונדער אָבער איז יעדערער פון זיי אַ פּלאָג־גוף, אַ האַלבע זאַך, נישט קיין פאַרענדיקטע בריה. אַ בחור, ווי ער זאָל נישט זיין קלוג און געלערנט, האָט נישט געגאָסן די אַכטונג פון דער געזעלשאַפט, האָט נישט גע־

האָט קיין שטים אין דער קהילה, האָט נישט באַקומען קיין גע-זעלשאַפטלעכן פּאָסטן; נאָר דאָס חתונה האָבן האָט געמאַכט דעם מענטשן פאַר אַ בירגער, פאַר אַ בן-אדם. אי חיים, אי יענקל האָבן באַשלאָסן נישט אָפּצולייגן מער דאָס חתונה האָבן. דאָס האָט נאָך אָבער נישט געהייסן זיך אָפּזאָגן פון באַשטימטן ציל — פון אָנקומען אין ראַבינער-שול. קיינמאָל אין לעבן נישט.

דאָס חתונה האָבן שטערט דאָך נישט אַנדערע קאַפּוליער זיך צו-צוגרייטן אויף ווערן אַ רב און צו דעם צוועק אָפּצוזיצן יאָרן-לאַנג אין די פאַרשיידענע ישיבות און קלויזן, היינט פאַרוואָס-זשע זאָלן זיי, חיים און יענקל, נישט קאָנען נאָך דער חתונה אָנקומען אין ראַבינער-שול? פאַרקערט, דוקא דאָס חתונה האָבן וועט זיי געבן דערצו די נויטיקע מיטלען און די אומאָפּהענגי-קייט פון די עלטערן.

דער אָרעמער חיים, כדי צו גרינדן אַ פאַמיליע, האָט ער זיך גענומען זוכן אַראָפּלאָזן עטלעכע שטאַפּלען נידעריקער אויף דעם גע-זעלשאַפטלעכן לייטער. זיין פאָטער, מיישקע חיי שרהס איז גע-ווען אַ תּלמודיש געבילדעטער מענטש, אַ ביסל פילאָזאָפיש גע-שטימט, פון די תּלמידים און פאַרערער פון רבי בער דעם רב. זיין גאַנץ לעבן האָט ער פאַרבראַכט נישט אין קאַפּוליע, פאַרנעמענדיק זיך אין פאַרשיידענע שטעט מיט מלמדות, אַ פּאַך, וואָס ווערט זייער שלעכט באַצאָלט, און דעריבער איז די הויפּט-שפּייזערין פון דער פאַמיליע און די פאָרשטייערין פון הויז געווען זיין ווייב חיה-שרה, מיטן צונאָמען „די שוואַרצע", לויט אַן אַנדער ווערסיע — „די גראָע," און לויט אַ דריטער — „די לאַנגע", אַ יידענע זייער אַ פרומע, אַ גוטע און אַ געשיקטע, מיט אַנדערע ווערטער, אַן „אשת חיל". אָ, דידאָזיקע חיה-שרה! נישט קוקנדיק אויף איר שוואַרצקייט, לאַנגקייט און גראָבקייט האָב איך איר אַלס קינד זייער ליב געהאַט. און נישט דוקא איך, נאָר אויך אַלע קאַפּוליער בחורים און קלויזניקעס, אפילו די „פּרושים", די אסקעטן, וועלכע האָבן זיך געוויינלעך גע-האַלטן פון ווייטענס סין מין היפה, מיטן ווייבלעכן געשלעכט.

אין קלויז איז זי תמיד געווען אַ געווינשטער גאַסט און יעדן מאָל, ווען זי פלעגט קומען, האָט איר דאָס בכבודיקע פובליקום באַגעגנט מיט פרייליכע אויסרופן און רווישנדיקע אַפּלאָדיסמענטן. און חיה־שרה איז געווען די איינציקע אשה פון די קאַפּוליער ווייבער, וועלכע האָט געהאַט אַ פרייען איינגאַנג אין קלויז. פאַרדינט האָט זי זיך דידאָזיקע שטאַרקע ליבע פאַר די אַרבעס־קאַשע, וואָס זי פלעגט זייער גוט קאָכן און ברענגען פאַרקויפן די קלויז־באַוואוינער. די אַרבעס־קאַשע איז געווען די איינציקע נאַשעריי פאַר די קאַפּוליער בכלל און פאַר די קאַפּוליער קלויזניקעס בפרט. געווען איז אין קאַפּוליע, ווי איך האָב שוין דערציילט, נאָך אַ געשמאַקע נאַשעריי – רעטאַך מיט געגזענע שמאַלץ, מיט ציבעלע און זאַלץ. דאָס איז בלי ספק אַ גוטע זאַך, אָבער די קאַשע וואָס חיה־שרה האָט געקאָכט, האָט געהאַט אַ גרעסערן ווערט, און איז געווען אַ נאַשוואַרג לגמרי פון אַן אַנדער מין. דאָס ערשטע האָט געהאַט אַ טעם אַ שאַרף־ראַפּנירטן, אַ ביטער־געזאַלצענעם. אויך דער ריח איז געווען אַ קאָמפּליצירטער, אַ שאַרפער, וואָס האָט אָנגעכאַפּט פאַר דער נשמה און דערפירט ביז טרערן, — מיט איין וואָרט, ס'איז געווען עפּעס זייער פּיקאַנטעס. די אַרבעס־קאַשע אָבער איז לגמרי נישט געווען פּיקאַנט, דערפאַר איז זי אָבער געווען זיסלעך־צאַרט, ווייך און וואַרם, — עפּעס ווייבלעכעס. ווי אַזוי האָט עס חיה־שרה פאַרשטאַנען פון געוויינלעכן אַרבעס, אָן אַ שום געמיש, צו מאַכן אַזאַ מין דעליקאַטעס — דאָס איז למעלה מן השכל. איך ווייס נאָר איינס, אַז זי איז געווען די איינציקע קינסטלערין אין דערדאָזיקער קאַפּוליער ספּעציאַליטעט. אַ סך אַנדערע קאַפּוליער ווייבער האָבן פּראָבירט, פּשוט מחמת קנאה, איר נאָכצעטאָן און מיט איר צו קאָנקורירן, דערפון איז אָבער גאָר נישט אַרויסגעקומען: חיה־שרהס קאַשע איז געבליבן אויסער יעדער קאָנקורענץ.

טאָג־טעגלעך פלעגט דידאָזיקע חיה־שרה קומען אין קלויז אַריין מיט אַ גרויסן טאָפּ, שוואַרץ ווי זי אַליין, פון וועלכן ס'האָט אַרויסגעשטעקט אַ גרויסע הילצערנע קאָך־לעפל, און דערזעענדיק

איר, פלעגן אַלע בחורים און פּרושים, — צעמאַטערטע און הייזעריקע פון לאַנגן לערנען — אַוועקוואַרפן זייערע גמרות, אַרומרינגלען דער געליבטער חיה־שרה, און קויפן יעדערער אַ שיסל׳לע פון געטלעכן מאכל, און גלייך אויפן אָרט. צוליבן מאַנגל אין לעפל, ווי אויך ווייל ס׳איז געשמאַקער, פשוט עסן מיט די פינגער. אָפּגעגעסן, זיך מחיה געווען און אָפּגעגעפרישט, זיך גענומען ווייטער צום לערנען. און גאָט, ברוך־הוא, האָט געשענקט זיין ברכה דער פרומער חיה־שרהן, איר טעפל איז יעדע שעה פול און באַלד ווידער לעדיק געוואָרן, און די גראָשנס זיינען געפאַלן ווי דער רעגן, און זי האָט זיך געלעבט בהרחבה, אין גליק און צעפרידנהייט. ביי אַזעלכע מעלות פון חיימס עלטערן און מיט זיינע בקיאות אין תלמוד, האָט חיים געקאָנט רעכענען אויף אַ שיינעם שדוך. ער איז אָבער געווען אין אַ שטאַרקן חשד מכח אַפּיקורסות, און אויך די מעשה מיט דער קוזיניע האָט נאָך דער קאַפּוליער עולם נישט געהאַט פאַרגעסן, און ער האָט געמוזט מסכים זיין אויפן שדוך מיט וואָלף דעם בעקערס איינקל. דאָס איז געווען פאַר אים אַ נחות־דרגא, אַ מיאוסער שדוך. און שטעלט אייך פאָר, ווי פּאַסט עס טאַקע: מיישקע חיה־שרהס און — יואל דער בעקער! דערצו איז נאָך דערדאָזיקער יואל געווען אַ מענטש אַ פּראָסטער און מיט פאַרשידענע שגיונות. אַ זון פון אַ דאָרפישן מילנער, איז ער, איבריקנס, ווי אַלע ישובניקעס, געווען ווייניק באַהאַוונט אין דער העברייאישער שפּראַך, האָט קיין שום ידיעה נישט געהאַט מכח די יידישע מנהגים. אפילו זיין יידיש ריידן איז געווען גראָב, נישט גע־שליפן, דורכגעוואָרפן מיט אַ סך „פויערשע" ווערטער, אַזוי, אַז חתונה האָבנדיק מיט אַ קאַפּוליער און באַזעצנדיק זיך אין קאַפּוליע, אין אַ שטאָט פון לומדים און גוטע מאַנירן פאַר עקסעלאַנס, איז ער געווען אַן אַנאָמאַליע, וואָס האָט אויפגעריסן די אויגן. וועגן אים זיינען אַרומגעגאַנגען מאַסן לעכערלעכע אַנעקדאָטן. אַזוי, למשל, בעתן יאָרצייט נאָך זיין טאַטן האָט אים דער שמש, כדי צו מאַכן „אל מלא רחמים", אַ פרעג געטאָן דעם נאָמען פון זיין טאַטן און פון זיידן. יואל האָט אויסגעשריען

אויפן קול: „יאָשקע“ אנשטאָט דעם ביבלישן „יוסף“. און אַז דער שמש האָט דורכאויס געוואָלט וויסן דעם נאָמען פון זיין זיידן, האָט ער מיט גרויס כעס אַ געשריי געטאָן: „און איך, מנול איינער, פון וואַנען זאָל איך דאָס וויסן?! דער טייוול ווייסט אים, ווי ער האָט דאַרט געהייסן!“ ס'איז אויך באַוואוסט געווען זיין אַלטערנאַטיווע: „טאַטע, אָדער דו גיי אין מיל און איך שלאָפן, — אָדער איך גיי שלאָפן און דו גיי אין מיל“.
די קאַפּולירער פּלעגן פון יואלן חוזק מאַכן, אים האָט עס אָבער ווייניק וואָס געאַרט. זיין ווייב איז געווען אַ געהויבענע בעקערין, אירע בולקעס און בייגל זיינען געווען באַרימט אין דער גאַנצער סביבה. זי האָט ביי אים געאַרבעט פון אינדערפרי ביז ביי דער נאַכט, און ער, אַ הויכער, מיט ברייטע פּלייצעס, אַ געזונטער ווי אַ דעמב, האָט איר דעם גאַנצן טאָג געשלעפּט מעל, האָלץ און וואַסער, לחלוטין צופרידן מיט זיך און מיטן ווייב און קוקנדיק פון אויבן אַראָפּ אויף די אַלע בטלנים, „באַנק-קוועטשערס“, ווי ער פלעגט אָנרופן די לומדים, וואָס זיצן תּמיד איבער די ספרים, אָנשטאָט צו טאָן אַן אַרבעט, און האָט זיך געהאַלטן מיט זיי פון ווייטנס. אַפילו מכוח גאָט, ס'איז אַ זינד צו זאָגן, האָט ער נישט געהאַט קיין זייער הויכע מיינונג, און אַז מ'פלעגט אים דערמאָנען וועגן אים, פלעגט ער זאָגן: „זאָל איך פאַרקרענקען דעם גראָשן, וואָס איך האָב פון גאָט. וואָס איך האָב נישט פאַרדינט מיט מיינע צען פינגער, דאָס האָב איך נישט!“

יאָ, אַ משונהדיקער מענטש איז געווען דערדאָזיקער יואל!

בעת די תנאים האָט עפּעס עמעצער דערקלערט יואלן, וואָס פאַר אַ גליק ס'איז פאַר אים צו קריגן אַזאַ למדן אַן איידעם, ווי חיים, האָט ער געענטפערט: „יאָ, איך האָב געקראָגן אַ גוטן ענדיק; אָבער ווייסט איר ווען דעם פויער קומט אויס צו פאַרזוכן ענדיק-פלייש? ווען דער ענדיק איז געוואָרן טריף און מ'קאָן אים קויפן פאַר אַ צענער.“

יאָ, נאָר אַ דאַנק זיין „טרפות" איז חיים אריינגעפאַלן אין יואלס משפחה!

באַלד איז אַהין אַריינגעפאַלן אויך יענקל. דערזועלביקער יענקל דער אסקעט, וועלכער האָט דאָ נישט לאַנג געהאַלטן פאַר אַ חטא צו קוקן אויף דער אומשולדיקער 13-יאָריקער שטיפערין הינדעלע, האָט איצט געגומען – אָט דאָס איז דער כּוח פון פראָגרעס!– און זיך איבער די אויערן פאַרליבט אין חיימס שוועגערין. א דאַנק זיין פייערדיקן טעמפּעראַמענט, האָט ער זיך אַ נעם געטאָן מיט אַלע כּחות, אָפּגעגט זיין דאָרפישע ווייב און חתנה געהאַט מיט זיין געליבטער.

---

XV

## מיינע ערשטע תנאים.

באַלד איז אויך געקומען מיין צייט זיך צו שדכנען, כאָטש איך בין אינגאַנצן אַלט געווען 15 יאָר. איך און מיין פאָטער זיינען פּרינציפּעל געווען קעגן פּריצייטיקע התונות, די מאַמע אָבער האָט זיך שטאַרק געאיילט. „דער טאַטע, האָט זי מיר דער־קלערט, וואַרפט זיך מיט געלט, אָבער וועגן אַ תּכלית קלערט ער נישט; קיין קאַפּיטאַל פאַרמאָגן מיר נישט, נישט קוקנדיק דערויף וואָס מען האַלט אונז פאַר גבירים. אַז מ'וועט טאָן אַ שדוך און דער טאַטע וועט זיך מתחייב זיין איינצעלייגן נדן, וועט ער איינלייגן, כל-זמן ער האָט אַ פּאָסטן, און אויב נישט, אָט ענדיקט זיך באַלד דער געשעפט אין ביעלאָוויעזש, און דער טאַטע בלייבט אָן אַ שטעלע – דעמאָלט וועט זיין צו שפּעט."
און ווידער האָט זי אָנגעהויבן באָמבאַרדירן דעם טאַטן מיט בריוו און דאָסמאָל האָט זי אים, ווי ס'שיינט איבערצייגט, ווייל

ער איז אַהיים געקומען נישט אין קיין געוויינלעכער צייט — אויף פסח אין רעכטן ברען פון דער אַרבעט אין ביעלאָוועזשער עסק — די צייט פון אַרויספירן און בינדן דאָס געהילץ אין פלאָטן. פון די אַלע פאָרגעשלאָגענע שדוכים האָט מען זיך אָפּגעשטעלט אויפן שדוך פון דער שטאָט ז., וואָס האָט זיך געפונען 8 מייל פון ק. דער מחותן איז געווען אַ למדן און אַ יחסן, האָט געהאַט אין דער משפחה אַ סך רבנים און איז געווען אַ קרוב פון אַ סך גבירים. און די מחותנת איז געווען אַ זעלטענע פרוי. אַ געבאָרענע אין קורלאַנד, האָט זי, ווי בכלל די קורלענדערינס, פאַרשטאַנען צו פאַרייניקן אין זיך וועלטלעכקייט מיט פרומקייט, די דייטשע קולטור מיטן פינקטלעכן אָפּהיטן די יידישע מנהגים. מ׳האָט זאָגאַר געוואוסט, אַז זי פלעגן פאָרן אויף קוראַציע קיין קראַנץ און קיין פראַנצענסבאַד. אין אונזער צייט איז דאָס פאָרן פון יידישע פרויען קיין אויסלאַנד אַ געוויינלעכע דערשיינונג, דעמאָלט אָבער איז עס געווען אַ באַווייז פון אריסטאָקראַטיזם און רייכטום. מיט איין וואָרט דער שדוך איז געווען זייער אַ פּאַסענדער. צוליב דעם, וואָס דער טאַטע האָט געהאַט זייער אַ קורצן אורלויב, האָט מען זיך געמוזט שטאַרק צו איילן. שטאַפעטן און שדכנים (זיי זיינען געווען גאַנצע צוויי) זיינען געפלויגן קיין ז. און צוריק פעסטצושטעלן די באַדינגונגען פון קעגנזייטיקן אָפּמאַך צווישן ביידע צדדים און אויך כדי צו באַשטימען די צייט פון תנאים. ס׳איז נישט געווען קיין קליינקייט. פאָרן אויף תנאים קיין ז. האָט דער פאָטער געהאַלטן נישט לפי כבודו. דאָס וואָלט הייסן אָנערקענען דעם יתרון פון מחותן איבער זיך, דאָס הייסט, אַז דער טאַטע וויל זייער דעם שדוך. מחמת דערזעלבער סבה האָט אויך דער מחתן בשום אופן נישט געוואָלט קומען צו אונז. מ׳האָט געמאַכט אַ פשרה, און דער קאָמפּראָמיס איז באַשטאַנען דערין, אַז ביידע צדדים האָבן מסכים געווען זיך צונויפצעפאָרן אין אַ קרעטשמע, וואָס האָט זיך געפונען אויף העלפט וועג, אויף אַ גלייכן שטח ווי פון ז. אזוי אויך פון ק. צענויפפאָרן זיך איז באַשטימט געוואָרן אויפן ער שטן טאָג נאָך פסח.

אין משך פון דער גאַנצער צייט, בעת ס'האָבן זיך געפירט די אונטערהאַנדלונגען און די הכנות צו די תנאים, האָב איך זיך געפונען אין אַ צושטאַנד פון שרעקלעכער גייסטיקער אויפרעגונג. שוין אַ צייט לאַנג, זינט איך האָב זיך באַקאַנט מיטן „אהבת-ציון" האָב איך זיך אַרומגעטראָגן מיטן אידעאַל פון דער ווייבלעכער שיינקייט און איידלקייט, וועלכע זיינען פאַרקערפּערט אין דער וואונדערבאַרער תמר, דער העלדין פון ראָמאַן. תמר איז געוואָרן מיין זיסער טרוים אין די שעהן פון איינזאַמקייט בייטאָג און ביינאַכט.

אָן תמרן, איז די וועלט געווען פאַרבלאָז, אומעטיק, נישט אינטערעסאַנט. תמר עקזיסטירט. זי איז אייביק, אומשטערבלעך; איר גייסט פאַרקערפערט זיך צו אַלע צייטן אין נייע קערפערס, באַלעבנדיק און אַנטציקנדיק אַלץ אַרום זיך. און פאַרוואָס זאָל די כלה, וואָס מ'שלאָגט מיר פאָר, נישט זיין תמר? לויט די שילדערונגען פון די שדכנים איז זי שיין, געבילדעט, גוט און איידל. יאָ, זי איז תמר און איך בין אמנון! און איך שרייב איך פייערדיקע שירים אין דער העברעאישער שפּראַך. איינער פון דידאָזיקע שירים אונטערן טיטל „מיין טייערער תמר" איז זאָגאַר געווען זייער געלונגען. ער איז באַשטאַנען פון 15 סטראָפן, צו 6 שורות יעדע, אין יעדער שורה עלף ווערטער, און אָנגעשריבן איז'ס געווען מיט וואוילקלינגענדיקע ריטמען און לויט אַלע רעגלען פון דער גראַמאַטיק און דיכטונג.

חיים און יענקל, איבערלייענענדיק דעמדאָזיקן שיר, האָבן לאַנג געלאַכט. „וואו איז דיין תמר און וואָס ביסטו פאַר אַן אמנון?" האָבן זיי געפרעגט. רייד מיט זיי! זיי זיינען מענטשן חתונה-געהאַטע, יענקל שוין אפילו צום אַנדערן מאָל און אויף „דער ליבע", אויף דערדאָזיקער „בת האלהים", ווי ס'רופן איר די דיכטער, קוקן זיי צו פּראָסט, מאַטעריאַליסטיש. זיי דאַרפן קאָנען אַלץ אָנטאַפּן מיט די פינגער. דער שיר גופא אָבער, זיין סגנון און ריטם איז זיי זייער געפעלן געוואָרן. ענדלעך איז געקומען דער טאָג, אויף וועלכן איך האָב מיט אַ ציטערניש געוואַרט.

באַלד אינדערפרי זיינען שוין פאַר אונזער שטוב געשטאַנען גרייט פיר פורן. מיין פאָטער—אַ מענטש מיט אַ ברייטער נאַטור, האָט ליב געהאַט דעם אויסערלעכן גלאַנץ. האָט ער מיטגענומען מיט זיך אויף די תנאים אַ גאַנצע סוויטע, וואָס איז באַשטאַנען פון גוטע פריינט און אָנגעזעענע קרובים. דאָ זיינען געווען בערקע דער חזן, נח חוהלס און דער פעטער רבי לייזערקע און מיין געוועזענער מלמד רבי לייזער יענקל, — אַלץ מענטשן מכובדים, יעדערער אויף זיין שטייגער.

איינס אַ זייגער בייטאָג זיינען מיר צוגעפאָרן צו דער באַשטימטער קרעטשמע. דידאָזיקע קרעטשמע, וואָס אין מיין פאַנטאַזיע איז זי געווען באַלויכטן מיט די ליכט-שטראַלן פון מיין געטלעכער תמרס פנים, האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר זייער פראָזאאיש: אַ געוויינלעכע ליטווישע קרעטשמע מיט אַ שטרויענעם דאַך, אַ ליימענער פאָדלאָגע און קליינע טונקעלע פענסטער. די מחותנים זיינען נאָך נישט געווען. אונזערע האָבן זיך געפונען באַליידיקט: „דאָס מאַכט מען בכיון, מ'לאָזט אויף זיך וואַרטן, אַרויסווייזנדיק דערמיט זייער יחוס," האָבן געזאָגט אַלע אין איין קול. אָבער וואַרטנדיק אויף די געסט, האָט מען דערווייל געשטעלט דעם סאַמאָוואַר, צושטעלט די גלעזער, טעלער, מיט געבעקס א. אז. וו.

און אָט פאָרן זיי! אַלע זיינען צוגעלאָפן צו די פענסטער. פון דער ווייטן, פון דורכן וואָלקן שטויב האָט זיך באַוויזן אַ וואָגן מיט פיר פאַסאַזשירן: צוויי פון ווייבלעכן געשלעכט — די כלה מיט איר מוטער, האָבן מיר פאַרשטאַנען, און צוויי מענער — דער כלהס פאָטער און דער צווייטער מיט אַ רויטער טיכל אויפן האַלז, אַנשטאָט אַ קראַוואט. און אָט זיינען זיי אַראָפּ פון וואָגן. ס'האָבן זיך אָנגעהויבן די געוויינלעכע באַגריסונגען און דאָס קעגנזייטיקע פאָרשטעלן די סוויטעס. דער טאַטע און דער מחותן האָבן זיך געהאַלטן פריינטלעך, בכבודיק, אָבער יעדערער האָט זיך באַמיט נישט איבערצוכאַפּן די מאָס פון דער פריינט-לעכקייט און דעם כבוד. יעדערער האָט געוואָלט אימפּאָנירן מיט זיין פערזענלעכקייט. מיין פאָטער האָט נישט ווילנדיק באַצויבערט

מיט זיין הויכן וואוקס, מיטן שיינעם און גוטן געזיכט, מיט דער עלעגאַנץ פון זיינע דייטשע קליידער און מיט זיינע אַריסטאָ־קראַטישע מאַנירן, און דער מחותּן — מיט זיין „ויידענער" באַ־נעמונג, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין זיין לאַנגזאַמען ריידן, אין די צאַרטע אין ווייכע באַוועגונגען און אין געקנייטשטן שטערן. זיין לאַנגע זיידענע קאַפּאָטע און די סאַמעטענע היטל זיינען געלעגן אויף אים עפּעס ווי נאַכלעסיק. דידאָזיקע נאַכלע־סיקייט איז אָבער געווען אַ פּאָרויסבאַשטימטע: אָט זאָלן דידאָ־זיקע אויפגעקומענע גבירים זיך באַווייזן מיט זייער אויסער־לעכקייט, מיר דאַרפן עס לגמרי נישט האָבן. פונדעסטוועגן האָבן ביידע מחותּנים גלייך באַוויזן, אַז נישט קוקנדיק אויפן בלומרשטן געגנזאַץ פון זייערע ריכטונגען, קאָנען זיי איינער דעם אַנדערן אָפּשאַצן. פון מחותּנס דערציילונג האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַז ער איז גאָר נישט אַזאַ פאַנאַטישער תּלמודיסט, ווי ס'זעט אויס אויפן ערשטן בליק. ער איז באַקאַנט אי מיטן רמב"ם, אי מיטן „בעל עקדה" (אַ פילאָזאָפיש־סכאָלאַסטישער פּירוש צום תּנ"ך). ער איז געווען געשעפטלעך אי אין לאַפּסק (לייפּציג), אי אין גינשפּריג (קעניגסבערג) און דעריבער זיינען אים נישט פרעמד די מאָדערנע לעבנס־באַדערפנישן. אין דעם טאַטנס דערציילונגען אָבער האָט זיך געשפּירט דער וואונש צו באַווייזן, אַז נישט קוקנדיק אויף זיין אויסערלעכן אייראָפּעאיזם, האַלט ער שטאַרק פון דער תּורה און פון דער הייליקער טראַדיציע, אַזוי אַז ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי זיינען גאָרנישט אַזוי ווייט איינער פון אַנדערן אין מאָראַלישן זין. יאָ, מיט מענער איז נאָך אַ האַלבע צרה, זיי קאָנען זיך צופּאַסן צו מענטשן און אומשטענדן. גאַנץ אַנדערש איז אָבער די מעשׂה מיט ווייבער. שאָפּענהויער האָט נאָך באַמערקט, אַז דער ערשטער גע־פיל, וואָס דריקט זיך אויס אינסטינקטיוו ביי דער באַגעגעניש פון צוויי אומבאַקאַנטע ווייבער, איז דאָס געפיל פון פיינטשאַפט.

און צווישן דער מאַמען און דער מחותּנתטע האָבן זיך די באַ־ציאונגען בשום אופן נישט געקאָנט איינשטעלן ווי געהעריק,

און ביזן סוף זיינען זיי געבליבן אָנגעצויגן, קאַלט, כמעט פיינטלעך.

און באמת זיינען זיי געווען פרויען פון פאַרשידענעם אויסזען, פון פאַרשידענער דערציאונג און פון פאַרשידענע כאַראַקטערן. מיין מוטער, ברייטער ווי לייגער, איז געווען אַ פרוי, אַ גוטע, נאָר אַ פשוטע. יענע אָבער, אַ הויכע, אַ מאָגערע, מיט אַ דינער שפּיציקער נאָז — אָ, די שפּיציקע נעז! זיי זיינען תמיד אַ סימן פון פאַלשקייט און שלעכטקייט! — איז געווען אַ גראַנד-דאַמע, אַ קורלענדער מאַטראָנע, האָט גערעט ריין דייטש, גע-לייענט דעם תנ"ך אין אָריגינאַל, און שוין ביי דער ערשטער באַגעגעניש האָט זי געלאָזן פילן דער מאַמען, אַז זי שטייט העכער פון איר. מיין מוטער האָט זיך ביי אַזאַ פריילעכער גע-שעניש, ווי די תנאים פון איר געליבטן בחור, אויסגעפּוצט אין עסיק און אין האָניק; זי האָט זיך געמאַכט אַ נייע זיידענע קלייד, אָנגעטאָן לאַנגע אוירינגלעך און אויפן האַלז — פערל. זי האָט געהאַט אַן אייגענעם שנור פערל, האָט זיך איר אָבער געדאַכט, אַז דאָס איז ווייניק און פאַרן פאָרן האָט זי אַ כאַפּ געטאָן ביי אַ שכנה נאָך אַ שנירל און אָנגעטאָן נאָך פאָרנדיק אין וועג. די מחותנתטע אָבער איז געווען אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצער וואָלענער קלייד, געניייט מיט גרויס געשמאַק, אָבער נישט קיין נייע, כדי דערמיט צו ווייזן, אַז זי איז תמיד אָנשטענ-דיק אָנגעטאָן און דאַרף זיך נישט נייען קיין קלייד צוליב אַ תנאים.

קיין שום צירונג האָט זי נישט געטראָגן, אויסער אַ פּאָר קליינע בריליאַנטענע אוירינגלעך. בכלל האָט זי שוין צופיל דעמאָנ-סטרירט איר נאַכלעסיקע באַציאונג צו טואַלעטן און איר פער-זענלעכן ווערט. און כדי דאָס נאָך שאַרפער צו געבן פילן מיין מוטער, האָט זי, באַקוקנדיק איר קלייד מיט אַ מינע פון אַ גרויסן מבין, בעזאָגט, אַז די שטאָף איז זייער אַ גוטע, אָבער דאָס קלייד איז אויפגענייט שלעכט; „ווי ס'ווייזט אויס, האָט מען זיך געאיילט פאַרטיק צו מאַכן צו די תנאים", האָט זי צוגעגעבן

װעלנדיק פֿלומרשט פֿאַרטײדיקן דעם שנײדער. דאָס איז געװען אײן שטאָך־װאָרט. דער צװײטער איז אָבער געװען נאָך ערגער. כּדי געבן דער מאַמען צו פֿילן, אַז זי פֿאַרשטײט, אַז דער צװײטער שנור פּערל איז אַ פּרעמדער — האָט זי, מאַכנדיק אן אָנשטעל פֿון מיטגעפֿיל, אױסגעשריגן: „אַך, מחותּנתטע, נעמט אַראָפּ דעם שנור פּערל, ער איז נישט נאָך אײער מאָס, ער שטיקט אײַך. איר האָט שױן זאָגאַר אױפֿן האַלז אַ בלױען צײכן!" דאָס איז געװען פֿון איר זײט זײער נישט פֿײן, און די מאַמע האָט עס איר קײנמאָל נישט מוחל געװען. בײ מיר פֿערזענלעך האָבן בײדע, אי דער מחותּן אי די מחותּנתטע, בײ זײער גאַנצער ליבנסװירדיקײט און פֿרײנטלעכקײט צו מיר, אַרױסגערופֿן אַן אומאַנגענעם געפֿיל — אַ געפֿיל פֿון מורא. מײַן גליק איז איצט בײ זײ אין די הענט. זײ זײנען געקומען מיך זען. װעל איך זײ געפֿעלן — איז גוט, אויב אָבער נישט — פֿאַרקירעװען זײ די פֿור און פֿאָרן אַװעק מיט דער כּלה אַהײם. נאָך מער אָבער האָב איך זיך געשראָקן פֿאַר יענעם בעל־דבר מיטן רױטן טיכל אױפֿן האַלז. דאָס איז געװען אַ פֿאַר־שױן מיט אַ קרומער נאָז, אונטן אױסגעבױגן אױף לינקס אין דער פֿאָרם פֿון קאָכס אַ פֿאַרגרעסערטן כאָלערע־באַציל, און דער לינקער פֿוס איז בײ אים געװען קירצער פֿון רעכטן. צוליב דעם איז זײן גאַנצע לאַנגע, מאָגערע פֿיגור אױסגעבױגן געװען אױף לינקס. אָנגעטאָן איז ער געװען אין אַ שװאַרצער סאַטינאָװער קאַפּאָטע מיט אַ מאַסע לעכער, פֿון װעלכע ס'האָט אַרױסגעקוקט שמוציקע װאַטע און אױפֿן קאָפּ האָט ער געטראָגן אַן אױסגע־קראָכענעם פֿוטערנעם היטל מיט אַ לאַנגן סאַמעטענעם, אָפּגעקראָ־כענעם שפּיץ. אָבער נישט קוקנדיק אױף דער שרעקלעכער לינקײט מיט דער מאָוסער קרומקײט, איז אין דעמדאָזיקן מענטשן געװען עפּעס שטאָלצעס, חוצפּהדיקס, עפּעס אַ מין בטול־באַ־ציאונג צו דער גאַנצער אַרומיקער סביבה.

דידאָזיקע שטאָלצקײט האָט זיך אױסגעדריקט אי אין די אױגן, אי אין דעם לאַנגן האָריקן היטל און אינם הױכן רבנישן שטערן.

— ווער איז דערדאָזיקער פאַרזעעניש ? — האָב איך אַ פרעג געטאָן ביי לייזער יענקלען, אָפּרופנדיק אים אין אַ זייט.
— דו ווייסט נישט? דאָס איז דאָך רבי שליימקע, דער אייזערנער קאָפּ, דער דין פון ס. פששש! אַ פייערדיקער למדן! אַ חריף! דער שכל — אַ שאַרפער שווערד! איך קאָן אים גוט. אינאיינעם זיך געלערנט אין פאַרשידענע קלויזן.
— צו וואָס האָבן זיי נאָך אים אַהער געשלעפּט! — האָב איך אַ זאָג געטאָן מיט כּעס.
און די כלה? פון איר האָט מען אייגנטלעך געדאַרפט אָנהויבן, נאָר איך בין געווען אויפגערעגט און צושראָקן. דערצו האָט מען געהאַלטן פאַר נישט אָנשטענדיק צו קוקן אויף דער כלה; מען האָט געדאַרפט מאַכן אַ מינע, אַז מ'באַמערקט איר גאָר נישט. אָבער איך קאָן זיך בשום אופן נישט איינהאַלטן און וואַרף אויף איר בגנבה אַ זינדיקן, שרעקעדיקן קוק. איך באַגעגן אויף איר בליק, געוועגט אויף מיר. דאָס רעגט מיך שטאַרק אויף און יעדן מאָל לאָז איך אַראָפּ די אויגן. יאָ, זי איז שיין, הויך... העכער פון מיר מיט אַ גאַנצן קאָפּ (זי איז געווען מיט אַ יאָר דריי עלטער פון מיר). צי איז זי נישט אַן אמתע תמר? יאָ, זי איז אַ שטאָלצע, אַ דרייסטע. און דערדאָזיקער דורכדרינגענדיקער בליק אירער און דער שמייכעלע אויף אירע ראָזע ליפּן?

וואָס באַדייט דערדאָזיקער שמייכל? פאַרגעניגן אָדער ליצנות? ווער ווייסט?

כאָטש דער טאַטע מיטן מחותן האָבן זיך שוין שריפטלעך צונויפגערעדט מכח די באַדינגונגען פון שדוך, זיינען נאָך געבליבן עטלעכע נישט אין גאַנצן פעסטגעשטעלטע פונקטן, וועלכע האָבן געמוזט זיין פּינקטלעך פאָרמולירט, כּדי אַנטגילטיק צו פאַרענדיקן דעם אָפּמאַך. ס'האָבן זיך אָנגעהויבן אונטערהאַנדלונגען, וועלכע האָבן זיך, אמת, געפירט רואיק און העפלעך, אָבער דאָך האָט יעדע מינוט געדראָט די געפאַר, אַז דער גאַנצער ענין זאָל בטול ווערן צוליב דער עקשנות, מיט וועלכער יעדער צד האָט פאַרטיידיקט זיינע פאָדערונגען. מיך האָבן דידאָזיקע אונטער-

האַנדלונגען שטאַרק אויפגערעגט: צי לוינט עס באמת זיך צו־דינגען צוליב אַ הונדערטער, בעת ס׳האַנדלט זיך וועגן מיין לעבנסגליק? און דער מחותן ווענדט זיך בינו לבינו צו מיר מיט אַ זיסן שמייכל:

— דו לאַנגווייליקסט זיך, מיין טייערער! גיי דערווייל צו רבי שליימקען ביז מיר וועלן ענדיקן דעם ענין, און רייד מיט אים דברי־תורה.—רבי שלמה, — האָט ער זיך געווענדט צום קרומען, — ברייננגט אַ גמרא און פאַרהערט אונזער חתן!

דאָס איז געווען פון זיין זייט אַ געשיקטער פּאָליטישער צוג, כּדי צו באַוועגן מיין פאָטער אויף הנחות.

מיין פאָטער האָט זיך באַליידיקט, האָט אָבער געמאַכט אַ צופרי־דענעם פּנים און געזאָגט: „אָ, איר קאָנט אים פאַרהערן וויפיל און אין וואָס איר ווילט!" איך אָבער בין געווען שרעקלעך אויפ־גערעגט: אַ משונהדיקער איינפאַל! עקזאַמענירן ווילן זיי מיך גאָר! און נאָך דערצו גלייך דא אויפן אָרט, פאַר אַלעמען אין די אויגן, אין דער געגנוואַרט פון איר?! ס׳איז פשוט אַן אומ־געהערטע זאַך!

— אָט פאַרוואָס זיי האָבן דאָס געבראַכט צו שלעפּן דעמדאָזיקן קרומען פאַרזעניש! — האָב איך געזאָגט שטילערהייט צו רבי לייזער יענקלען.

— און דו האָסט געמיינט צו וואָס? האָט ער געענטפערט.—האָסט אָבער נישט וואָס מורא צו האָבן. קאָנסט, גאָט צו דאַנקען, לערנען. נאָר זיך נישט שרעקן און נישט אויפרעגן!

אָבער דאָך, אַזוי זאָגנדיק, האָט זיך רבי לייזער יענקל גופא, ווי ס׳ווייזט אויס, אַליין געשראָקן און אויפגערעגט. פאַר אים איז דער אָדער יענער אויסגאַנג פון עקז מען געווען נישט אַלץ איינס: אין פאַל, ווען ס׳זאָל נישט געלינגען און די תנאים זאָלן נישט צושטאַנד קומען, פאַרלירט ער די מתנה, אַ סכום פון עטלעכע רובל, וואָס אים קומט אַלס דעם חתנס לערער. אָבער דאָס איז נאָך נישט אַלץ. וויכטיקער פון אַלץ איז פאַר אים, פאַר רבי לייזער יענקלען, געווען זיין פּרעסטיזש, זיין כּבוד: מיין מפּלה וואָלט אויך געווען זיין מפּלה. און ער האָט אָנגע־

שטעלט די אויערן, קייענדיק ווילד דאָ די צונג, דאָ די פּאות, וואָס ער האָט געהאַט אַ טבע צו טאָן, בעת ער פלעגט זיין שטאַרק אויפגערעגט. רבי שליימקע איז דערווייל געגאַנגען צום וואָגן אַרויסנעמען דעם ספר, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט, און צוריקקו־מענדיק מיט אַ גראָבער גמרא, האָט ער איר אַוועקגעלייגט אויפן טיש.

ס'איז געווען מסכתא „חולין" (אַ תּלמודישער טראַקטאַט מכּח שחיטת־בּהמות), אַ טראַקטאַט אַ שווערער, וואָס אין חדר האָט מען אים זייער זעלטן געלערנט. רבי שליימקע האָט לאַנג געמישט די גמרא, זוכנדיק, ווי ס'שיינט, אַן אָרט אַ שווערן, אַ פּלפּולדיקן. אָ, וואָס פאַר אַ שנאה איך האָב דעמאָלט געשפּירט אי צו רבי שליימקען, אי צום תּלמוד!

אָבער, אין ברירה. איך האָב זיך אַוועקגעזעצט אויפן אָרט, וואָס מ'האָט מיר אָנגעוויזן און זיך אַ נעם געטאָן צום ספר, ווארפנ־דיק פון וויטן אַ קוק אויף דער כּלה. זי איז געשטאַנען ווי־פריער, אַ רואיקע, און מיט אַ שמייכל אויף די ראזע ליפּן האָט זי געקוקט אויף מיר, אָבער מיר האָט זיך געדוכט, — איך האָב געגלויבט, גיכער געוואָלט גלויבן, — אַז דערדאָזיקער שמייכל האָט אויסגעדריקט רחמנות צו מיר.

איך האָב געוואוסט, אַז זי וועט נישט אַראָפּנעמען פון מיר די־אויגן די גאַנצע צייט, וויפיל ס'וועט דויערן דערדאָזיקער אומ־גליקלעכער עקזאַמען. בעת די אָלימפּישע שפּילן און אויף די ריטערלעכע טורנירן פלעגט די אנוועזנהייט פון דער געליבטער פּערזאָן צוגעבן מוט און נישט איין מאָל האָט עס מיטגעהאָלפן צום נצחון. אויף מיר אָבער האָט דידאָזיקע אנוועזנהייט גע־ווירקט אָפּשרעקנדיק, צעמישט די געדאַנקען, פאַרטונקלט דעם מוח, בעת ער איז מיר געווען נויטיקער ווי ווען ס'איז. אָבער — אין מאָמענט פון סכנה קומען די קרעפטן, און באַלד איז מיר געלונגען זיך צו באַהערשן, צו באַרואיקן און אויפן געהע־ריקן אופן אַריינצודרינגען אין דער אויפגעגעבענער טעמע. איך האָב אָנגעהויבן לערנען פריער צושראָקן, אָבער באַלד דריי־סטער; רבי שליימקע האָט צופרידן געשאָקלט מיטן קאָפּ: „אַזוי,

אַזוי! גוט, זייער גוט!" האָט ער אָפּט אויסגערופן, כדי מיר צו־צוגעבן מוט. מיט איין וואָרט, אַלץ איז געווען על צד היותר טוב. אָבער פּלוצלונג האָט מיך רבי שליימקע אָפּגעשטעלט און פאָרגעלייגט אַ פראַגע, — אַ פראַגע אַ געפערלעכע. דאָס איז געווען אַן אָנפאַל, אַן אומגעריכטער, פון הינטן, דוקא אין אַזאַ מאָמענט, בעת איך האָב מיך אויף איר אַמווייניקסטן געריכט. אין אַן אַנדער צייט, ביי אַנדערע באַדינגונגען, בעת מ׳דאַרף זיך נישט יאָגן, וואָלט איך, נאַטירלעך, געקאָנט געפינען אַ דערקלערונג; אָבער איצט, ווען איך ווייס, אַז אַלע קוקן אויף מיר מיט טויזנט אויגן, אַז דאָס קלענסטע וואַקלען זיך איז ממש סכנת־נפשות?! דאָ איז מיר געקומען צו הילף לייזער יענקל, וועלכער איז די גאַנצע צייט געשטאַנען נעבן מיר אויף דער וואַך.

— אייער קשיה, רבי שליימקע, האָט ער געזאָגט, —איז גע־שטעלט נישט ריכטיק.

— פאַרוואָס נישט ריכטיק?! האָט זיך אויף אים אַ וואָרף געטאָן רבי שליימקע.

אָנשטאָט אַן ענטפער אויף רבי שליימקעס קשיה, האָט אים לייזער יענקל געשטעלט צוויי אַנדערע קשיות, איינע נאָך דער אַנדערער, וואָס פון זייערע תשובות באַדאַרף זיך אינגאַנצן אַרויס־ווייזן די נישט ריכטיקייט פון רבי שליימקעס קשיה. פאַר אים איז עס נישט דער ערשטער מאָל, און מוטיק פאַרטיידיקט ער זיך. אָבער רבי שליימקע פאַלט אָן און אַלץ שטאַרקער און שטאַר־קער, און ס׳האָט זיך פאַנאַנדערגעפלאַקערט אַ ווילדער קאַמף. נאָך אַ מאָמענט — און איינער דעם אַנדערן וועט אויסרייסן באָרד און פאות, ס׳וועט זיך גיסן טייכן בלוט...

איך האָב איבערגעלאָזן די גמרא און די קעמפּער און בין אַוועק צום טיש פון די דאַמען, וואו מיין מוטער האָט דערלאַנגט טיי און מכבד געווען מיט די מיטגעבראַכטע זיסע זאַכן.

— נו, וואָס? דו ביסט אַוועק? — האָט מיך די מאַמע אַ פרעג געטאָן.

— איך האָב שוין מיינס אָפּגעטאָן, — האָב איך געענט־פערט, — זיי רייסן זיך דאָרט, טאָ זאָלן זיי זיך רייסן!

איך האָב קיין שום חשק נישט מיט זיי זיך צו שלאָגן,–האָב איך צוגעגעבן מיט אַ געלעכטער.

אַלע האָבן זיך צעלאַכט. געלאַכט האָט אויך מיין כּלה, ווי ס'שיינט, שטאַרק צעפרידן מיט מיין תּשובה.

– ווייסט, מאַמע, דו טוסט אַ גוטע זאַך, ווען דו ביסט מיר אויך מכבד מיט אַ גלאָז טיי; ס'איז מיר פּשוט טרוקן געוואָרן אין האַלז.

– אָ, יאָ,–האָט זיך אָפּגערופן די מחותּנתטע.–דיר קומט עס לכּל הדעות נאָך אַזאַ לעקציע. נישט די מאַמע, נאָר מיר דאַרפן דיר מכבד זיין.–קריינדעלע – האָט זי זיך געווענדט צו דער כּלה,– לויף נאָר צום קויש און ברייננ אונז איינגעמאַכטס!

די כּלה איז געלאָפן, האָט געבראַכט איינגעמאַכטס און זיסע געבעקס און האָט מיר אָנגעגאָסן אַ גלאָז טיי.

אָ, ווי געשמאַק זיינען געווען די מאַכלים, וואָס זי האָט מיר דערלאַנגט! אַזעלכע גוטע זאַכן האָב איך נאָך קיין מאָל אין לעבן נישט געגעסן!

און דאָרט, ביי די „לומדים" האָט זיך נאָך געצויגן דער פּאַרצווייפלטער קאַמף. ביידע האָבן שוין געשוויצט, זיינען שוין הייזעריק געוואָרן – און דער קאַמף האָט זיך נאָך אַלץ געצויגן. איינער צוקלאַפּט דעם אַנדערן מיט ווירטיקע באַווייזן. אָבער קיינער פון זיי וויל זיך נישט אַנערקענען פאַר באַזיגט. סוף כּל סוף האָט זיך אין דעם ענין אַריינגעמישט דער מחותּן.

– רבי שלמה, הערט נאָר, רבי שלמה!

– נו, וואָס?

– זאָגט אונז נאָר, איך בעט אייך, ווי געפינט איר אים? ער קאָן טאַקע לערנען?

– קאָנען קאָן ער,– האָט געענטפערט רבי שליימקע, אָנווייזנדיק מיטן האַנט אויף לייזער יענקלען, – דער מח איז אָבער אַ קרומער.

– איך פרעג נישט וועגן לייזער יענקלען, איך רייד מכּוחן חתן.

— אַך, מכוחן חתן? נו, וואָס איז דאָ צו ריידן! גאָט זאָל בענטשן אַלע יידן מיט אַזוינע קינדער! אַ גוט קעפּל! אָבער איך רייד מכוח לייזער יענקלען.

ער איז בלתי ספק אַ גרויסער למדן, — דער קאָפּ איז אָבער אַ קרומער!

— אַליין איז ער קרום פון קאָפּ ביז די פיס, — האָט אויסגעשריגן רבי לייזער יענקל, — און זאָגט, אַז מיין קאָפּ איז אַ קרומער! זאָגט אַליין, צי איז ער גערעכט?

ער האָט אַ כאַפּ געטאָן די גמרא, אונטערגערוקט איר דעם מחותן אונטערן נאָז, וועלנדיק אים דערקלערן, אין וואָס ס׳באַשטייט דער קאַמף. אָבער דער מחותן, צומאַכנדיק די גמרא, האָט אַ זאָג געטאָן מיט אַ געלעכטער: „נו, איצט האָב איך קיין צייט נישט פאַר אַזעלכע זאַכן. איך ווייס, אַז איר זיינט ביידע גרויסע לומדים, און וואַרשיינלעך זיינט איר ביידע גערעכט! אָבער בינו לבינו מאַכט ברכה און לחיים. די קעמפער זיינען מסכים געווען און, מאַכנדיק לחיים, האָבן זיי זיך מיט אַזאַ היץ צוגעכאַפּט צו די קיכלעך, אַז באַלד האָבן זיי לגמרי פאַרגעסן אין דעם וכוח און האָבן זיך גאַנץ פריינטלעך געשמועס מכח זייערע פּערזענלעכע און פאַמיליען-ענינים, ווי ס׳וואָלט קיין מאָל גאָר נישט געווען.

— נו, געלויבט איז השם יתברך, די שונאים האָבן געמאַכט שלום,—האָט באַמערקט מיין פאָטער מיט אַ געלעכטער.

— און איר, ר׳ ישראל, האָט באמת געקלערט, אַז מיר זיינען שונאים? — האָט רבי שליימקע געזאָגט. — זאָל דאָס מיר זיין, וואָס איך ווינטש אים! לייזער יענקל איז מיינער אַן אַלטער גוטער פריינט און מיין חבר. אינאיינעם האָבן מיר געלערנט און איישישאָק און אין סוויענציאַן. צוזאַמען געהונגערט און צוזאַמען געשלאָפן אויפן פּאָדלאָגע אין די קלויזן. תמיד האָבן מיר זיך געקריגט, אָבער אונזער מחלוקת האָט לחלוטין נישט געשטערט אונזער פריינטשאַפט. איך זאָג נאָר איין זאַך, אַז אין היינטיקן וכוח איז רבי לייזער יענקל נישט גערעכט.

— און איך זאָג,—האָט זיך אָפּגערופן רבי לייזער יענקל מיט היץ,— אַז כל מלכי מזרח און מערב זיינען נישט בכח צו ענדערן מיין מיינונג.

— נו, גאָר פון דאָס ניי!—האָט זיך אָפּגערופן מיין פאָטער.—גע־נוג, רבותי! צום ענין!

בינו לבינו האָבן זיך די מחותנים, בעת מיין עקזאַמען, פאַר־שטענדיקט מכח אַלע פונקטן און דער מומחה רבי בערקע חזן האָט אָנגעשריבן די תנאים כדת וכדין. מ'האָט נאָר געדאַרפט פאַרפעסטיקן דעמדאָזיקן טראַקטאַט מיט די חתימות פון אונז חתן־כלה. אָבער דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן דער ליבעראַליזם פון מיין פאָטער. ער האָט דערקלערט, אַז ער האַלט פאַר נישט ריכ־טיק צו צווינגען מיך און דער כלה אונטערצושרייבן די תנאים, כדי דערמיט צו געבן די הסכמה אויף חתונה צו האָבן, איידער מיר האָבן זיך נישט ווי געהעריק באַקאָנט איינער מיטן אַנדערן, און דעריבער לייגט ער פאָר, מען זאָל אונז דערלויבן ווייניקסטנס אַ האַלבע שעה זיך דורכצושפּאַצירן אַליין אָן עדות.

דאָס איז געווען אַן אומגעוועגלעכע נייס. אָבער צו דער באַוואונ־דערונג פון גאַנצן עולם האָט דער מחותן געפונען דידאָ־זיקע פאָדערונג פאַר זייער אַ גערעכטע. נישט אומזיסט איז ער דאָך געווען אין „לייפּסק" און אין „גינשפּרוג". און אומר ועושה— געזאָגט און געטאָן.

אַרויסגייענדיק פון קרעטשמע, האָב איך פּלוצלונג דערזען, אַז איך געפין זיך אַליין מיט מיין כלה אויף אַ שמאָלן וועגל אין וואַלד. וואָס פאַר אַ גליק! דאָס האַרץ האָט מיר געקלאַפּט, אין די אויגן איז כמעט געוואָרן פינסטער. אַ קורצע צייט האָבן מיר ביידע געשוויגן. איך האָב געשפּירט, אַז איך מוז דער ערשטער אָנהויבן ריידן. איך האָב איר געוואָלט זאָגן עפּעס שיינעס, וואַ־רעמע ווערטער, אָבער די צונג איז מיר ווי אָפּגענומען גע־וואָרן און איך קאָן נישט צוקלויבן די ווערטער. איך וויל זיך דערמאַנען די ווערטער, וואָס אַמנון האָט אין אַזאַ מאָמענט גע־זאָגט צו תמרן אין ראָמאַן „אהבת ציון", אָבער ווי אויף להכעיס איז מיר אַלץ אַרויס פון זכרון.

— ווען וואָס קלערסטו? פאַרוואָס שווייגסטו? — האָט זי מיך אַ פרעג געטאָן.

איך האָב געענטפערט אומגעפּער אָט וואָס: „פון צופיל געפיל פאַרשטומען די ליפּן. איך בין זייער אויפגערעגט?“

זי האָט זיך צעלאַכט מיט אַ זילבערנעם, געזונטן געלעכטער: „ווי קינדעריש! צוליב וואָס דאַרף מען זיך אויפרעגן?“

— איך האָב אַזוי פיל טעג און נעכט געקלערט וועגן דיר.

— אמת? דו האָסט וועגן מיר געקלערט? נו זאָג זשע, וואָס האָסטו וועגן מיר געקלערט?

אָנשטאָט אַן ענטפער האָב איך אַרויסגענומען פון דער זייטיקער קעשענע א בייגן פּאַפּיר, וואו ס׳איז געווען אָנגעשריבן מיין שיר „צו מיין טייערער תמר“. און, איבערגעבנדיק איר דאָס פּאַפּיר, האָב איך געזאָגט: „אָט אין דעם שיר האָב איך אויסגעגאָסן מיין נשמה, מיינע געפילן צו דיר.“

— יאָ, אָבער וואָס פאַר אַ געפילן האָסטו געקאָנט שפּירן צו מיר, אַז דו האָסט מיך גאָר ביז איצט קיינמאָל נישט געזען?

— איך האָב דיך געזען אין מיין פאַנטאַזיע, און זי האָט מיך נישט גענאַרט.

זי האָט באַקוקט דעם בויגן פּאַפּיר פון אַלע זייטן.

— אַ שיינע האַנטשריפט, זייער אַ שיינע. און נאָך דערצו אין גראַמען! איך האָב נישט געוואוסט, אַז דו ביסט אַזאַ קינסטלער. אַ שאָד, וואָס איך קאָן נישט פאַרשטיין דעמדאָזיקן שיר. איך האָב געלערנט אַ ביסל תנ״ך און לייען אַ ביסל העברייאיש; אָבער אַזאַ הויכער סגנון איז נישט לויט מיינע קענטעניש. אי־בעריקנס, איך וועל אים נעמען. אינדערהיים, אז איך וועל זיין פריי, רואיק, וועל איך אים אפשר דורכקריכן. אָבער, — האָט זי זיך אַ כאַפּ געטאָן, — דער שיר איז דאָך נישט געשריבן וועגן מיר, נאָר וועגן עפּעס אַ תמר!

— דאָס האָב איך דיך אָנגערופן מיטן ביבלישן נאָמען „תמר“, נישט וויסנדיק דיין אמתן נאָמען.

— מיין נאָמען איז — קריינדל! האָט זי געזאָגט מיט אַ טאָן פון כעס — תמר — איז נישט קיין גוטער נאָמען. ביי אײַן ביבלישער תמר איז געווען נישט קיין שיינע געשיכטע מיט יהודהן, פון וועמען זי האָט געבאָרן אַ צווילינג פרץ און זרח, — און ביי דער צווייטער נישט קיין בעסערע מעשה מיט אמנונען. געדיינקסט? פע, אַ מאוסער נאָמען! איך בעט דיך בעסער אויס!

איך האָב אַרויסגענומען פון טאַש אַ בלייפעדער, פאַרמעקט מיט אַ ווייטאָק אין האַרצן דעם וואָרט „תמר“, אָנגעשריבן דעם נאָמען „קריינדל“ און איבערגעגעבן איר דעם שיר אין אַן אויסגעבעסערטער פאָרם.

— ניין, ווייסט וואָס; נעם בעסער דעם בויגן פּאַפּיר צוריק. אינדערהיים וועסטו איבערשרייבן דעם שיר אויף ריין און מיר איבערשיקן.

— גוט. נו, און דו וועסט מיר שרייבן?

— ווי דען, געוויס וועל איך שרייבן. צו וואָס האָב איך זיך דען געדאַרפט לערנען ביים „שרייבער“, אויב נישט אויף דעם, אַז איך זאָל קאָנען שרייבן דעם חתן בריוו? אָבער איך רעכן, אַז ס'איז שוין צייט צוריק צוגיין! די עלטערן וועלן זיין אומרואיק.

אויסדריייענדיק זיך, האָבן מיר דערזען אונזערע עלטערן, וועלכע, ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, זיינען אונז די גאַנצע צייט נאָכגעגאַנגען אויף אַ געוויסן מרחק.

אַז מיר זיינען צוריק געקומען אין קרעטשמע, איז שוין געווען אוונט. די תנאים, אונטערגעשריבן פון די עלטערן, פון מיר און פון דער כלה, האָט מען איבערגעלייענט אויפן קול, און נאָך די שלוסווערטער „והכל שריד וקים“ — אַלץ וואָס דאָ איז געשריבן, איז פעסט אין אייביק“, האָט זיך דערהערט דער קלאַפּ פון צעבראָכענע טעלער און טעפּ און די פריילעכע אויסרופן „מזל-טוב! מזל-טוב!“

נאָך אַ פייערלעכער סעודה כיד המלך זיינען מיר זיך צושפּאַרן שוין גאַנץ שפּעט אין דער נאַכט אַריין.

בערך אַ יאָר צייט האָבן מיר זיך מיט דער כּלה דורכגעשריבן. איך פלעג איר שרייבן העברעאיש מיט מפּוּס הויכן סגנון און זי מיר יעדן מאָל אין דריי שפּראַכן: דייטש, רוסיש און פּויליש. דערביי האָבן די פּילשפּראַכיקע טעקסטן פון יעדן בריוו, לויט זייער אינהאַלט, נישט געהאַט קיין שום געמיינזאַמעס, האָבן נישט געטראָגן קיין פּערזענלעכן, נאָר אַן אַלגעמיינעם כאַראַקטער. זיי האָבן געקאָנט געשריבן ווערן פון יעדן התן צו יעדער כּלה און זיינען געווען גענומען פון פאַרשידענע בריוונשטעלערס. נאָר אַזוי ווי דידאָזיקע בריוו זיינען אָבער געווען געשריבן מיט איר האַנט, האָבן זיי מיר פאַרשאַפט אַ געוויסן פאַרגעניגען.

נישט לאַנג איז אָבער אויסגעקומען צו קאָרעספּאָנדירן. דערדאָזיקער בונד האָט זיך, נישט קוקנדיק אויף דער פייערלעכער דעקלאַראַציע, אַרויסגעוויזן פאַר „נישט פעסט און נישט אייביק". מיין מוטערס מורא איז באַלד מקוים געוואָרן. זאַבלודאָווסקס ביאַלאָוויעזשער וואַלד-מסחר האָט זיך באַלד אויסגעלאָזן; מיין פאָטער, בלייבנדיק אָן אַ פּאָסטן, האָט נישט געקאָנט איינלייגן דעם צוגעזאָגטן נדן — און דער בונד איז בטל און מבוטל געוואָרן.

---

## XVI.

## נייע שטרעמונגען. דער אויסקויף. מיין אומגליקלעכע נסיעה קיין ווילנע. דער גורל פון יענקלען.

א דאַנק די געשעענישן פון מיין פּערזענלעכן לעבן און פון לעבן פון מיינע חברים, האָב איך זיך אין די פריערדיקע קאַפּיטלען אַ ביסל פאַרגאַלאָפּירט, אויסמיידנדיק

דעם ווילכטיקן איבערקערונגס=מאָמענט אין אַלגעמיינעם פֿאָלקס=לעבן. איך גיי דעריבער אַ ביסל צוריק — צום לעצטן יאָר פֿון ניקאָלאַי דעם ערשטנס רעגירונג.

די יידישע צרות האָבן דערגרייכט זייער קולמינאציאנס=פּונקט אַ דאַנק דעם קרימער קריג, וועלכער האָט אַרויסגערופן אַ פֿאַרשטאַרקטן רעקרוטן=פּריזיוו און דערצו נאָך אַרויפֿגעלייגט אויף די יידן שווערע שטייערן.

די אומגליקלעכע עלטערן האָבן געלעבט אין אייביקן שרעק וועגן דעם גורל פֿון זייערע יונגע קינדער, וועלכע האָבן יעדע רגע געקאָנט אַרויסגעריסן ווערן פֿון די ארעמס פֿון זייערע מאַמעס, כדי אָפּצוגעבן זיי אַלס קאַנטאָניסטן. אין די שבתים האָט מען פֿאַרהילכט די שולן מיט די קולות און געוויינען פֿון די קינדער, מיט די קללות און חרמות פֿון די מאַמעס, וואָס זייערע קינדער זיינען שוין געזעסן אונטער די אייזערנע שלעסער אין די „קוטוזקעס“, כדי זיי אָפּצוגעבן פֿאַר זעלנער. דערצו איז נאָך יענעם יאָר געווען אַ שלעכט גערעטעניש און צוליבן שרעקלעכן געזעץ מכּוח די יידן אָן פּאַספּאָרטן, וועגן וועלכן איך האָב שוין פֿריער גערעדט, איז דער מסחר לגמרי אָפּגעשטעלט געוואָרן.

ס׳איז געקומען דער חודש פֿעברואַר פֿון יאָר 1855.

נאָך די לאַנגע שניי=זאַווערוכעס זיינען געקומען שטאַרקע פֿרעסט. איינמאָל, בין=השמשות=צייט, האָבן זיך איבערן טיפֿן שניי געשלעפּט, ווי די שאָטנס, די אויסגעמאַטערטע קאַפּוליער, כדי וואָס גיכער צו קומען אין קלויז צו מעריב.

„אשרי יושבי ביתך“, האָט דער חזן אומעטיק געזונגען. יאָ, אין „בית=אלהים“ איז בעסער ווי אין פּריוואַטע הייזער: דאָ איז וואַרעם און ליכטיק. ס׳זיינען דאָ אָרעמע יידן, אָבער נישט קיין אָרעמער קהל. און דער שמש דוד=יאָסל זשאַלעוועט נישט און מאירקע דער אויוון=הייצער וואַרפֿט אין אויוון שייטלעך האָלץ, וויפֿיל ס׳גייט נאָר אַריין. דער ערשטער מנין האָט געענדיקט, און וואַרטענדיק אויפֿן צווייטן, קלויבן זיך געווינלעך צונויף די באַלעבאַטים אויף אַ שמועס מכּוח די אַקטועלע טאָג=פֿראַגן. אָבער דאָס מאָל קלעפּט זיך עפּעס נישט דער שמועס: אַלץ

איז שוין געזאָגט געוואָרן, און דער מצב איז אַזעלכער, אַז מען קאָן גאָר וועגן אים נישט ריידן, נישטאָ קיין ווערטער. און אַלע זיצן מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ, קרעכצן און זיפצן.

אָבער אָט קומט אַריין אין קלויז דער רופא קאָזליאַק, אין גרויסע שטיוול, דער פּעלץ און די היטל באַדעקט מיט שניי און מיט פאַרפרוירענע וואָנסן.

— אַ נייס, יידן, אַ וויכטיקע נייס! — האָט קאָזליאַק אויסגעשריגן איבערטרעטנדיק דעם שוועל.

אַלע האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו קאָזליאַקן: וואָס פאַר אַ נייס?

— גיט מיר פריער אַן אָרט ביים אויוון! לאָזט מיר זיך אָנוואַרעמען! — ענטפערט ער — אַראָפּוואַרפנדיק פון זיך דעם שניי.

— וואָס פאַר אַ נייס? זאָג שוין! — לאָזן אים נישט אָפּ די נייגעריקע.

— איך קום נאָר וואָס פון זוסאַוו, פון מאַרשאַלעק רייטאָן, — זאָגט קאָזליאַק, נישט איילנדיק זיך, ווי בכיון רייצנדיק דעם עולם. — איך האָב געשטעלט פּיאַווקעס דעם מאַרשאַלעקס פלגש, וועלכע איז פּלוצלונג קראַנק געוואָרן.

— אָבער כאַפּט דיך דער שד מיטן מאַרשאַלעק, מיט זיין פלגש אינאיינעם! זאָג, וואָס איז געשען?

— אַך, קאַפּוליע, קאַפּוליע! ס׳איז אַ מין מדבר! — זאָגט זיך ווייטער רואיק קאָזליאַק. — אַזאַ מין פאַרוואָרפענער ווינקל, פאַרלאָזן פון גאָט און פון מענטשן, אַז דו ווייסט דאָ נישט לגמרי, וואָס ס׳טוט זיך אויף דער ווייסער וועלט אַרום! שוין עטלעכע טעג ווי דער קיסר איז געשטאָרבן און דאָ ווייס מען דערפון לחלוטין קיין וואָרט נישט!

— וואָס רעדסטו?

— דאָס, וואָס איר הערט! דער קיסר איז געשטאָרבן, דאָס האָב איך געהערט פון מאַרשאַלעקס מויל גופא, ער האָט באַקומען דידאָזיקע ידיעה פון מינסק דורך אַ שטאַפעט.

דידאָזיקע ידיעה האָט געטראָפן ווי אַ דונער. דער עולם איז פאַרשטיינערט, פאַרשטומט געוואָרן. אָבער פּלוצלונג האָבן

זיך אין דערדאָזיקער טויטער שטילקייט דערהערט די ווערטער:
„ברוך דין אמת“.

אַלע, ווי אויפכאַפּנדיק זיך פון אַ טיפן שלאָף, האָבן ווי איינער אונטערגעכאַפּט דידאָזיקע ברכה: „ברוך דין אמת“! שטיל זיינען אַלע אַוועק אַהיים. די באַדייטונג פון דערדאָזיקער געשעעניש איז פאַר יעדערן געווען קלאָר.

אין דעם אַרויפטרעטן אויפן טראָן פון יונגען קייזער אַלעקסאַנדער דעם צווייטן האָבן אַלע אינסטינקטיוו דערשפּירט דאָס אָנקומען פון אַ נייער, ליכטיקער עפּאָכע. מכּח „גלייכבאַרעכטיקונג“ און נאָך ווייניקער וועגן „נאַציאָנאַלער זעלבסטבאַשטימונגס-רעכט“, „אויטאָנאָמיע“ און אַנדערע „פּלאַטפאָרמעס“ פון דער נאָר וואָס איבערגעלעבטער רעוואָלוציאָנערער צייט, האָט מען דעמאָלט נישט פאַנטאַזירט. ס'זאָלן כאָטש נישט זיין קיין נייע גזירות, מ'זאָל אונז ווייניקסטנס לאָזן צורו! לאָזן אונז לעבן און גאָט דינען! מער האָבן זיי נישט געדאַרפט*).

---

*) ס'איז ווערט אָנצומערקן, אַז אין אָפּשאַצן די פריערדיקע דרייסיק-יעריקע עפּאָכע איז געווען אַ מיינונגספאַרשידנהייט צווישן דער יידישער מאַסע און אונזערע דעמאָלטיקע אינטעליגענטן — „משכּילים“. אויב איצט איז דאָס וואָרט „אינטעליגענץ“, איבערהויפּט די יידישע, אַ סינאָנים פון „אומלאָיאַל“, און די רעכט-גלויביקייט פון יעדער אַרט — אַ צייכן פון „לאָיאַליטעט“, זיינען דוקא אין יענער צייט, פאַרקערט, די אומצופרידנסטע, די כּאַרביטערטסטע צווישן די יידן געווען די קאָנסערוואַטאָרן. די פּראָגרעסיסטן אָבער זיינען געווען געשטימט אויפן העכסטן אופן לאָיאַל. אונזער נעסטאָר פון דער „השכּלה“ יצחק בער לעווינזאָן האָט אין ויינע ווערק פּראָפּאַגאַנדירט טרייקייט און ליבע צו דער עקזעסטירנדיקער מאַכט. ער און זיינע נאָכפאָלגער האָבן אויסגענוצט יעדן צופאַל, כּדי צו דערמאַנען פאַר ויערע צייט-חברים די תּלמודישע אויסדריקן, ווי, למשל: מלכותה דארעה כמלכותה ישמיה“, „דינא דמלכותה דינא“ (פון רעליגיעזן שטאַנדפּונקט), און דער דיכטער פון ענער צייט י. ב. לעבנסאָן איז געווען דערזעלבער פייערדיקער משורר פון דער יקאָלאַיעווער עפּאָכע, ווי דערזשאַווין פון יעקאַטערינען. ער האָט פייערלעך באַונגען אפילו די באַאַמטע, ווי, למשל, דעם גענעראַל-גובערנאַטאָר, וואָס האָט זיך באַימט געמאַכט דורך זיין אכזריות און גראָבקייט און אפילו דעם „פּאָפּיעטשיטעל“ יבער פאָלקס-בילדונג, ביביקאָוון. מ'קאָן נישט זאָגן, אַז דידאָזיקע מענטשן האָבן ישט געפילט די צרות און ליידן פון זייער פאָלק; ניין, זיי האָבן עס געשפּירט ישט ווייניקער און אפשר נאָך מער ווי אַנדערע, אָבער די סיבות פון דידאָזיקע נרות האָבן זיי געזוכט נישט אויסערהאַלב, נאָר אינערהאַלב פון דעמאָלטיקן

די האָפענונגען, וואָס מ'האָט געלייגט אויפן יונגן מלך, זיינען באַלד מקוים געוואָרן. נישט בלויז קיין נייע גזרות זיינען נישט געווען, נאָר ס'זיינען בטול געוואָרן אַ סך פון די אַלטע, ווי, למשל, דער קאַנטאָניסטן-אינסטיטוט און דער געזעץ מכוח די יידן אָן פּאַספּאָרטן. אַז דאָס לאַנד האָט זיך נאָכן קריג באַרויקט, האָבן זיך, אין צוזאַמענהאַנג מיט די תקנות אין דער אַלגעמיינער רעגירונגס-אָרדענונג, אויך אויסגעבעסערט די לאַגע פון דער באַפעלקערונג בכלל און פון די יידן בפרט. די וויכטיקסטע רעפאָרם פון יענער צייט—די באַפרייאונג פון די פויערים—האָט אומדירעקט געהאַט אַ גינסטיקע השפעה אויפן יידישן האַנדלס-קלאַס, ווייל זי האָט פאַרברייטערט די פאָדערונגען פון די ערד-אַרבעטער און פאַרגרעסערט זייער חשק צו קויפן. דערצו האָבן נאָך די

---

יידנטום, אין זיין עקסטרעמער אָפּגעשטאַנענקייט, אין זיין אַבערגלויבן, אין זיין אָפּצאַימען זיך פון דער אַרומיקער סביבה, פון דער אמתער וויסנשאַפט, פון פּראָדוקטיווער אַרבעט א. אַז. וו. און צו דעם אַלעם איז געווען אַ באַדייטנדער טייל אמת. דער גרויזאַמער, אַלמעכטיקער „ראַווינייזם" האָט אָנגעוואָרפן אויפן פאָלק אַ שווערע משא, האָט געשמידט זיין גייסט און זיין קערפּער אין אייזערנע קייטן, נישט לאָזנדיק אים פריי זיך צו באַוועגן און אָטעמען, האָט אים פאַרשפאַרט אַלע וועגן צו דער וויסנשאַפט, צו ליכט, צו שיינקייט, צו לעבנספריידן! „דער קלעריקאַליזם—אָט ווער ס'איז דער שונא!" האָבן זיי באַהויפּטעט ווי גאַמבעטאַ. צום קאַמף מיטן דאָזיקן אייביקן שונא זיינען יענע אידעאַליסטן געווען צו שוואַך, צו קליין אין זייער צאָל, און ווי אַמאָל די העלעניסטן — אין דעם אַנאַלאָגישן מצב — האָבן זיי געמאַכט דעם פעלער, וואָס זיי האָבן זיך געווענדט נאָך הילף צו דער אויסערלעכער קראַפט, צו דער הערשנדיקער מאַכט.

נעמלעך — די דעמאָלטיקע רעגירונגס-מאַכט איז, לויט זייער מיינונג, געווען די דאָזיקע קראַפט, וועלכע האָט געקאָנט אַרויספירן זייערע גלויבנסחברים פון דער דורות-לאַנגער פאַרשקלאַפונג, פון דעם חושך מצרים. אויף איר האָבן זיי געלייגט זייערע גאַנצע האָפענונגען, צו אירע פאָרשטייער האָבן זיי זיך געווענדט מיט זייערע מעמאָריאַלן, מיט פּראָיעקטן מכוח די ראַבינאַט-רעפאָרמען, שולן, צו פאַרווערן טראָגן די נאַציאָנאַלע קליידונג א. אַז. וו. די מאַכט האָט עס דורכגעפירט, אויף איר שטייגער, אין גייסט פון דעמאָלטיקן סיסטעם. דערצויגן אין קנעכטשאַפט, האָבן אונזערע גוטע „משכילים" נישט געקענט די כשוף-קראַפט פון דער פרייהייט, האָבן נישט געוואוסט, אַז זי און נאָר זי קאָן אויפוועקן דאָס פאָלק צו אַ בעסערן לעבן.

אָרטיקע פוילישע פּריצים, וואָס האָבן דורות לאַנג געפירט זייער ווירט־שאַפט מיט דער הילף פון אומגעצאָלטע, שטומע שקלאַפן, זיך נישט געקאָנט צופּאַסן צום נייען מצב און, ווי צוליב דעם, אזוי אויך צוליבן אויסגעבראָכענעם פוילישן אויפשטאַנד, האָבן זיי אָפּגעגעבן זייערע גיטער אין אַרענדע צו יידן, ס'רוב אויף זייער לייכטע באַדינ־גונגען; און מחמת אַרום יעדן יידישן אַרענדאַר האָבן געלעבט און געהאַט פּרנסה אַנדערע יידן אַלס בעאַמטע אָדער סוב־אַרענדאַרן פון מילן, ברויזן א. אז. וו. האָט זיך די יידישע מאַטעריעלע לאַגע שטאַרק געבעסערט. באַלד איז פאַר די יידן געשאַפן געוואָרן אַ נייער אַרבעסט־געביט. דער באַרימטער י. ג. גינצבורג, וועלכער האָט נאָכן קרימער קריג פאַרנומען אַזאַ גרויסן אָרט, האָט באַקומען אין מאָנאָפּאָל די פּראָפּינאַציע (בראָנפן־האַנדל) אין גאַנצן מערב־געביט און, וועלנדיק קומען צו הילף זיינע גלויבנסחברים, האָט ער צוגענומען אַלס אָנגעשטעלטע בלויז יידן. און ס'איז א מערקווירדיקע זאַך, אַז ביי דער גאַנ־צער דערשלאָגנקייט און באַשיינפּערלעכער פינסטערקייט פון דער יידישער באַפעלקערונג אין תחום־המושב, איז גינצבורגן נישט שווער געווען צונויפצושטעלן פון צווישן די יידן אַ גאַנצן שטאַט אַקציז־בעאַמטע פון פאַרשידענע מדרגות; און דידאָזיקע באַאַמטע האָבן זיך אַזוי גיך צוגעפּאַסט צו דער נייער לאַגע, אַז זיי זיינען באמת באַלד אריין אין דער ראָל פון ווירקלעכע „באַאַמטע" און האָבן זיך געהאַלטן מיט דער געהעריקער ווירדע צו די אַדמיניסטראַציע־פּאָרשטייער אין דער פּריצישער סביבה, מיט וועלכע זיי האָבן געמוזט זיין אין שטענדיקן קאָנטאַקט צוליב זייערע אמטס־פליכטן.

די העכסטע פּאָסטנס אין באַראָן גינצבורגס בראָנפן־האַנדל ווי אויך אין די אַנדערע גרויסע אונטערנעמונגען, האָבן פאַר־נומען די געבילדעטסטע יידן פון דעמאָלדיקן רוסישן יידנטום, א יבערהויפּט פון דרום־רוסלאַנד, וואו די רוסישע בילדונג האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַרשפּרייטן אַ סך פריער צווישן די יידן און וואו זיי זיינען קיין מאָל נישט געווען אַזוי דערשלאָגן און דער־נידעריקט, ווי אין ליטע.

צווישן דידאָזיקע גינצבורגס באַאַמטע האָבן זיך שפּעטער אַרויס־געדרוקט די פינאַנסיסטן ל. מ. ראָזענטאַל און א. זאַקס, וועלכע האָבן געשמט איבער די גרענעצן פון דער יידישער וועלט און האָבן פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם אָרט אין די גרעסטע קרעדיט־אינסטיטוציעס פון דער הויפּטשטאָט און וואָס מיט זייערע עצות און זייער הילף פלעגן זיך אָפט באַנוצן אפילו די פאָר־שטייער פון פינאַנס־מיניסטעריום. אויך אין דער פּראָווינץ האָבן זיך געפונען צווישן די לייטער פון די אַקציזישע קרייז־קאַנטאָרן פערזאָנען, וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער וועלטלע־כער בילדונג און איבערגעגעבנקייט צו זייער פאָלק, וואָס זיינען ווי זייער שעף, אַרויסגעטרעטן אַלס מעצענאַטן און גענומען דעם גרעסטן אָנטייל אין אַלע פאָלקס־אַקציעס און געשטיצט די יידי־שע ליטעראַטן. לעבנדיק ברייט און עפנטלעך און האָבנדיק אין די הענט אַ באַדייטנדן צווייג פון אָרטיקן עקאָנאָמישן לעבן, זיינען זיי געווען די טאָנגעבער און געהאַט אַ שטאַרקע השפעה אפילו אויף די אָרטאָדאָקסן, כאָטש זיי האָבן ווייניק וואָס גע־האַלטן פון די נאַציאָנאַלע טראַדיציעס.

דאָס אַנטשטיין פון אַ נייעם אַרבעטס־צווייג און אַ נייעם פאַר־דינסט־קוואַל, ווי אַ פּאָסטן אין אַקציז, האָט שטאַרקער געווירקט אויף די יידן זיך אַ נעם צו טאָן צו בילדונג און צום לערנען די רוסישע שפּראַך, מער ווי אַלע צוואַנגס־מיטלען פון דער רעגירונג אין ניקאָלאַיס צייטן. אין ליטע, וואו דער פאַרדינסט פון אַ מלמד, אַ דין אָדער אַ קליינעם הענדלער טרעפט אָן בערך 150-200 רובל אַ יאָר און וואָס איז שוין געווען אַ גרויסע זאַך, האָט די לאַגע פון קלענסטן אַקציז־באַאַמטן מיט אַ יערלעכע גע־האַלט פון 400–500 רובל, נאַטירלעך, אַרויסגערופן די גרעסטע קנאה. און כדי צו דערגרייכן דעמדאָזיקן גליק, האָט מען גע־דאַרפט נישט מער ווי קאָנען א ביסל רוסיש און חשבון. ס'איז דעריבער קיין וואונדער נישט וואָס וואָסטאָקאָווס גראַמאַטיק און בוסעס אויפגאַבן־בוך זיינען דעמאָלט געווען אַזוי פּאָפּולער צווישן דער יידישער יוגנט.

אָבער אויב פון איין זייט איז דער אַקציז־מאָנאָפּאָל געווען אַ

באַדייטנדער פראָגרעס־טרעגער, האָט ער פון דער אַנדערער זייט געהאַט אַ דעמאָראַליזירנדיקן איינפלוס אויף דער געזעלשאַפט פון יענער צייט.

די אַקציזניקעס, די קלענערע באַאַמטע, זיינען געווען מענטשן „האַלבע אנאלפאַבעטן" צונויפגעקליבענע פון ארבע פנות עולם, ס'רוב בחורים אָדער אַזעלכע, וואָס האָבן געלעבט ווי בחורים. און, פאַרבייטנדיק די יידישע קאַפּאָטע מיט אַ דייטשן אַנצוג, האָבן זיי זיך געהאַלטן פאַר גאַנצע פריצים. באַזעצנדיק זיך אין וועלכן נישט איז יידישן שטעטל, וואו דער אַרענדאַר, דער שיינקער, די קרעטשמער, מיט איין וואָרט אַ גרויסער טייל פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג איז אין אַ געוויסער מאָס געווען אָפּהייניגיק פון זיי, האָבן דידאָזיקע פאַרוועניוס (אויפגעקומענע)— די נעכטיקע קלויזניקעס און ישיבה־בחורים — געקוקט מיט פאַראַכטונג אויף דער אַרומיקער יידישער סביבה און איך שיקאַנירט מיטן עפנטלעכן ברעכן די וויכטיקסטע יידישע מנהגים און מיט זייער אוממאָראַלישער אויפפירונג. אויפגענומען אין די יידישע הייזער אַלס מענטשן מיט אַ געוויסן איינפלוס, און אָפטמאָל אַלס גוטע חתנים, האָבן זיי אַריינגעבראַכט אין דער מאָראַליש ריינער יידישער פאַמיליע־אַטמאָספערע שמוציקע, ציניש וויצן, וועלכע מ'האָט באַטראַכט אַלס אַ צייכן פון פאַרשטאַנד, פראָגרעס און גוטן טאָן. די פרומע יידן האָבן געקלאָגט, קוקנדיק אויף די עובדות פון דידאָזיקע אדונים, אויסגעשטאָכן די אויגן פון די „השכלה"־קעמפער, אָנווייזנדיק אויף זיי ווי אויפן ביטערן „פרוכט פון דער השכלה". אָבער נאָך מער האָבן זיך געפייניקט מיט דידאָזיקע נייגעבאַקענע אייגנאַרטיקע „קולטור־טרעגער" די אמתע פריינט פון דער בילדונג.

זיי האָבן זיך געשראָקן, און ניט אָן אַ גרונט, אַז דידאָזיקע עמי־הארצים, אדער ווי זיי האָבן זיי גערופן „די קאָלבאַסע־פילאָזאָפן", וועלכע באַשמוצן מיט אַזאַ לייכטן הארצן — אין נאָמען פון כלומרשטן פראָגרעס — אַלץ, וואָס איז הייליק, אַז זיי וועלן ברייגען דער יידישער בילדונג מער שאָדן, ווי די עקסטרעמסטע פאַנאַטיקער פון כעלמער מגידס טיפּ.

אָט ווי ס'האָט זיך אָפּגערופן מכּח דעמדאָזיקן טיפּ „אַקציזניקעס" די פיינפילנדיקע פאָלקס-פּאָעזיע:

די אַקציזנע יונגע לייט
זיינען זייער פּאַרשייט,
גאָלן די בערדלעך
און פאָרן אויף פערדלעך,
גייען אין קאַלאָשן
און עסן אומגעוואַשן,
גייען אין טראַקטירן
— — — — — — —
טרינקען טיי
און דער ווייב איז ווינד און ווי.

---

אין יאָר 1858 האָט מיך מיין פאָטער אַרויסגערופן קיין מינסק, וואו איך האָב צוזאַמען מיט אים פאַרבראַכט אַ געוויסע צייט, אין הויז פון פאַרוואַלטער פונם אָרטיקן אַקציז-ביורא נ. סאַקער. דעם ערשטן מאָל אין מיין לעבן האָב איך זיך געפונען אין אַ קרייז פון אייראָפּייאיש געבילדעטע מענטשן, אין אַ סביבה, וואָס איז פאַר מיר געווען לחלוטין ניי. אַ פּראַכטפולע מעבלירטע וואוינונג, עלעגאַנטע טואַלעטן און שיינע מאַנירן, אינטענסיווע טעטיקייט, לעבנסלוסטיקייט און – קיין זכר נישט פון שלחן ערוך... סאַקער גופא האָט פולשטענדיק באַהערשט די רוסישע און די דייטשע שפּראַך, האָט געהאַט אַ שטאַרקע ידיעה אין דער העברייאישער ליטעראַטור און האָט זיך לעבהאַפט אינטע-רעסירט מיט די פּראַגן פון יידישן לעבן און דער יידישער ליטעראַטור. דערוויסנדיק זיך פון מיינע געשפּרעכן, אַז איך בין אַ גרויסער ידען אין דער אַלטער און נייער העברייאישער ליטעראַטור, און הערנדיק מכּוח מיין שטרעבן צו דערגאַנצן און צו סיסטעמאַטיזירן מיינע ידיעות אין ראַבינער-שול, האָט ער שטאַרק געשטיצט מיין דאָזיקן פערלאַנג פאַר מיין פאָטער און צוגעזאָגט מיטצוהעלפן און איינצואָרדנען מיך אין ווילנע. דער-

פאָטער האָט מסכים געווען, און דער ענין איז געווען באַשלאָסן. באַקומענדיק פון סאַקערן רעקאָמענדאַציע-בריוו צו זיינע ווילנער גוטע פריינט, צו ליטעראַטן און לערער פון ראַבינערשול, בין איך אַוועקגעפאָרן קיין קאַפּוליע, כדי צו באַקומען דאָרט פון קהל די נויטיקע דאָקומענטן און אויך כדי צו באַרואיקן מיין מוטער וועגן מיין אונטערנעמונג, וואָס איז געווען אין יענער צייט ממש אַ נישט געהערטע זאַך.

מיין מאַמע האָט מיך הייס געליבט, האָט געגלויבט אין דער ריינקייט פון מיינע שטרעבונגען און כאָטש זי האָט זיך אָנגעהערט שרעקלעכע זאַכן וועגן דער ראַבינער-שול, האָט זי דאָך מסכים געווען צו מיין נסיעה. ארויסלאָזנדיק איבערן שטאָט אַ קלאַנג, אַז איך פאָר אין דער וואלאָזשינער ישיבה, האָב איך זיך באַלד געלאָזן אין וועג אַריין. נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס איך האָב ממש געברענט פון אַ פאַרלאַנג וואָס גיכער צו זען „ירושלים דליטא" (אַזוי האָט מען דעמאָלט גערופן ווילנע, וואָס איז געווען דער צענטער פון יידישער וויסנשאַפט), אירע דיכטער און חכמים, איז מיר דאָך אויסגעקומען צו פאָרן זייער פּאַמעלעך אויף זייטיקע וועגן, אין צופעליקע בוידן, געשפּאַנט מיט אויסגעדאַרטע פערדלעך פון יידישע בעלי-עגלות, איבערפולט מיט „פאַרשוינען פון ביידע געשלעכטן זכרים און נקבות, אַלטע און יונגע, אָרעמע און רייכע. די זעקס טעג, וועלכע איך האָב פאַרבראַכט אין וועג, האָבן מיר אויסגעזען ווי זעקס יאָר. איך האָב שוין געוואָלט וואָס גיכער אָנקומען קיין ווילנע. עפּעס האָב איך ווי מורא געהאַט, אַז אָט, אָט — וועט מען קומען צו לויפן, מיך אַ כאַפּ טאָן און אַוועקפירן צוריק אַהיים. אָבער אָט בין איך שוין גאָר נאָנט צו מיין ציל. דער בעל-עגלה האָט זיך אָפּגעשטעלט אין אַ קרעטשמע צען וויאָרסט פון ווילנע, כדי אָנצופּאַשען די פערד. מיין האַרץ האָט שטאַרק געקלאַפּט. נאָך אַ שעה, צוויי, דריי — און איך וועל שוין זיין דאָרט, דאָרט! אָבער מיין געפיל האָט מיך טאַקע נישט אָפּגענאַרט, מיין מורא איז נישט געווען אומזיסט. צום קרעטשמע איז צוגעפאָרן אַ באַקאַנטער קאַפּולער באַלעבאָס און, דערזעענדיק מיך, האָט ער

מיט שמחה אויסגעשריען: „נו, געלויבט איז גאָט! איך האָב איך קוים דעריאָגט!“

– אָבער וואָס איז געשען? – האָב איך געפרעגט.

– אָט נאַט אייך, לייענט! מיט די ווערטער האָט ער אַרויסגע־שלעפּט פון קעשענע אַ בריוו און מיר אים דערלאַנגט.

אין דעמדאָזיקן בריוו האָט מיר איינער פון די קרובים מודיע געווען, אַז נאָך מיין אַוועקפאָר איז מיין מאַמע געפערלעך קראַנק געוואָרן און אויפן טויטן בעט פאַרלאַנגט זי פון מיר, אַז איך זאָל תּיכּף צוריק קומען, זי זאָל זיך ווייניקסטנס קאָנען מיט מיר זעגענען פאַרן טויט.

איך האָב חושד געווען, אַז דאָס איז אַן אויסגעטראַכטע מעשה און אַ שקר מוחלט. אָבער אַזוי ווי אַזעלכע זאַכן קאָנען זיך דאָך טרעפן, האָב איך מיט אַ ווייטאָק אין האַרצן פאַרקירצע־ווערט די פור צוריק און געפאָרן אַהיים. מיין מאַמען, פאַרשטייט זיך, האָב איך געפונען געזונט און פריש. ס׳האָט זיך אַרויסגע־וויזן, אַז אימיצער איז דערגאַנגען מיין סוד. אין שטאָט איז געוואָרן אַ גרויסע בהלה. די קרובים האָבן איינגעפונען, אַז איך וואַרף אַ פלעק אויף דער גאַנצער משפחה, האָבן באַשולדיקט מיין מוטער, אַז זי העלפט מיר צו צום „שמד“ און זי האָט געמוזט מסכים זיין, מ׳זאָל מיר מיט אַזאַ שרעקלעכן ליגן אומ־קערן צוריק אַ היים.

דער שפּיצל, וואָס מ׳האָט מיר אָפּגעטאָן, האָט שטאַרק מצער געווען מיך און מיינע חברים. אָבער פאַרפאַלן; איך האָב גע־מוזט געדולדיק אָפּוואַרטן ביז ס׳וועט זיך מאַכן אַ נייער צופאַל. חיים און יענקל אָבער, עלטערע פון מיר און דערצו נאָך פאַמיליען־פאָטערס, האָבן נישט געקאָנט לייגער אָפּלייגן און גע־מוזט אָננעמען אַן ענטגילטיקן באַשלוס. חיים איז אָנגעקומען אויף אַ פּאָסטן אין אַקציז מיט דער פעסטער האָפענונג, אַז ער וועט אָנקלויבן אַ ביסל געלט, כּדי צו קאָנען פאָרן קיין ווילנע; יענקלען אָבער איז אַזאַ מין אַרבעט נישט געווען געפעלן, און נישט רעכנענדיט זיך מיט די מיטלען, נישט אָפּשטעלנדיק זיך פאַר קיין שום זאַך, האָט ער באַשלאָסן אָנצוקומען אין ראַבינער־

שול תּיכף, אויב ער וועט נאָך האָבן די זיכערקייט, אַז דאָס לערנען אין ראַבּינערשול וועט אויף קיין האָר נישט אָנרירן זיין גלויבן, זיין יידישקייט.

די מעשה דערפון איז דאָס, וואָס פון אונזער גאַנצן קרייז איז נאָר איין יענקל געבליבן טריי דער טראַדיציע און האָט זיך נישט דערלויבט פּראַקטיש אָנצורירן אַזעלכע מנהגים, וואָס טעאָרעטיש האָט ער זיי נישט געהאַלטן פאַר קיין חוב.

„אויב ס'וועט זיך צוזאַמענקומען אַ סנהדרין, האָט ער געטענהט, כּדי צו קאָנטראָלירן די עקזיסטירנדיקע רעליגיעזע געזעצן, און איך וועל זיין אַ מיטגליד פון דאָזיקן סנהדרין, וועל איך דע־ערשטער שטימען פאַר דעם, אַז אַ סך און אַ סך תּלמודישע דינים זאָלן אַנולירט ווערן; כּל זמן אָבער ס'זיינען נישט אַרויס־געטראָגן געוואָרן קיין שום רעזאָלוציעס פון אַן אויטאָריטעטן סנהדרין, האָב איך נישט קיין שום רעכט אָפּצוטרעטן פון ש״חן־ערוך אפילו כּחוט השערה. אויב יעדערער פון אונז וועט אַרויס־שלעפן צו איינאיינציקע ציגל פון דעמדאָזיקן גראַנדיעזן בנין, וועט פון אים גאָר אין גיכן קיין זכר נישט בלייבן.” איין מאָל האָב איך אים אויף דעם געענטפערט, אַז „איך האָב נישט דעם מינדעסטן חשק צו וואַרטן אויף אַזאַ סנהדרין, און נישט בלויז צוליב דעם, וואָס מ'וואָלט מוזן צו לאַנג וואַרטן, און אפשר זיך גאָר קיין מאָל נישט דערוואַרטן, נאָר אויך צוליב דעם, וואָס קיין שום סנהדרין קאָן אונז נישט העלפן. ווען ס'זאָל אפילו צו אונז אַראָפּקומען משה רבינו גופא און דערקלערן, אַז די אָדער יענע רבנישע אָדער קבּלה־פאָרשריפטן זיינען נישט פאַר־פליכטלעך—וואָלט מען אים אויך נישט געפאָלגט. די רבנים וואָלטן אים אַריינגעלייגט אין חרם ווי דעם גרעסטן אפּיקורוס, ווייל וואָס פאַר אַ ווערט וואָלטן געהאַט די רבנים אָן ראַבּיניזם? אָבער נישט בלויז די רבנים — די גאַנצע יידישע מאַסע האָט זיך אַזוי צוגעוווינט, אַזוי זיך צונויפגעזעבט מיט איר גייסטיקן יאָך, אַז בשום אופן וואָלט זי זיך נישט וועלן מיט אים צושיידן, ווי דער האָרבאַטער מיט זיין האָרב.

וואָס אָנבעלאַנגט מיך, האַלט איך פאַר אַ חרפה פאַר אַ מענטשן מיט שכל צו קאָפּירן דאָס, וואָס אונזערע זיידעס האָבן געטאָן און אַלס קריטעריום פון מיינע מעשים אַנערקען איך נאָר מיין געוויסן און מיין פאַרשטאַנד." מיט יענקלען האָב איך גאַנץ אָפּט געהאַט זייער הייסע וכוחים מכח דערדאָזיקער פּרינציפּיעלער פראַגע, אָבער ווי ס'פירט זיך ביי אַזעלכע פאַלן, איז יעדערער פון אונז געבליבן ביי זיין מיינונג.

דער טעמפּעראַמענטפולער יענקל האָט דעם ענין נישט פאַרצויגן: ער האָט געדונגען אַ וואָגן און געפאָרן קיין ווילנע. קומענדיק אַהין, האָט ער קודם כל אויפגעזוכט דעם הויפּט־לערער פון ראַבינער־שול, דעם מחבר פון בוך „כור לזהב" (איבער הגדה), אידל שערעשעווסקין, וועלכן ער האָט לויט זיינע ווערק געהאַלטן פאַרן פרומסטן, וואָס פאַרדינט דעריבער מער צוטרוי פון אַלע ווילנער אנשי־שם. דער גוטמוטיקער שערעשעווסקי האָט יענקלען זייער פריינטלעך אויפגענומען און דאָס האָט אים, יענקלען, צוגעגעבן מוט איבערצוגעבן שערעשעווסקין מכח אַלע זיינע שטרעבונגען, ספקות און זאָרג און ער האָט געבעטן צו ענטפערן אים גאַנץ אָפנהאַרציק אויף דער פראַגע, וואָס לאָזט אים ממש נישט רוען.

— איך פאַרשטיי אייך זייער גוט, — האָט געזאָגט שערעשעווסקי. — איך האָב אַמאָל אַליין איבערגעלעבט, איבערגעווייטאָקט די געדאַנקען און ספקות, וועלכע באַאומרואיקן אייך און דעריבער וויל איך זיין מיט אייך גאַנץ אָפנהערציק. אָבער זאָגן אייך נביאות ווי אַזוי ס'ווערט ווירקן די ראַבינערשול אויף אייער גלויבן און אויף אייערע מעשים — דאָס נעם איך זיך נישט אונטער: אַלץ היינגט אָפּ פון דער פעסטקייט פון אייערע רעליגיעזע איבערצייגונגען און פון אייער כאַראַקטער־קראַפט. אייך איז דאָך באַקאַנט די גרונד־הנחה פון תלמוד: „הכל בידי שמים חוץ מיראת שמים". אויף דעם האָבן מיר דעם פרייען ווילן. צי וועט איר בלייבן ביים איצטיקן אויספרלעכן און אינערלעכן פרצוף? גיכער ווי אַלץ נישט. אַזאַ פאַל, למשל, איז אונז נישט באַקאַנט.

— הייסט עס, אַז דער גלויבן און די וויסנשאַפט קאָנען זיך נישט איינלעבן אונטער איין דאַך?

— דער ריינער גלויבן און די ריינע וויסנשאַפט געפינען זיך נישט אין קיין ווידערשפּרוך, און נישט אַלץ, וואָס מ׳טראָגט אונז אונטער אונטערן נאָמען וויסנשאַפט, איז ווירקלעכע וויסנשאַפט, אַזוי ווי נישט אַלץ, וואָס ס׳טראָגט דעם נאָמען גלויבן, איז אמתער גלויבן.

— הייסט עס, אַז דערדאָזיקער וועג איז אַ גליטשיקער, אַ געפערלעכער? זאָגט, איך בעט אייך, איר וואָלט אונטערגעוואָרפן דערדאָזיקער געפאַר אייַער אַ זון, אויב איר וואָלט אים האָבן.

— איך האָב אַ זון, אַ בן־יחיד, און איך האָב זיך קיין מינוט נישט פאַרטראַכט, און האָב אים אונטערגעוואָרפן דערדאָזיקער געפאַר, האַלטנדיק איר פאַר בעסער ווי דעם זיכערן אומגליק — די עם־הארצות. איך האָב אים געגעבן די מעגלעכקייט צו שטודירן די יידישע און די אַלגעמיינע וויסנשאַפט, און ווי אַזוי ער וועט זיך מיט זיי אַן עצה געבן, דאָס איז שוין זיין זאַך.

אין דערזעלבער צייט איז פון צימער אַרויס אַ יונגער מענטש, זייער עלעגאַנט אָנגעטאָן, אַ גלות, אָן אַ היטל, מיט גאָלדענע ברילן, מיט אַ שטרויענעם הוט אין האַנט, זיך געזעגנט מיט שערעשעווסקין און אַוועק פון שטוב.

— אָט דאָס איז מיין זון, אליהיו, — האָט געזאָגט שערעשעווסקי. — ער איז שוין אין צענטן קלאַס. און עטלעכע מאָנאַטן אַרום וועט ער באַקומען אַן אַטעסטאַט אויף ראַבינער.

— אָט דער? ער איז אייער זון? — האָט זיך יענקל געוואונדערט.

— נו, וואָס?

— אָבער ער האָט דאָך נישט דעם צלם־אלהים.

— בצלם אלהים זיינען באַשאַפן אַלע מענטשן, — האָט געזאָגט שערעשעווסקי. — אייך שאָקירט בודאי זיין אַנצוג?

— דעם אַנצוג בין איך אים מוחל, ער גאָלט דאָך אָבער די באָרד! און ער וועט דאָס זיין אַ רב בישראל? און דאָס איז

די פרוכט פון אייער שול? און דאָס קאָנט איר פאַרטראָגן? אָבער דער איסור פון גאָלן די באָרד איז דאָך עפּעס נישט קיין פאַנטאַזיע פון וועלכן ס'איז רב! דאָס איז דאָך אַ קלאָרער, נישט קיין צווײדייטיקער דין פון תורת־משה!!

—אונזער דירעקטאָר, פאַרשטייט איר מיך, איז אַ קריסט, און ריכטנ־דיק זיך לויטן אַלגעמיינעם געזעץ פאַר די מיטל־שולן, פאָדערט ער אויך פון די תּלמידים פון ראַבּינערשול, אַז זיי זאָלן גאָלן די בערד, ווי דאָס פאָדערט זיך פון די גימנאַזיסטן. דאָס איז, נאַטירלעך, נישט גוט, זייער נישט גוט. אָבער וואָס זאָל מען טאָן, אַז דאָס איז אַ שטרייִנגע פאָרשריפט פון דער מאַכט.
—וואָס זאָל מען טאָן? — האָט אויסגעשריען יענקל, אויפשפּרינגענ־דיק פון אָרט. — איר ווייסט גאַנץ גוט, וואָס מ'דאַרף טאָן ביי אַזעלכע פאַלן: יהרג ואַל יעבר—זיך לאָזן ממיתן און נישט עובר זיין אויפן דין. אָ, ווי איז מיר און ווינד! אַזויפיל יאָרן האָב איך געשטרעבט צום קוואַל פון חכמה און איצט, צוקומענדיק צו אים נאָענט, מוז איך אַנטלויפן פון אים, ווייל איך זע, אַז ער איז פול גיפט!

און זעגענענדיק זיך מיט שערעשעווסקין, באַדאַנקענדיק אים פאַר זיין אָפנהאַרציקייט, איז יענקל אַוועקגעפאָרן צוריק אַהיים. זיך מיט קיינעם אין ווילנע מער נישט געזען. אַנטטוישט אין זיינע שענסטע האָפנונגען, האָט ער זיך מיט חשק אַ נעם געטאָן צום דערגאַנצן זיינע ידיעות אין דער רבנישער ליטעראַטור און אין עטלעכע יאָר שפּעטער געוואָרן רב אין ווערכניעדניעפּראָווסק. דעמראָזיקן אַמט האָט ער בכּבוד געטראָגן אין אַ משך פון עטלעכע צענדליק יאָר ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן.

דער שיקזאַל האָט געוואָלט, אַז אין דערזעלביקער שטאָט זאָל חיים באַשטימט ווערן אַלס שטאָטישער דאָקטאָר, נאָכדעם ווי ער האָט געענדיקט די ראַבּינערשול אין זשיטאָמיר און שפּעטער דעם מעדיצינישן פאַקולטעט אין כאַרקאָווער אוניווערזיטעט.

אויב יענקל האָט אַזוי שטאַרק אָפּגעהיט זיין פּערזענלעכן גלויבן פון די פאַרשידענע אויסערלעכע השפּעות, האָט ער דאָס

אָבער נישט געקאָנט מקיים זיין. אין באַצוג צו זיינע קינדער, ס'האָט אים געפעלט די ווילנסקראַפט צו שטערן זיין געליבטער טאָכטער אָנצוקומען אין גימנאַזיע. נאָכן ענדיקן די גימנאַזיע איז זי אַריינגעצויגן געוואָרן אין שטראָם פון סאָציאַליזם, געוואָרן נאָנט מיט אייניעם פון די רעוואָלוציאָנערן, און אַז מ'האָט אים פאַראורטיילט אויף קאַטאָרגע, האָט זי מיט אים חופה געשטעלט און באַשלאָסן צו טיילן מיט אים זיינע צרות.

---

## XVII

## באַברויסק. מיינע ערשטע פעדער=נסיונות. קראַמשטיק. מיין אָפּפאָרן קיין זשיטאָמיר.

פאַרלירנדיק זיין פּאָסטן אין ביעליאָוועזש, האָט מיין פאָטער ענדלעך באַשלאָסן זיך אומצוקערן צו זיין פאַמיליע, נאָכדעם ווי ער האָט געלעבט ווייט פון איר אין אַ משך פון 18 יאָר צייט. אָנצעהויבן אַ נייע טעטיקייט, איז די קאַפּוליער אַרענע געווען פאַר אים צו קליין און, ליקווידירנדיק זיינע געשעפטן אין קאַפּוליע, איז ער מיט דער גאַנצער פאַמיליע אַריבערגעפאָרן אין זיין געבורטסשטאָט באַברויסק. דאָס אריבערוואַנדערן אויף אַ נייעם אָרט האָט פאַרשאַפט מיינע עלטערן פיל זאָרג, אָבער מער ווי אַלץ האָט זיי געקריינקט מיין לאַגע. איך בין שוין אַלט געווען גאַנצע 19 יאָר און נאָך נישט חתונה געהאַט. אַ חרפה און אַ בושה. און באַהאַלטן דידאָזיקע חרפה איז אוממעגלעך: אויף די באַקן און אויף דער גאָמבע וואַקסן שטאַרק און חוצפּהדיק שוואַרצע האָר, ווי צו להכעיס, כדי זיך נוקם צו זיין פאַרן ברעכן די געזעצן פון דער נאַטור און פון די גוטע

מנהגים. מ'האָט אָנגענומען עקסטרע מיטלען, וועלכע האָבן זיי דערפירט צום געווינשטן ציל. איך האָב חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון א רייכן אַרענדאַר, וואָס איר עלטערע שוועסטער איז געווען גרשונס ווייב, דעם שטאמצאטער פון די קאַפּוליער אַפּיקורסים.

אין באָברויסק האָט געהערשט דערזעלבער אָרטאָדאָקסישער גייסט ווי אין קאַפּוליע. די אָרטאָדאָקסיע גופא אָבער איז געווען אַ פאַרשיידנאַרטיקע אַ דאַנק דעם, וואָס די באַפעלקערונג איז באַשטאַנען פון חסידים און מתנגדים, וועלכע האָבן קאָנקורירט צווישן זיך מיט דער שטרייינגקייט פון זייערע זיטן. איבריקנס, האָבן זיך שוין די באברויסקער מתנגדים לאַנג איינגעלעבט מיט די ארטיקע חסדים (אַלע פון ליבאַוויטשער שניט), כאָטש יעדער פון דידאָזיקע צוויי רעליגיעזע גרופּן האָט געהאַט באַזונדערע שולן און באַזונדערע רבנים. דער ראש הרבנים ביי די מתנגדים איז דעמאָלט געווען מיין פעטער רבי אליהו גאָלדבערג (דערזעלבער, וואָס איז אַ מאָל אין דער יוגנט אין קאַפּוליע אַוועק אום יום־כפור פון דאַוונען אין שפּיטאָל אריין, כדי אָפּצוהיטן און קאָכן עסן פאַר די דאָרטיקע געפערלעכע קראַנקע), און דער חסידישער ראש־הרבנים איז געווען רבי הלל דער פארעטשער, דער תלמיד און די רעכטע האַנט פון רבי מענדל דעם ליבאַוויטשער. צו רבי הללן פלעגן די חסידים פאָרן ווי צו אַן אמתן צדיק, כאָטש ער איז געווען באַוואוסט בלויז אונטערן נאָמען „חוזר“, „דער איבערזאָגער“ ווייל ער האָט געלערנט דאָס פאָלק נישט אין זיין נאָמען, נאָר אין נאָמען פון רבי מענדעלען, איבערחזרנדיק און דערקלערנדיק זיינע רייד. כאָטש רבי אליהו און רבי הלל האָבן זיך ראַדיקאַל אונטערגעשיידט איינער פון צווייטן לויט זייערע רעליגיעזע אָנשויאונגען, האָבן זיי דאָך איינער דעם אַנדערן טיף געאַכט און זיינען אויך געווען שטאַרק געאַכט פון ביידע קהלות — פון דער חסידישער און דער מתנגדישער — פאַר זייערע אמתע פרומקייט.

נישט קוקנדיק אויף דער שטרייינגער פרומקייט, איז דאָס לעבן אין באָברויסק דאָך נישט געווען אַזוי פינסטער, אַזוי מאָנאטאָן

זוי אין קאַפּוליע. אָרעמקייט איז דאָ אויך געוועזן גענוג, דערפאַר זיינען אָבער אויך געווען אַ סך עשירים. אַ דאַנק דער אָרטיקער פעסטונג און דעם רייכטום פון די אַרומיקע וועלדער, זיינען אין באָברויסק געווען אַ סך גרויסע וואַלד-סוחרים און „פּאָדראַטשי-קעס". זיי אַלע האָבן געלעבט זייער ברייט, אָפּטמאָל נישט פון ליבע צו אַ ברייטן לעבן, נאָר כּדי צו סימולירן עשירות.
דידאָזיקע מסחרים האָבן אָפּט געגעבן גרויסע ריוחים, גאַנץ אָפּט האָבן זיי זיך אָבער אויך אויסגעלאָזן מיט גרויסע קראַכן. די פּאָדראַטשיקעס פלעגן זיך אָפּט נעמען פאַר אַזעלכע מסחרים, וואָס האָבן אַריבערגעשטיגן זייערע פינאַנציעלע כּוחות; אויב אָבער איין מסחר האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר זייער שלעכט, האָט געדראָט מיט אַ קראַך, פלעגט זיך דער פּאָדראַטשיק כאַפּן פאַר אַ צווייטן אין דער האָפנונג, אַז ער וועט אים ראַטעווען. אויב אָבער אויך דער צווייטער איז געווען שלעכט, האָט מען זיך גענומען צו אַ דריטן, אַ פערטן א. אַז. וו. צו וואָס דאָס וועט סוף כּול סוף פירן, — מכּח דעם איז קיין צייט נישט געווען צו קלערן און לעת-עתּה האָט מען „געדאַרפט זען," אַז דער ראָד זאָל זיך דרייען, ווייל אויב ער שטעלט זיך, הלילה, אָפּ אויף איין רגע, גייט אַלץ צום גרונט. כּדי דער ראָד זאָל זיך דרייען, האָט מען געמוזט האָבן קרעדיט, און אַ קרעדיט אַ ברייטן. און דעריבער האָבן די פּאָדראַטשיקעס געמוזט פאַרבלענדן מענטשן די אויגן מיט זייערע רייך-מעבלירטע וואוינונגען, מיט די ברי-ליאַנטן פון זייערע ווייבער, מיט זייערע ברייטע נדבות, מיט די טייערע געשפּאַנען א. אַז. וו. אין באָברויסק זיינען אין יענער צייט געווען אַן ערך צען „משכּלים", נסתּרים ויגלים, באַהאַלטענע און אָפענע, מיט וועלכע איך האָב זיך באַלד באַ-קאַנט.
אַלע זיינען זיי געווען גרויסע אָנהייגער פון בילדונג און פון דער העברייאישער ליטעראַטור. ביי זיי אין די הייזער פלעגן פאָרקומען הייסע וכּוחים מכּח די פראַגן פון יידישן לעבן, וואָס זיינען דעמאָלט געשטאַנען אויף דער טאָגאָרדנונג; דאָרט האָט מען געקאָנט הערן די כאַראַקטעריסטיק פון יעדן נייעם בוך,

די דעבאַטן מכח די וויכטיקסטע צייטונגס־אַרטיקלען אין דער העבּ־רייאישער פּרעסע. העברייאישע צייטונגען! וואָס פאַר אַ וויכטיק נייס! זייער דערשיינען גופא איז שוין געווען אַ רוף פון דער צייט און זייער פאַרהעלטניסמעסיקער ערפאָלג האָט שוין עדות געזאָגט וועגן דעם, אַז די קולטורעלע אידייען האָבן געהאַט זייער השפעה אויפן פאָלק. די יונגע יידישע זשורנאַליסטיק פון איר זייט איז געווען אַ מעכטיקער געווער אין די הענט פון די קולטור־טרעגער, כדי צו פּראָפּאַגאַנדירן די נייע אידייען צווישן די ברייטע פאָלקס־מאַסן. די ערשטע צייטונג — אַ וואָכנבלאַט („דער המגיד") איז דערשינען אין ליק, אין פּרייסן, נאָך אין סוף פון די פופציקער יאָרן; נאָך איר זיינען געקומען דער „הכרמל" אין ווילנע און דער „המליץ" אין אָדעס. ס׳פאַרשטייט זיך, אַז אין אונזער קרייזל זיינען געווען אַלע צייטונגען. דער טאָג, אין וועלכן מיר פלעגן באַקומען די צייטונגען, איז פאַר אונז געווען אַן אמתער יום־טוב. מיר האָבן זיך נישט געקאָנט דערוואַרטן ביז מ׳וועט זיי אונז ברייגנען אַהיים, נאָר פלעגן לויפן אויף פּאָסט און לייענען גייענדיק אויפן גאַס. און ווי אַזוי פלעגן מיר לייענען! מיר האָבן געלייענט מיט התלהבות, געלייענט פון וואָרט צו וואָרט, פון אָנהויב ביזן סוף, פון טיטל ביז די מודעות. דאָ איז אַלץ געווען וויכטיק, און אַלץ איז געשריבן געווען מיטן הויכן סגנון, און אַלץ האָט געפלאַקערט מיט דער ליבע צו דער „השכלה". נישט נאָר ערנסטע אַרטיקלען און שירים, נאָר אַפילו די קליי־ניקע קאָרעספּאָנדענציעס מכח אַ שרפה אָדער אַן איינגעפאַלענע באָד אין יועלכן ס׳איז פאַרוואָרפענעם שטעטל, האָבן זיך אומ־באַדינגט געענדיקט מיט אַן אָנווייז אויף דער נויטווענדיקייט פון דער „השכלה." קיין האָנאָראַר האָבן די מיטאַרבעטער נישט באַקומען און קיינעם פון זיי איז לגמרי נישט איינגעפאַלן, אַז מ׳דאַרף גאָר פאָדערן באַלוינונג פאַר אַזאַ מין הייליקן ענין; דערפאַר אָבער האָבן זיי געהאַט אַ הויכע מאָראַלישע באַפרידי־קונג. ס׳איז דעמאָלט נישט געווען קיין קלייניקייט, אַז מ׳איז זוכה געווען צו זען אַן אַרטיקל געדרוקט אין צייטונג. נישט בלויז דורך אַ שיר, נאָר דורך אַ פשוטער קאָרעספּאָנדענץ איז איר מחבר

געוואָרן באַרימט, אין אַ געוויסן זין — זאָגאַר אומשטערבלעך. באַלד איז אויך מיר באַשערט געוואָרן דאָס גליק אַריינצופאַלן „אין די רייען פון די אומשטערבלעכע.“ איך האָב אָנגעשריבן אַ בריוו אין דער רעדאַקציע פון „המליץ“, וואו איך האָב גע־שילדערט מיט שווארצע פאַרבן די אָרטיקע „חברה קדשא,“ וואָס אירע מיטגלידער זיינען געווען די עקסטרעמסטע אָרטאָדאָקסן און די אָנגעזעענסטע באַלעבאַטים פון שטאָט. דעמדאָזיקן בריוו האָב איך אַריינגעוואָרפן אין פאָסט־קעסטל כלאַחר־יד, נישט האָפנדיק לחלוטין, אַז ער זאָל זוכה זיין דעם כבוד פון געדרוקט צו ווערן. אָבער ווי גרויס איז געווען מיין שמחה, אַז איך האָב אין אַ קורצע צייט אַרום, עפענענדיק אַ פרישן נומער „המליץ“ דערזען אין אים מיין בריוו, אַן אָפּגעדרוקטן וואָרט ביי וואָרט און אונטער אים מיין נאָמען ממש, שוואַרץ אויף ווייס. גאָט איינציקער, צי דען איז עס נישט קיין חלום, נישט קיין איינ־בילדונג? איך בין מיט אַ מאָל אויסגעוואַקסן אין מיינע אייגענע אויגן און מיר האָט זיך געדאַכט, אז איך בין געוואָרן גרויס אויך אין די אויגן פון די אַרומיקע, אַז אין בית־המדרש און אויפן גאַס ווייסן שוין אַלע, וואָס איך בין געוואָרן און קוקן אויף מיר מיט גרויס יראת־הכבוד.

אָבער אויף דער וועלט, ווי באַוואוסט, גיט זיך קיין זאך נישט אומזיקסט, און מיין גליק איז אין דער הינזיכט נישט געווען קיין אויסנאַם: גאַנץ טייער האָב איך פאַר אים באַצאָלט. דערוויסנ־דיק זיך מכח מיין קאָרעספּאָנדענץ, האָבן זיך די אַלמעכטיקע חברה־קדישא־לייט אָנגעצונדן, מה גם, אַז דער פאַקט, וועלכן איך האָב געשילדערט וועגן דער גייציקייט און דער הפקרות פון דער חברה, איז געווען אַן אמתער, גענומען פון לעבן. תיכף האָט מען צונויפגערופן אַן אויסעראָרדנטלעכע אַלגעמיינע פאַר־זאַמלונג, וועלכע האָט מיך פאַרמשפט צו דער גרעסטער שטראָף, צו „קבורת־חמור“, ד. ה. צום אָפּנעמען ביי מיר דאָס רעכט אויף די אָנגענומענע מנהגים און כבודים בעת דער קבורה און מיך מקבר צו זיין הינטערן בית־עולם־פּאַרקאַן. דעראָזיקער שרעק־לעכער אורטייל, וואָס איז פאַרשריבן געוואָרן אין פנקס פון

דער חברה, כדי אים זיינער צייט פינקטלעך דורכצופירן, האָט מיר ממש צעטומלט דעם מח מיט זיין אומגערעכטיקייט און גרויזאַמקייט. באַלד האָב איך זיך אָבער געכאַפּט, אַז אַזאַ שענדלעכע קבורה וועל איך זיך דאָך אונטערוואַרפן נישט תיכף, נאָר ווען ס'איז, בעת מיר וועט זיך פאַרגלוסטן צו שטאַרבן, און אַז דערצו קאָן מיר נאָך אפשר גאָר דער טויט פאַרכאַפּן אין אַן אַנדער אָרט, אויסערן גבול פון דער באָברויסקער חברה־קדישא, און דעריבער האָב איך זיך טאַקע לגמרי באַרואיקט. און פון דעמדאָזיקן גאַנצן אינצידענט, וואָס האָט אָנגעמאַכט אין שטאָט אַן אמתע מהומה, איז מיר בלויז געבליבן דאָס שטאָלצע באַוואוסטזיין פון מיין ליטעראַרישער באַרימטקייט און אויך דער אָרעאָל פון ליידן פאַרן אמת און פאַר דער גערעכטיקייט. און ארויסטרעטנדיק איינמאָל אויף דער קאַמף־אַרענע מיט דער אַלמעכטיקער פינסטערניש, האָב איך נאָר געוואַרט אויף אַ צופאַל זיך צו מעסטן מיט איר מיט מיינע כחות. און גאָר גיך האָט זיך מיר אַזאַ צופאַל פאָרגעשטעלט. דער אויבנדערמאָנטער באָברויסקער חסידישער רב, רבי הלל, האָט אַרויסגעגעבן אַן אסור, וואָס האָט פאַרווערט די יידישע פרויען צו טראָגן קרי־נאָלינעס. אויב זיי וועלן עס נישט מקיים זיין, וועט מען זיי אַריינלייגן אין חרם. די איצטיקע לעזער און לעזערינס ווייסן בודאי נישט די באַדייטונג פון וואָרט „קרינאָלינע“, אין די 50־קער און 60־קער יאָרן זיינען אָבער די קרינאָלינעס געווען זייער אין דער מאָדע און טאַקע דעריבער ביי אַלעמען אויפן צונג. דאָס זיינען געווען דאַמען־קליידער פון אַ זעלטענער פאָרם. זייער שמאָל אין טאַליע, זיינען זיי נאָכן טאַליע געגאַנגען אַלץ ברייטער און ברייטער און האָבן זיך אונטן פאַרענדיקט מיט אַן אַריינגעשטעלטן רייף פון פישביין אָדער שטאָף, וואָס האָט געהאַלטן אין דער ברייט עטלעכע אַרשין, פאָרשטעלנדיק מיט זיך אַ פּיראַמידע מיט אַ שמאָלן שפּיץ, בעת דער אויבערשטער טייל פון קערפּער — פון דער שמאָלער טאַליע ביז צו די אַקסלען, האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט — כסדר זיך פאַרברייטערנדיק — באַטירלעך אָדער קינסטלעך, אַ פּיראַמידע, איבערגעקערט מיטן

קאָפּ אַראָפּ. מיט איין וואָרט, דידאָזיקע מאָדע איז געווען זייער פאַנטאַסטיש און עלעגאַנט, און די יידישע טעכטער, וואָס נאָך אין ישעיהוס צייטן זיינען זיי שוין געווען אנהייגערינס פון אַלע מאָדעס, האָבן זיך אָנגעכאַפּט אין דער נייער מאָדע, ווי נאָר זי האָט געמאַכט איר לאַנגן וועג פון פּאַריז ביזן תחום־המושב; זיי האָבן זיך אָבער אַזוי שטאַרק צוגעכאַפּט צו איר ביז, ווי דער שטייגער איז, מ'האָט טאַקע אַריבערגעכאַפּט די מאָס, ווי זאָגט מען דאָס, איבערגעזאַלצן און דערפירט די ברייט פון די רייפן ביז צו אן א מגאַטירלעכער מאָס. קיין שלימות איז דאָך אָבער אויף דער וועלט נישט פאַראַן. און דידאָזיקע גרויסאַרטיקע מאָדע האָט טאַקע אויך געהאַט אין זיך אַ קליינע אומבאַקוועמלעכקייט: בעת די דאַמע פלעגט זיצן און איבער־הויפּט ביים ליגן, האָט זיך דער רייף אינאיינעם מיטן קלייד אויפגעהויבן אין דער הויך. אָט פאַרוואָס, נאַטירלעך, אונזער רבי איז שטאַרק אויפגעבראַכט געוואָרן פון דערדאָזיקער חוצפה, פון די הרהורים רעים, וועלכע ווערן אַרויסגערופן דורך די קרי־נאָלינעס, און האָט אַרויסגעגעבן זיין שטרענגען אסור. ס'איז שווער צו שילדערן מיט ווערטער די ענוים, וועלכע ס'האָבן איבערגע־לעבט די רעפּרעזענטאַנטינס פון מין היפה, דוקא פון חסידישן עולם, בעת ס'איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דערדאָזיקער דעקרעט. די צרות האָבן זיך נאָך פאַרשטאַרקט דורך דער קנאה צו די שכנות און חברטעס פון מתנגדישן לאַגער, וואָס אויף זיי איז רבי הללס אסור נישט חל געווען און דעריבער האָבן זיי טאַקע ווייטער שטאָלצירט מיט זייערע קרינאָלינעס. דורכגעדרונגען מיט א טיפן מיטגעפיל צו די גרויסע ליידן פון מין היפה און אויפגערעגט פון דער עובדא, וואָס דער קלער מישט זיך אַריין אין אַ לגמרי פאַר אים פרעמדן געביט, אין די ווייבערשע טואַלעטן, האָב איך אַרומגעשריבן דעמדאָזיקן אינצידענט אין אַ הומאָריס־טיש־גיפטיקן טאָן אין אַ בריוו צום רעדאַקטאָר פון „המליץ", צעדערבוימען, וועלכער האָט אים תיכף געדרוקט, צוגעבנדיק צו אים פון זיין זייט אַ לאַנגע, איראָנישע באַמערקונג. דערדאָזיקער בריוו, ווי מ'האָט עס געקאָנט דערוואַרטן, האָט אַרויסגערופן אַ

גרויסע מהומה אין דער באָברויסקער חסידישער סביבה. צום גליק בין איך דעם מאָל געווען פאָרזיכטיקער, זיך אָפּגעזאָגט פון דעם כבוד צו פיגורירן אַלס מחבר און זיך אונטערגעשריבן מיט אַ פּסעוודאָנים. פונדעסטוועגן האָבן אַלע געטייטלט אויף מיר מיט די פינגער אַלס אויפן מחבר פון דעמדאָזיקן חוצפּה־דיקן אַרטיקל, און נאָר דער מאַנגל פון ריכטיקע באַווייזן האָט מיך געראַטעוועט פון חרם. מיינע גוטע פריינט, די פאַרבאָרגענע אַפּיקורסים פון דער חסידישער סביבה, האָבן מיך געוואָרנט איך זאָל נישט אַרויסגיין ביינאַכט אַליין אין גאַס.

מיין רעפּוטאַציע אַלס אַפּיקורס האָט זיך באַלד אינגאַנצן פאַר־פעסטיקט דורך מיין שיר אין די צייטונג „הכרמל" אונטערן טיטול „אמת ואמונה", וואו דער אמת איז געווען געגליכן צום מאור־היום, און דער גלויבן — צום מאור־הלילה. בלייבן לייגנ־גער אין באָברויסק מיט אַזאַ רעפּוטאַציע, איז געווען אוממעג־לעך, — און איך האָב באַשלאָסן תיכף דורכצופירן מיין לאַנג־יעריקן געדאַנק און אָנקומען אין עפּעס אַ ראַבינער־שול, מה גם, אַז די קעסט יאָרן, וואָס מיין פאָטער האָט מיר צוגעזאָגט האָבן זיך שוין באַלד געדאַרפט ענדיקן. איצט — אָדער קיינמאָל נישט! — האָב איך מיר געזאָגט און, באַקומענדיק די הסכמה פון מיין ווייב, האָב איך זיך גענומען מכין צו זיין אין וועג אַריין.

אין יענער צייט — די צייט פון פּוילישן אויפשטאַנד — האָט מען געבראַכט אין באָברויסקער פעסטונג צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע פּוילישע פּאָווסטאַנצעס דעם וואַרשעווער פריידיקער יצחק קראַמשטיק, וועלכער איז געפאַלן אַ קרבן פאַר זיין פּוילישן פּאַטריאָטיזם, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין זיינע התלהבותדיקע דרשות אין דער רעפאָרמירטער שול אויף נאַלעווקיס. מיין פאָטער, וועלכער פלעגט אָפט קומען קיין וואַרשע און הערן זיינע טאַלאַנטפולע דרשות, האָט זיך שטאַרק פאַראינטערעסירט מיט זיין לאַגע און דורך דער הילף פון איינפלוסרייכע פּאָדראַטשיקעס איז אים געלונגען צו פאַרלייכ־טערן קראַמשטיקס ליידן. באַלד האָט מען אים אַלס בלומרשטן

קראַנקן, אַריבערגעפירט פון טורמע אין שפּיטאָל אין אַ גרויר סער, ליכטיקער אפּיצירן־פּאַלאַטע, וואו די אָרטיקע יידן האָבן אים אָפט באַזוכט, כאָטש ער איז ווייניק וואָס ענלעך געווען צו די געוויינלעכע יידישע מגידים. באַלד האָבן זיך אויך די פּאָליאַקן דערוואוסט, אַז קראַמשטיק געפינט זיך אין באָברויסקער פעסטונג און פון פאַרשידענע ערטער פון צפון־מערב־קאַנט האָבן אָנגעהויבן וואַנדערן צום „רב, דעם פּאַטריאָט" פּוילישע מאַגנאַטן און מאַגנאַטקעס, פלעגן אים ברענגען סומען געלט, פאַרשידענע מאכלים און גוטע ווייַנען. מיט איין וואָרט, אים האָט זיך געלעבט ביי אונז גאָר נישט שלעכט. איך בין געווען אַן אָפטער גאַסט ביי קראַמשטיקן און פלעג אָפּזיצן ביי אים שעהנלאַנג. דערוויסנדיק זיך מכח מיין באַ־שלוס, האָט ער מיך באַוואָרנט צו פאָרן נישט קיין ווילנע, גאָר קיין זשיטאָמיר, וואוהין ס'איז דעמאָלט, נאָכן טויט פון יעקב אייכנבוימען, דער אינספּעקטאָר פון ראַבינער־שול, באַשטימט געוואָרן חיים זעליג סלאָנימסקי, דער רעדאַקטאָר פון „הצפירה", וועלכע איז אַרויסגעגאַנגען אין וואַרשע. קראַמשטיק איז גע־ווען גוט באַקאַנט מיט סלאָנימסקין און האָט מיר צוגעזאָגט מיך פאָרצושטעלן פאַר אים פון דער בעסטער זייט. איצט איז די זאַך געווען פעסט באַשלאָסן. מיט אַ וואַרעמען בריוו פון קראַמשטיקן צו סלאָנימסקין האָב איך זיך צום צווייטן מאָל אַוועקגעלאָזן אין מיין מעקא און דאָס מאָל בין איך אַהין אָנגעקומען אָן שום שטערונגען.

---

